

MAJOR FUNDING FOR THE
YIZKOR BOOK PROJECT WAS PROVIDED BY:

*Harry and Lillian Freedman Fund*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*David and Barbara Margulies*
*The Nash Family Foundation*
*Harris Rosen*
*David and Sylvia Steiner*
*Ruth Taubman*



*Original publication data*

| | |
|---|---|
| TITLE | Ḥurbn Ṭshensṭokhoṿ / Shelemoh Ṿage. |
| IMPRINT | Buenos Ayres : Tsenṭral-farband fun Poylishe Yidn in Argenṭine, 1949 |
| DESCRIPT | 231 p. : ill., map ; 21 cm. |
| SUBJECT | Jews -- Poland -- Czestochowa. |
| | Częstochowa (Poland) -- Ethnic relations. |
| | Holocaust, Jewish (1939-1945) -- Poland -- Częstochowa. |
| ADD'L TITLE | Churbn Czenstochow (Destrucción de Chenstojowa) |

THIS BOOK MEETS A.N.S.I. STANDARDS FOR
PAPER PERMANENCE AND LIBRARY BINDING.

PRINTED IN THE U.S.A.



ביכער-סעריע

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

## 46

רעדאַקטאָר:

מאַרק טורקאָוו

פאַרלאַגס-לייטער:

אברהם מיטלבערג

מ. פייגענבלום

די רשימה פון דערשינענע בענד — צום סוף פונעם בוך

Waga

שלמה וואַגאַ

# חורבן טשענסטאָכאָוו



ארויסגעגעבן דורכן
צענטראַל פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין ארגענטינע
צוזאמען מיטן
טשענסטאָכאָווער לאנדס - לייט פאריין אין ארגענטינע
בוענאָס איירעס 1949

דאָס דאָזיקע בוך וועגן דעם חורבן פון אונדזער היים־שטאָט טשענסטאָכאָוו איז געווידמעט דעם הייליקן אָנדענק פון:

מיין פאָטער יעקב צבי וואגא

מיין מוטערביילע גיטל וואגא

מיין ברודער משה און זיין פרוי חנה וואגא

ווי אויך זייערע קינדער שרהלע און חוהלע וואגא

וואָס זענען אומגעבראכט געוואָרן דורך די דייטשן.

דער מחבר.

## אינהאלט:

# I

## די דייטשן אין טשענסטאָכאָווו

שוין אין דעם ערשטן מלחמה־טאָג, פרייטיק, דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, איז קלאָר געוואָרן, אַז די דייטשן פאַרנעמען טשענסטאָכאָוו. מיט אַ געוואַלדיקן כּוח זענען זיי אַקעגנגעקומען דעם פּוילישן מיליטער, וואָס האָט אָפּגעצויגן טיף אין לאַנד.

אַ פּאַנישע שטימונג האָט אַרומגעכאַפּט די גאַנצע באַפעלקערונג, וועלכע האָט זיך אַ לאָז־געטון נאָכן אָפּטרעטנדיקן מיליטער, איבערלאָזנ־דיק אַלץ אויף הפקר. די לעצטע באַנען און פּריוואַטע אויטאָס, וואָס זענען אָפּגעגאַנגען אין דער ריכטונג פון וואַרשע, קעלץ און אַנדערע שטעט, זענען געווען איבערפולט מיט מענטשן.

אַנטלויפן וואָס ווייטער — איז געווען דאָס איינציקע געפיל פון דער באַפעלקערונג, וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט דער מורא פאַר די אָנקומענדיקע דייטשן.

פרייטיק פאַרנאַכט האָבן דורך דער שטאָט דורכמאַרשירט טויזנטער פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, צו פוס און מיט וועגענער צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס און זייערע בהמות און מיט אַלעם, וואָס זיי האָבן נאָר געקענט מיט זיך מיטנעמען.

די שאָסייען און וועגן זענען אַזוי איבערגעפולט געוואָרן מיט דער וואַנדערנדיקער מענטשן־מאַסע, אַז דאָס אָפּציענדיקע פּוילישע מיליטער האָט געמוזט אָנווענדן גרויסע אָנשטרענגונגען, בכדי זיך דורכצושלאָגן אַ וועג פאַרן ווייטערדיקן אָפּמאַרש.

איבער די שאָסייען האָבן זיך באַלד באַוויזן דייטשע אַעראָפּלאַנען. וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט גאָר נידעריק און מיט מאַשין־געווער באַ־שאָסן די פּאַניש־אַנטלויפנדיקע מענטשן, וועלכע האָבן איבערגעלאָזט אויף הפקר זייערע זאַכן און בהמות, בכדי אָפּצוראַטעווען דאָס אייגענע לעבן. עס זענען גלייך געפאַלן טויטע, וואָס האָבן באַדעקט די וועגן פון די אַנטלויפנדיקע.

ווען די לעצטע פּוילישע מיליטער־אָפּטיילונגען האָבן פאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו, זענען די בריקן אויפגעריסן געוואָרן און די שטאָט איז אָפּגעשניטן געוואָרן פאַר די, וואָס האָבן זיך שפּעטער געוואָלט לאָזן אין וועג־אַריין.

זונטיק, דעם דריטן מלחמה־טאָג, אַזייגער צען פרי, האָבן זיך אין דער שטאָט באַוויזן די ערשטע דייטשע פאָרפּאָסטנס און פּאַטרולן, וואָס זענען מיט טאַנקען דורכגעפאָרן די גאַסן. עס איז געווען אַ שיין זומערדיק וועטער. די איבערגעשראָקענע באַפעלקערונג האָט מיט גרויס פאָרזיכטי־קייט אָנגעהויבן אַרויסקוקן דורך די פענסטער און זעענדיק, אַז עס איז רואיק, איז מען לאַנגזאַם, כאָטש נישט זיכער, אַרויס אויף די גאַסן.

די איינצעלנע דייטשע מיליטערלייט האָבן זיך ביסלעכווייז דערנענ־טערט צו די ציווילע מענטשן, פאַרפירט מיט זיי שמועסן, אפילו מיט יידן אויך.

דעם זעלביקן טאָג, אין די נאָכמיטאָג־שעהן, האָבן זיך אין דער שטאָט באַוויזן גרויסע אָפּטיילונגען פון דייטשן מיליטער. אַ סך פון זיי זענען אַריין אין די פריוואַטע הייזער זיך וואַשן און טרינקען אביסל וואַסער.

די באַפעלקערונג האָט זיך גלייך אָפּגעגעבן חשבון, אַז די שטאָט געפינט זיך אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע און עס האָט געהערשט אַ דערדריקנדיקע שטימונג.

II

# דער בלוטיקער מאָנטיק

צומאָרגנס, מאָנטיק, אין פערטן מלחמה־טאָג, איז פארעפנטלעכט געוואָרן די ערשטע דייטשע פאראָרדענונג, אז עס זאָלן גלייך געעפנט ווערן אלע געשעפטן. די איינוווינער פון דער שטאָט האָבן זיך אָנגעהויבן באַוועגן איבער די גאסן. פלוצים זענען די פארבייגייער אויפגעציטערט געוואָרן, זעענדיק ווי דייטשע מיליטער פירט אונטער א שטרענגער באוואכונג מיט אָנגעשטעלטע ביקסן א גרויסע גרופּע מענטשן מיט אויפגעהויבענע הענט אין דער הויך. א סך פון די מענטשן זענען געווען האלב־אָנגעטון. דאָס דאָזיקע בילד האָט אויף אלעמען געמאכט א דערשיטערנדיקן איינדרוק, ווייל עס איז קלאָר געוואָרן, אז דער טעראָר הייבט זיך אָן.

מיט צוויי שעה שפּעטער, זייענדיק אין מיין וווינונג, האָבן מיר דער־הערט א שיסעריי, וואָס האָט זיך יעדע מינוט פארשטארקט. אלע זענען ארומגעכאפּט געוואָרן פון א שרעק. פלוצלינג דערהערן מיר א קלאַפּן אין אונדזער טיר און פארצווייפלטע אויסרופן:

— האָט רחמנות! לאָזט אריין!

מיר האָבן גלייך געעפנט די טיר און עס זענען אריין אין אונדזער וווינונג עטלעכע יידן, וועלכע האָבן אונדז דערציילט, אז די דייטשן יאָגן זיך נאָך מענטשן און שיסן צו די דורכגייער. עס האָט לאנג נישט געדויערט, ווי די דייטשן האָבן זיך אריינגעריסן אין די פּריוואטע וווינונגען און אלע־מען ארויסגעטריבן אויף דער גאס.

אויך אונדזער וווינונג האָבן זיי נישט דורכגעלאָזט. קלאַפּנדיק מיט די קאָלבעס אין די טירן האָבן זיי געהייסן זיך אריינלאָזן. ווען איך האָב געעפנט די טיר, זענען זיי אריין אין דער וווינונג און עס איז געפאלן דער באפעל פון א זעלנער:

— די הענט אין דער הויך, אלע ארויס!

איילענדיק ווערן מיר ארויסגעטריבן אויפן הויף, וווּ עס געפינען זיך

שוין אנדערע שכנים און מען פירט אונדז ארויס אויף דער גאס, ווערנדיק געטריבן פונקט ווי די מענטשן, וועלכע מיר האָבן געזען אויף דער גאס פארמיטאָג.

די גאסן זענען פול מיט מיליטער. זייער געווער איז אָנגעשטעלט אין אונדזער ריכטונג און ווען אונדזערע בליקן טרעפן זיך מיט זייערע, לאכן זיי אונדז אין פּנים אריין. אז זיי דערקענען א ייד, שלאָגן זיי אים מיט דער קאלבע איבערן קאָפּ.

מארשירנדיק דורך די גאסן האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף נאָך גרופּן. וואָס זענען אויך ארויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע היימען.

מען האָט אונדז גלייך אָנגעהויבן סאָרטירן — מענער באזונדער און פרויען באזונדער. די דייטשן האָבן דאן אָפּגעציילט צווייהונדערט פערזאָן פון אונדזער גרופּע און צווינגענדיק אונדז כסדר צו האלטן די הענט אין דער הויך, האָט מען אונדז שנעל געטריבן צו דער געביידע פון דער שטאָט־פארוואלטונג. ביי גרויסע גריבער, וואָס זענען דאָ געווען אויסגעגראָבן און האָבן געזאָלט דינען אלס לופטשוץ־קעלערן, האָבן אונדז שוין אָפּגע־ווארט דייטשע מיליטערלייט מיט מאשין־געווער אין די הענט. איינער פון זיי האָט הויך אויסגערופן :

— דאָס זענען זיי, די הינט, אלע וועלן באלד דערשאָסן ווערן און מען וועט זיי ארייננווארפן אין די גריבער...

א שרעק איז אונדז אלעמען באפאלן. פון מידקייט האָבן מיר מער נישט געקענט האלטן די הענט אויסגעצויגן אין דער הויך, נאָר זיי זענען אונדז אראָפּגעפאלן אויף די קעפּ. קוים באוועגנדיק מיט די ליפּן האָבן מיר איינער דעם אנדערן געפרעגט, צי זענען דאָס שוין טאקע אונדזערע לעצטע מינוטן... א טייל מענטשן האָבן שטילערהייט תפילה־געטון.

דערביי דארף דערמאָנט ווערן פאָלגנדיקער כאראקטעריסטישער עפּי־זאָד, וואָס האָט זיך אין יענע שרעקלעכע מינוטן פארלאָפן אויפן פּלאַץ: א יידישער יונגערמאן פון א יאָר עטלעכע און דרייסיק, שטייענדיק מיט אונדז אלעמען אין דער רייע, האָט שרעקלעך געציטערט און דערביי האָט

זיך די אורין אָנגעהויבן ניסן פון די הויזן. דאָס האָט באַמערקט איינער פון די אָפיצירן, וואָס איז געשטאַנען נעבן אונדז, ער האָט זיך דערנענטערט צום בחור און אים א פרעג־געטון:

— וואָס ציטערסטו, חזיר איינער? איצט האָסטו מורא... פאַרוואָס האָסטו געשאָסן אויף אונדזער מיליטער?

דערהערנדיק אזא מין לשון, האָבן מיר גלייך אלע פארשטאַנען, ווו מיר האַלטן אין דער וועלט. אונדזערע געדאַנקען זענען גלייך איבערגע־ריסן געוואָרן, ווען א פּאָליאַק, וואָס איז געשטאַנען אין אונדזער רייע, האָט זיך פּלוצלינג אָנגערופן מיט א געבראָכענעם דייטש צום אָפיציר:

— פערפלוכטער יודע, ער איז שולדיק, מיר זענען אומשולדיק...

דער אָפיציר האָט אים אָבער שנעל בארואיקט:

— מיר וועלן שוין מיט די יידן פארטיק ווערן...

נאָכן אָפּהאַלטן אונדז אין א שטייענדיקער פּאָזיציע אונטער דער ברענענדיקער זון גאַנצע צוויי שעה צייט, נישט לאָזנדיק אונדז זיך א ריר טון פונעם אָרט, זענען פון דעם בנין פון דער שטאָט־פארוואַלטונג ארויס 10 מיליטערלייט און אָנגעהויבן רעווידירן יעדן איינעם פון אונדז. ווער עס האָט געהאַט ביי זיך א ראַזיר־מעסערל, א טאַשן־מעסערל אָדער אן אנדערע שארפע זאַך, האָט גלייך געמוזט ארייַנשפּרינגען אין איינעם פון די גריבער, וועלכע זענען געווען ארומגעשטעלט מיט מיליטער, וואָס האָט כסדר געשאָסן צו די מענטשן אין די גריבער.

אויב עמיצער האָט ביי זיך קיין שום שארפע זאַך נישט געהאַט, איז זיין גורל געווען אָפּהענגיק פון דעם מיליטערמאַן, וואָס האָט אים רעווידירט: צי ער איז דעם מיליטערמאַן געפעלן געוואָרן אָדער נישט. דאָס אויסקלויבן די מענטשן צום טויט איז אזוי שנעל צוגעגאַנגען, אז ביי די גריבער האָבן זיך שוין געשאַפן רייען מיט מענטשן, וואָס האָבן געוואַרט אויפן טויט. צוקוקנדיק זיך ווי די עקזעקוציע קומט פאָר, האָבן די מענטשן זיך די הענט געבראָכן, די האָר געריסן און זיך געשליידערט אויף דער ערד שרייענ־דיק און רופנדיק הילף מיט די לעצטע כוחות.

## ש ל מ ה ווא ג א

איך בין געשטאַנען אינדערמיט פון דער גרופּע און געוואַרט אויף מיין רייע רעווידירט צו ווערן. עפּעס א געהיימע קראַפט האָט מיך אַרויס־געשטויסן פון דער רייע, כ'בין צוגעגאַנגען צו א דייטש, וועמענס בליקן עס האָבן מיר אויסגעוויזן צו זיין עפּעס מילדער, איך האָב אויפגעקנעפּלט דעם ראָק, אַרויסגענומען אַלץ, וואָס כ'האָב געהאַט אין די טאַשן, א בליי־שטיפט, א פעדער, א פּאָרטפעל, א נאָזטיכל און איבערגעבנדיק דאָס אַלץ דעם דייטש, האָב איך אים געזאָגט:

— זעט, מער האָב איך ביי זיך גאָרנישט, אָבער אינדערהיים האָב איך איבערגעלאָזט אַלטע עלטערן, א פרוי מיט א קינד, וואָס אָן מיר קענען זיי נישט לעבן.

דער דייטש האָט אויף מיר געוואָרפן זיין בליק און מיר געהייסן זיך שטעלן לינקס, ד"ה צווישן די, וואָס מען האָט געלאָזט ביים לעבן. איך האָב פרייער אָפּגעעטעמט.

שטייענדיק אזוי אין דער גרופּע אָפּגעראַטעוועטע, מיט די הענט אין דער הויך און מיטן פּנים צום גרוב, ווו מען האָט אומגעבראַכט די ערשטע טשענסטאָכאָווער קרבנות, האָב איך באַמערקט, ווי דער פּאָליאַק, וואָס האָט געמסרט דעם ציטערדיקן ייד פון אונדזער רייע, ווערט אַריינגעשטופּט אין גרוב אַריין און א דייטש האָט גלייך צו אים אַריינגעשאָסן. דאַקעגן דער ציטערדיקער יונגערמאַן איז געשטעלט געוואָרן אין דער גרופּע גע־ראַטעוועטע.

דער יונגערמאַן, א רעליגיעזער, גלויבט זיך אַליין נישט זיין גליק און זאָגט:

— גאָט האָט זיך איבער מיר דערבאַרעמט און באַשטראָפט דעם רשע, וואָס האָט מיך געמסרט...

קוים א דריטל פון די מענטשן, וואָס זענען מיט אונדז געטריבן גע־וואָרן צו די גריבער, זענען געבליבן לעבן.

אינצווישנצייט האָט מען פון פאַרשידענע שטאָט־טיילן געבראַכט נייע גרופּן מענטשן, וועמענס גורל איז געווען דער זעלביקער, וואָס מיט אונדזער גרופּע.

ווער ווייסט ווי לאנג די עקזעקוציעס וואָלטן נאָך אָנגעהאלטן, ווען עס דערהערט זיך נישט פּלוצלינג א געוואלדיקער לופט־אלארם און א שי־סעריי צו די פּוילישע אוויאָנען, וואָס האָבן זיך באוויזן איבער דער שטאָט. די דייטשן האָבן באפוילן, אז אלע זאָלן זיך לייגן אויף דער ערד. דאָס זעלביקע האָבן אויך געטון די דייטשע זעלנער, וועלכע זענען געלעגן אויף דער ערד מיט זייערע ביקסן געצילט אין אונדזער ריכטונג. דערביי פאלט א באפעל:

— ווער עס וועט זיך רירן פון אָרט אָדער אויפהייבן דעם קאָפּ, וועט גלייך דערשאָסן ווערן.

מיר האָבן זיך באמיט איינצוגראָבן אונדזערע קעפּ אין דער ערד. די שיסעריי איז געוואָרן אלץ שטארקער און שטארקער. די קוילן זענען געפלויגן ממש איבער אונדזערע קערפּערס און מיר זענען געווען זיכער, אז קיין לעבעדיקע וועלן מיר שוין סיי ווי נישט ארויס. יידן האָבן גערופן „שמע ישראל" און געזאָגט תהילים. אויך די קריסטן האָבן גערופן צו הילף זייערע הייליקע. אלע האָבן געציטערט, אז די דייטשן זאָלן נישט דערהערן די תפילות און נישט דערצאָרנט ווערן.

ווען די שיסעריי, וואָס האָט אָנגעהאלטן א לענגערע צייט, איז ענדלעך איינגעשטילט געוואָרן, האָט מען אונדז באפוילן אויפצושטיין און אונדז געהייסן גיין אין דער ריכטונג פון שטאלן, ווו עס זענען געשטאנען פערד. אָבער נישט אלע זענען אויפגעשטאנען. אין אונדזער גרופּע זענען געווען טויטע.

אריינקומענדיק אין דעם שטאל, זענען מיר מידע געפאלן אויפן פערד־מיסט און איינגעשלאָפן. די דייטשן האָבן די שטאלן פארשלאָסן.

די מאסן־עקזעקוציע, וואָס מיר האָבן בייגעוווינט, איז נישט געווען די איינציקע אין שטאָט. ענלעכע עקזעקוציעס האָבן די דייטשן איינגע־אָרדנט אין פארשידענע שטאָט־טיילן, דערונטער אויך אויפן הויף פון דער יידישער האנטווערקער־שולע, אויף גאָרנטשארסקא 19. אויך אין די קירכן, שולן און אין אלע עפנטלעכע לאָקאלן און פּלעצער איז פאָרגעקומען אן

ענלעך געיעג מיט ענלעכע עקזעקוציעס איבער די טשענסטאָכאָווער איינ־וווינער.

מען האָט אפילו אונטערגעצונדן גאַנצע הייזער און זיי פאַרברענט צוזאמען מיט די מענטשן, וועלכע מען האָט גאָרנישט געלאָזט ארויסגיין. טאָמער האָט עמיצער געפּרוּווט ארויסשפּרינגען דורך א פענסטער פון א ברענענדיק הויז, איז ער גלייך דערשאָסן געוואָרן.

איבער דער גאַנצער שטאָט האָבן די דייטשן אויסגעשטעלט מאַשין־געווער און דאָס מיליטער האָט אָן שום וואָרענונג געשאָסן צו יעדן, וואָס האָט זיך באוויזן אויף די גאסן.

אָט אזוי איז דורך דער ערשטער בלוטיקער מאָנטיק אין טשענ־סטאָכאָוו.

III

# אונטערן נאַצישן יאָך

ערשט שפּעט ביינאכט זענען די דייטשן אריינגעקומען אין אונדזער שטאָל. די אלטע מענטשן האָט מען דערלויבט אהיימגיין און די יונגע האָט מען, ווי געפּערלעכע פאַרברעכער, אונטער א שטאַרקער מיליטערישער וואך, הונגעריקע, מידע און דורשטיקע, געטריבן איבער די טויטע גאסן פון דער שטאָט. קיינער האָט קיין וואָרט נישט געטאָרט ארויסרעדן, נאָר שווייגנדיק מאַרשירן ביז מיר זענען אָנגעקומען אין די מיליטערישע קאַשארן „זאַ־וואדאַ". א לאַנגע ווייִלע האָט מען אונדז געהאַלטן אויפן איבונגס־שיס־פּלאַץ, בכדי אָנצוּוואַרפן א פּחד, אז מען גייט איבער אונדז אויספירן אַן עקזעקוציע, ביז ענדלעך מען האָט אונדז געטריבן צו די קעלערן אונטער די קאַשארן.

אז מיר גייען אראָפּ אין א קעלער, האָבן מיר געפילט שטופּנדיק זיך אין א צונויפגעפּרעסטער מאַסע איינער אויפן אנדערן, אראָפּ פון שטיגלעך. עס איז געווען שטאָק־פינסטער און מען האָט גאָרנישט געזען. אראָפּקר־



דאָס פּרץ־הויז



די דייטשע שול

(פאָטאָגראַפירט דורך א. קאַציזנע)

מענדיק אונטן האָבן מיר געהערט מענטשלעכע שטימען, וואָס איז געווען א סימן, אז נאָך עמיצער געפינט זיך דאָרט.

דורך די קליינע קעלער־פענסטערלעך האָט מען געהערט פון הויף, ווי די דייטשן טרייבן ווייטער מענטשן, שלאָגנדיק און זידלענדיק זיי אויף א וווּלגארן אופן.

דער קעלער, ווו מיר האָבן זיך געפונען, איז געווען זייער נידעריק און מיר האָבן מיט די קעפּ אָנגערירט דעם סופיט. עס איז געווען שרעקלעך דושנע און מען האָט נישט געקענט כאַפּן דעם אָטעם. אלע האָבן זיך דעריבער געשטופּט צו די אָפענע פענסטער־לעכער. אלטע און קראַנקע זענען אוועקגעפאלן האלב־פארחלשטע און קרעכצנדיקע אויף דער ערד. נאָך א געוויסער צייט האָט עמיצער זיך צופעליק אָנגעשטויסן אָן א וואַ־סער־קראַן, וואָס האָט זיך געפונען אין קעלער, האָט אים אויפגעדרייט און עס האָט א שפּריץ־געטון מיט וואסער. די פרייד איז געווען נישט צום באשרייבן. מיט הענט, היטלען, קאַפּעלושן, האָט דער עולם זיך געשטופּט צום קראַן, כדי מיט א ביסל וואסער זיך צו דערקוויקן דאָס הארץ. ביז עס האָט ענדלעך אָנגעהויבן צו טאָגן. מענטשן האָבן זיך אָנגעקוקט איינער דעם אנדערן, אָנגעהויבן רעדן צווישן זיך און געמאכט א חשבון פון דער צאָל קרבנות אין דעם בלוטיקן מאָנטיק. מען האָט געשאצט, אז עס זענען אומגעקומען 5.000 אומשולדיקע מענטשלעכע לעבנס.

באגינען האָבן די דייטשן אונדז גלייך געלאָזט פילן, אז יידן געהערן צו א נידעריקער קאטעגאָריע פון מענטשלעכן מין. דער זעלנער, וואָס האָט אונדז געהיטן ביי דער טיר, האָט הויך אויסגערופן:

— פיר יידן ארויס אויסקערן דעם הויף! דערביי האָט ער צוגעגעבן, אז פון היינט אָן וועלן אלע יידן מוזן ארבעטן און ער פארלאַנגט דעריבער, אז יידן זאָלן זיך פרייוויליק מעלדן צו דער ארבעט. זעענדיק, אז קיינער האָט זיך פרייוויליק נישט געמאָלדן, האָט דער זעלנער דערקלערט, אז מען זאָל נישט מורא האָבן, עס וועט קיינעם קיין שלעכטס נישט געשען. ערשט דאַן האָבן זיך עטלעכע יידן אָנגעבאָטן צו דער ארבעט און א ווײַלע שפּע־טער האָבן מיר זיי געזען דורך די קליינע פענסטערלעך, ווי זיי קערן אויס דעם הויף.

די צייט אין קעלער האָט זיך געצויגן לאַנגווייליק און דער הונגער האָט זיך שטאַרק געלאָזט פילן. אַרום עלף אַזייגער האָט דער דייטשישער זעלנער אָנגעהויבן אויסרופן אייניקע פון אונדז ביי די פאַמיליען־נעמען. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן די פרויען און קרובים פון די פאַרהאַלטענע אונדז אַרומגעזוכט איבער דער גאַנצער שטאָט, וועלנדיק אונדז געבן עפּעס צו עסן. לײדער זענען געווען אַ סך פרויען, וואָס האָבן זיך געמוזט אומקערן אַהיים מיטן פּעקל עסן, ווייל די, וועמען זיי האָבן געזוכט, זענען שוין געווען טויט.

ערשט איינס בייטאָג דערהער איך אויך ענדלעך אויסרופן מיין נאָמען. איך לויף שנעל אַרויף אויף די טרעפּ און דערזע מיין פרוי מיטן קינד. מיר צעוויינען זיך פון גליק, וואָס מיר זעען זיך ענדלעך, אָבער דאָס גליק דויערט נישט לאַנג. דער זעלנער טרייבט מיך גלייך צוריק אין קעלער אַריין. די שטימונג דאָ איז געווען אַ ביסל אויפגעהייטערט, ווייל מען האָט דאָך געזען די נאָענטסטע און געקענט אָפּעסן צו דער זעט. די באַציאונגען אין קעלער זענען געווען חברישע. מען האָט זיך געטיילט מיטן עסן מיט די, צו וועמען זייערע קרובים זענען נישט געקומען מיט קיין פּעקלעך.

צומאָרגנס 11 דעם זייגער, האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל אַרויסצוגיין פון קעלער און זיך אויסשטעלן אויפן הויף אין רייען. מען האָט אונדז גלייך אָפּגעפירט אויפן גרויסן איבונגס־פּלאַץ ביי די קאַשאַרן און דאָרט האָבן מיר באַגעגנט אַ ריזיקע מענטשן־מאַסע, וואָס מען האָט אַהערגעבראַכט פון אַנדערע קעלערן.

עטלעכע שעה צייט זענען מיר אַזוי געשטאַנען אונטער דער ברענענדיקער זון, ביז מען האָט אונדז אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, אַז מיר וועלן אַלע באַפרייט ווערן, ווייל די פאַבריקן וועלן געלאָזן ווערן אין גאַנג, די געשעפטן מוזן זיין צוריק אָפן און דאָס עקאָנאָמישע לעבן אין שטאָט וועט ווידער באַנייט ווערן. מען האָט דעריבער געהייסן אַרויסטרעטן פון די רייען אַלע די, וואָס זענען אינדוסטריעלער, העכערע באַאַמטע, גימנאַזיע־פּראָפעסאָרן, אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים און בכלל אַלע, וועלכע האָבן אַ באַדייטונג פאַרן געזעלשאַפטלעכן לעבן. די דאָזיקע מענטשן וועלן די ערשטע באַפרייט ווערן און ערשט שפּעטער וועט מען באַפרייען די איבעריקע.

א גרויסע צאָל פון די אָנוועזנדיקע זענען ארויסגעטרעטן פון די רייען און זיך געשטעלט אויפן אָנגעוויזענעם אָרט. אויך איך האָב מיך דאָרט געשטעלט ווארטנדיק, אז מען זאָל אונדז באלד באפרייען.

די אָפיצירן האָבן באקוקט אונדזערע פאפירן און זיך אויסגעקליבן 50 פערזאָן, וועלכע מען האָט געהייסן זיך שטעלן אָן א זייט. די איבעריקע האָט מען צוריקגעשיקט אויף זייערע פריערדיקע ערטער צו דער גרויסער מענטשן־מאסע, זידלענדיק דערביי, אז נישט זיי מיינט מען, נאָר פאקטישע אינדוסטריעלער און געלערנטע מענטשן. איך בין פארבליבן צווישן די 50 אויסגעקליבענע. מען האָט אונדז ארייגעפירט אויף א טענים־פלאַץ, וואָס איז געווען ארומגעצוימט מיט א הויכן דראָטענעם פלויט און ביים איינגאנג איז אוועקגעשטעלט געוואָרן א באוואָפנטער זעלנער, וועלכער האָט קיינעם נישט דערלויבט אריין אָדער ארויסגיין פון דער פארצוימונג.

די גרויסע מענטשן־מאסע איז אונדז מקנא־געווען. א טייל פון זיי האָט זיך דווקא געוואָלט ארייבאקומען צו אונדז. זיי זענען צוגעשטאנען צום וואך־זעלנער, געוויזן זייערע דאָקומענטן, דער איז אן אדוואָקאט, דער א דאָקטאָר, דער א הויכער מיניסטעריאל־באאמטער פון ווארשע, וואָס איז צופעליק געבליבן שטעקן אין טשענסטאָכאָוו. שניידער האָבן זיך דערקלערט אלס קאָנפעקציע־פאבריקאנטן, שוסטער אלס שיך־פאבריקאנטן, הענדלער האָבן מיט זייערע רעגיסטראציע־קארטן פון שטייער־אמט געוואָלט זיך פאָרשטעלן אלס גרויסע סוחרים — אלע האָבן געוואָלט אריינקומען צו אונדזער גרופע.

מיינער א פריינט אן אינזשיניער, א באקאנטער ארבעטער־טוער, שטייט פון יענער זייט דראָט און בעט זיך ביי מיר, איך זאָל אויף איב רחמנות האָבן און אים זען אריינבאקומען צו אונדזער גרופע, ווייל ער איז קראנק און וועט נישט אויסהאלטן, אויב מען וועט אים גלייך נישט באפרייען. איך גיי צו צום זעלנער, פרוביר אים איבערצייגן, אז מיין פריינט, דער אינזשיניער, איז א וויכטיקער ספעציאליסט, אָבער דער זעלנער ענטפערט מיר, אז וועגן דעם מוז מען רעדן מיטן לייטנאנט, וואָס דאַרף באלד אָנקומען.

מיין פריינט האָט זיך נישט צופרידנגעשטעלט מיטן ענטפער און מיט דער הילף פון א שטיק אייזן האָט ער אָנגעהויבן אונטערגראָבן די ערד אונטער די דראָטן. איך האָב אים אין דער ארבעט געהאָלפן פון אי־נעווייניק פון דער פארצוימונג און נאָך 20 מינוט צייט האָט מיין פריינט געקענט זיך ארײַנשארן צו מיר אויפן בויך.

ווען דער אָפיציר איז אָנגעקומען אויפן פּלאַץ, האָט ער דערלויבט אייניקע מענטשן ארײַנקומען צו אונדז אויפן טענים־פּלאַץ. די ניי־ארײַנ־געקומענע האָבן — פּונקט ווי מיר — זיך געפילט גליקלעך, זייענדיק זיכער, אז נאָך א ווײַלע און מיר וועלן אהיימגיין.

מיר זענען דערוויל, ווי אויפן פּלאַץ קומען־אָן אייניקע אָפיצירן, מען שטעלט אויס דעם גרויסן עולם צוריק אין רייען און דורך דער פארמיט־לונג פון איבערזעצער, זאָגן די אָפיצירן צום עולם, אז לגבי די דייטשן איז נישטאָ קיין ווידערשטאַנד, מען מוז זיך רואיק פארהאַלטן, אויספירן אַלע באַפעלן, גוט ארבעטן און נישט פירן קיין פּאָליטיק. מען גיט א צייכן און דער גאַנצער עולם מאַרשירט פארביי אין רייען פאר דער גרופּע אָפיצירן און אַראָפּנעמענדיק פאר זיי די היטלעך, מוזן אַלע זאָגן: „מיר דאַנקען", „מיר דאַנקען".

ווי חיות אין א שטייג שטייען מיר ביי די דראָטן פונעם טענים־פּלאַץ און מיר זעען, ווי דער המון דערווייטערט זיך ארויס פון דעם קאַ־שארן־געביט. נאָר פון יעדער גרופּע, וואָס דערווייטערט זיך, נעמט אן אָפּי־ציר ארויס א הויך־וווּקסיקן מענטש און לאָזט אים ארײַן צו אונדז.

זעענדיק, אז אַלע גייען אהיים, נאָר צו אונדז לאָזט מען ארײַן נַייע מענטשן, זענען מיר געוואָרן שטאַרק אומרואיק. בפרט, אז די ניי־ארײַנגע־לאָזטע האָבן קיין שום שייכות נישט געהאַט, נישט מיט קיין אינדוסטרי און נישט מיט פרייע פּראָפעסיעס. אונדזער גאַנצע גרופּע האָט זיך פאר־זאַמלט ביים באַוואַכטן אײַנגאַנג צום טענים־פּלאַץ און געוואַרט, אז מען זאָל אונדז שוין אויך אהיימלאָזן.

די שעהען האָבן זיך גערוקט פּאַראויס. עס איז שוין געוואָרן 6 פאר־נאַכט. דער ריזיקער פּלאַץ ארום אונדז, וואָס איז מיט שעהען צוריק געווען

פארפלייצט מיט פיל טויזנטער מענטשן, איז שוין אינגאנצן ליידיק. מיין פריינט, דער אינזשיניער, ווערט געוואלדיק נערוועאיש. וואָס האָט ער גע־טון? ער האָט דאָך שוין געקענט זיין ביי זיך אינדערהיים און דאָ ווייסט מען נישט, וואָס עס וועט ווייטער מיט אונדז געשען.

פּלוצלינג דערזעען מיר ווי עס דערנענטערן זיך צו אונדז זעקס דיי־טשע אָפיצירן, איין ציווילער מאן און איינער אין א מונדיר פון א פּוי־לישן אונטעראָפיציר. זיי קומען אריין צו אונדז אויף דעם ארומגעצוימטן טענים־פּלאץ. מיט דערשראָקענע בליקן קוקן מיר זיי אָן און ווארטן אויף אונדזער ווייטערדיקן גורל. עס דערהערט זיך א באפעל, אז מיר זאָלן זיך אויסשטעלן אין צוויי רייען און דער פּוילישער אונטעראָפיציר גייט־צו צו יעדן איינעם פון אונדז און שרייבט אונדז אריין אין א בוך.

בעת דאָס געשעט, ווערט אויפן טענים־פּלאץ אריינגעפירט א נייע גרופּע פון 50 יידן. זיי זענען שטארק באוואכט און האלטן די הענט אין דער הויך. ווען דער אונטעראָפיציר ווערט פארטיק מיט אונדז, פארשרייבט ער אויך די נעמען פון די ניי־אָנגעקומענע און עס ווערן דאן פון אונדזער גרופּע אויסגעטיילט באזונדער די יידן און באזונדער די קריסטן.

ווען די דאָזיקע פאָרמאליטעטן זענען שוין פארענדיקט געוואָרן, האָט זיך צו אונדז דערנענטערט דער ציוויל־געקליידטער מענטש, מיט אן אויכ־דרוק פון פּנים פול מיט האס און געהאלטן אויף פּויליש פאָלגנדיקע דרשה:

— איך און מיין קאָלעגע — דאָ האָט ער אָנגעוויזן אויפן פּוילישן אונטעראָפיציר — און אויך אנדערע פאָליאקן, אונדזערע קאָלעגן, האָבן מיר לאנגע יאָרן צוגעזען, ווי אלץ האָט דאָ אויסגעזען, ווען איר, — דאָ האָט ער זיך שוין געווענדט דירעקט צו אונדז — יידן, און אייערע רע־גירונגען האָבן פארנאכלעסיקט דאָס לאנד. איר האָט נישט געגעבן דער פּוילישער באפעלקערונג קיין מעגלעכקייט צו לעבן, די ארבעטער און פּוי־ערים האָבן געלעבט אין עלנט און נויט, אין דער צייט ווען איר האָט גע־פירט אייערע געשעפטן מיט די גרעסטע פארדינסטן פאר זיך, צאָלנדיק די ארבעטער און באאמטע הונגער־לוינען. איר האָט אייערע מענטשן פּראָ־טעזשירט אויף די העכסטע מלוכה־אמטן, בכדי דורך זיי דורכצופירן אייערע פּלענער. איר האָט משפּיע געווען די רעגירונגען איינצופירן געזעצן, וואָס

זאָלן זיין לטובת אייך, און ווען מיר אריער האָבן אין סיים גענומען א וואָרט, בכדי זיך צו פארטיידיקן קעגן אייער הערשאפט, האָט איר גלייך אָנגעמאכט אן אלארם איבער דער וועלט, אז מיר ווילן אייך פארטיליקן. איר האָט געשיקט דעלעגאציעס קיין אמעריקע, אז מען זאָל אונדז נישט געבן קיין געלט, איר האָט אלץ געטון, בכדי צו שטערן די אנטוויקלונג פון דער פוילישער מלוכה. די אלע מענטשן, וואָס זענען נעכטן און היינט געווען פארזאמלט אויף דעם דאָזיקן פּלאַץ, האָבן צענדליקער יאָרן געמוזט ארבעטן פאר אייך. זיי זענען געווען אייערע שקלאפן. מיר, די אמתע פּוי־לישע פּאַטריאָטן, האָבן מער נישט געקענט צוזען גלייכגילטיק אייער הער־שאפט איבערן פּוילישן פאָלק און דעריבער ווילן מיר דאָ בעסער האָבן די דייטשן...

דאן ווענדט ער זיך צו די פארזאמלטע פּאָליאקן:

— איר, פּאָליאקן, האָט נישט פארשטאנען דאָס אלץ. איר האָט מיטגעהאָלפן די יידן אין פּוילן און אויך אין אנדערע לענדער, אז זיי זאָלן צוזאמען מיט זייערע רעגירונגען אויסטראכטן פּלענער ווי אזוי דאָס איצטיקע דייטשלאנד ארומצוריננגלען פון אלע זייטן, איר האָט נישט גע־וואָלט פארשטיין, אז ענדלעך האָט זיך אויף דער וועלט באוויזן א מענטש, וואָס פירט אָן מיטן דייטשן פאָלק אין נאָמען פון גערעכטיקייט און מיטן ריכטיקן פּראָגראם, א מענטש, וואָס האָט דאָס יידנטום באזיגט אין דייטש־לאנד און וועט עס, האָפנטלעך, אויך דאָ מיט זיי מאכן...

און ווידער ווענדט ער זיך צו אונדז:

— איר, זשידעס, האָט דעם גרויסן פירער פון דייטשן פאָלק, אדאָלף היטלער, פאָרגעשטעלט אלס חזיר אין פארשידענע שפּילצייגן און חוזק געמאכט פון אים...

דערהערנדיק דעם נאָמען אדאָלף היטלער, האָט איינער פון די דייט־טשע אָפיצירן זיך גלייך געווענדט צום רעדנער פרעגנדיק, וואָס ער האָט געזאָגט. דער רעדנער דערציילט די אָפיצירן אויף דייטש, אז די יידן פלעגן אויף פיל גאסן פון די פּוילישע שטעט פארקויפן אזעלכע שפּילצייג אין דער פאָרם פון א געמאָלן טיכעלע, וואָס ווען מען פלעגט עס צוזאמענלייגן, האָט עס פאָרגעשטעלט היטלערן אין א קאריקאטור אלס חזיר.

די אָפיצירן זענען געוואָרן אויסער זיך און מיט געבאַלטע פויסטן האָבן זיי זיך דערנענטערט צו אונדזער גרופּע שרייענדיק מיט כעס:

— מיר וועלן אייך שוין ווייזן, ווער מיר זענען! מיינט נישט, אַז מיר זענען די דייטשן, וואָס זענען אהערגעקומען אין יאָר 1914...

דער עלטסטער אָפיציר האָט שוין דעם ציווילן פּאָליאַק נישט גע־לאָזט ענדיקן זיין דרשה, נאָר האָט אונדז דערקלערט מיט אַ שאַרפן און קאַטעגאָרישן טאָן:

— פון איצט אָן זענט איר ביי אונדז ערובניקעס. אויב עס וועט מצד דער היגער באַפעלקערונג געשען עפּעס שלעכטס אַ דייטש, אַ ציווילן אָדער מיליטערמאַן, וועט איר גלייך דערשאָסן ווערן און דאָס גאַנצע מיסט וועט פאַרברענט ווערן! — האָט ער פאַרענדיקט אָנווייזנדיק אין דער ריכ־טונג פון דער שטאָט.

בעת דער ציווילער פּאָליאַק האָט געהאַלטן זיין ניפּטיקע רעדע, זענען צוויי יונגעליים געפאַלן חלשות. די זעלנער האָבן זיי נישט געלאָזט אויפ־הייבן פון דער ערד. איין אָפיציר האָט מיט כעס אַ זאָג־געטון:

— זאָלן זיי קרעפּירן!

* * *

מיט שווערע געמיטער, מידע, אַז מיר האָבן זיך קוים געקענט רירן פון אָרט, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, נישט אַרויסרעדנדיק קיין איין וואָרט איינער צום אַנדערן, האָבן מיר זיך געלאָזט פירן דורך דער זעלנער־וואַך טיף אין הויף פון די קאַשאַרן, דאָן אין עפּעס אַ פינסטערן קאָרידאָר, ביז מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ זאַל און פאַרשלאָסן די טיר פון דרויסן.

דער זאַל איז געווען אַ גרויסער. עס איז געווען אַ רעפּאַראַציע־ווערק־שטאַט פון אַמוניציע. אַרום די ווענט שטייען לאַנגע טישן און גרויסע שענק. געווען אויך אַ וואַסער־קראַן.

אויסער אונדזער גרופּע, וואָס איז געבראַכט געוואָרן פון טעניס־

פּלאַץ, האָט זיך אין דעם זאָל געפונען נאָך א גרופּע יידן, וואָס מען האָט געבראַכט דירעקט פון דער שטאָט. אין דער צווייטער גרופּע האָט זיך גע־פונען א רבי פון אונדזער געגנט. ער איז געווען אָנגעטון אין זיין לאַנגער זיידענער קאַפּאָטע און א ברייטן הוט. פרומע יידן האָבן זיך געשאַרט צו אים, געגעבן פּדיונים און געבעטן הילף. דער רבי האָט געהייסן יעדן ייד געבן א נדר, אז ווען ער וועט ארויס אויף דער פריי, זאָל ער דעם נדר גלייך מקיים זיין. ער האָט אויך געהייסן זאָגן תהילים און תשובה טון. ער האָט אַלעמען געטרייסט און געהייסן האָבן בטחון צום רבונו של עולם, וועלכער וועט און מוז העלפן. די פרומע יידן זענען דורך די טרייסט ווערטער פונעם רבין דערמוטיקט און געשטאַרקט געוואָרן. עס איז זיי בלי־ספק געווען לייכטער דאַן ווי די נישט־גלויביקע.

צומאָרגנס פרי איז אריינגעקומען דער פּוילישער אונטער־אָפיציר צוזאמען מיט צוויי דייטשע אָפיצירן, אונדז געהייסן זיך אויסשטעלן אין א רייע און אויסגערופן די נעמען פון איין גרופּע און זיי אַלעמען באַפרייט. עס זענען אויך באַפרייט געוואָרן אייניקע, וואָס האָבן זיך באַקלאָגט אויף זייער שלעכטן געזונט־צושטאַנד. צווישן די באַפרייטע האָבן זיך געפונען יידן און פּאָליאַקן. ביים באַפרייען דערקלערט דער דייטשער אָפיציר, אז אויב אין שטאָט וועט עפּעס געשען, וועלן מיר אַלע, אלס ערובניקעס, גלייך דערשאָסן ווערן.

מיר זענען פאַרבליבן 50 מענטשן, פון וועלכע 35 זענען געווען יידן און 15 פּאָליאַקן. מיר האָבן זיך גלייך אָפּגעגעבן א קלאָר דין־וחשבון פון דער גרויסער אחריות, וואָס איז געפאַלן אויף אונדז און אז אונדזער לעבן איז אָפּהענגיק פון די געשעענישן אין דער שטאָט. די שטימונג איז א פּע־סימיסטישע, ווייל מיר האָבן דאָך גוט געוווּסט, אז עס איז גענוג, אין דער שטאָט זאָל פּאָרקומען די מינדעסטע פּראָוואָקאַציע און די דייטשן וועלן אונדז גלייך אומברענגען. מיר האָבן בלויז נישט געקענט פאַרשטיין, פאַר־וואָס די צאָל יידישע ערובניקעס איז אזוי גרויס אין פּראָפּאָרץ צו די פּוי־לישע אין דער צייט, ווען די יידישע באַפעלקערונג אין שטאָט באַטרעפט דאָך קוים צוואַנציק פּראָצענט.

די באַטראַכטונגען און שמועסן צווישן אונדז ווערן איבערגעריסן,

ווען אין זאַל באַווייזט זיך אַ מיליטערישער וועכטער און הייסט אונדז אַלע אַרויסגיין, ווייל די פרויען זענען געקומען מיט עסן. די באַגעגעניש מיט אונדזערע נאָענטסטע רופט אַרויס אַ גרויסע פרייד. זיי האָבן שוין געוואַרט 6 שעה צייט בא די קאַשאַרן, ביז מען האָט זיי ענדלעך צו אונדז צוגעלאָזט. מיר ווילן זיך אינפאָרמירן וועגן דער לאַגע אין שטאָט, וועגן דעם גורל פון אונדזערע קרובים און באַקאַנטע. צום גליק איז אין שטאָט רואיק. די מיליטערישע וועכטער דרייען זיך אַרום צווישן אונדז מיט אָנגעלאָדענע רעוואָלווערן אין די הענט, מען רעווידירט גענוי די קיישלעך מיטן עסן, וואָס מען האָט אונדז געבראַכט און נאָך אַ קורצער ווײַלע האָט מען די פרויען געהייסן אַהיימגיין.

ווען מען קומט צוריק אין דעם גרויסן זאַל, ווייזט זיך אַרויס, אַז מען האָט אָפּגעטיילט פון אונדז די קריסטלעכע ערובניקעס. דאָס האָט דער קאָמענדאַנט באַפוילן, אַז די אַריער זאָלן זיך נישט געפינען צוזאַמען מיט קיין יידן.

אין מיטן דער נאַכט ווערן מיר אויפגעוועקט דורך אַ שטאַרקן געוויש אויפן הויף און אַ שיין פון רעפלעקטאָרן. מיר פאַרלאָזן שנעל אונדזערע אומבאַקוועמע געלעגערס און לויפן צו צום פענסטער, זען וואָס עס קומט פאָר.

פאַר אונדזערע אויגן באַווייזן זיך אַ רייע לאַסט־אויטאָס, אָנגעפּאַקט מיט מענטשן. די זעלנער טרייבן אַראָפּ די מענטשן פון די אויטאָס שלאָגנדיק זיי מיט די קאָלבעס. מען הערט אויך אַ שיסעריי און די געטריבענע און געשלאָגענע מענטשן רופן אויף פּויליש נעמען פון קריסטלעכע הייליקע. אַ סך פון די מענטשן זענען האַלב־נאַקעט. די באַוועגונג פון די לאַסט־אויטאָס איז אַ גרויסע. די אָפּגעליידיקטע אויטאָס פאָרן אַוועק און עס קומען אָן נייע פול געפּאַקטע מיט מענטשן. די שיסעריי ווערט עפּטער און די געשרייען שטאַרקער. די געטריבענע לויפן איינער הינטערן אַנדערן, ווערן פון אַלע זייטן באַלויכטן דורך די שטאַרקע רעפלעקטאָרן. מען שלאָגט זיי און מען טרייבט זיי פון אַלע זייטן.

ערשט אינדערפרי ווערן מיר געוואויר, אַז די געבראַכטע מענטשן

זענען געכאפּט געוואָרן אויף די שאָסייען, ווו זיי האָבן געוואנדערט אנט־לויפנדיק פון די מלחמה־אָפּעראציעס.

פון אונדזער גרופּע זענען גענומען געוואָרן אכט יידן און מען האָט זיי ארויסגעפירט אויפן הויף. מיר זענען אין ערשטן מאָמענט שטארק באַ־אומרואיקט געוואָרן וועגן זייער גורל, אָבער שפּעטער האָבן מיר דורך די פענסטער געזען, ווי זיי רוימען אָפּ דעם גרויסן הויף פון די טויטע קער־פּערס פון די דערשאָסענע. אויף פּשוטע ברעטער האָט מען אזוי ארויסגע־טראָגן ערגעץ הינטער די מויערן פון די קאשארן צענדליקער קרבנות.

עטלעכע שעה האָט געדויערט די דאָזיקע ארבעט. ווען אונדזערע חברים זענען צוריקגעקומען, זענען זיי געוועזן מיד פון דער ארבעט און צוזאמענגעבראָכן. מיר האָבן זיי א נאָמען געגעבן חברה־קדישא־יידן.

דריי טעג זענען אריבער אין כסדרדיקער דערוואַרטונג און כסדרדיקן אומרו. די איינציקע טרייסט אונדזערע זענען געוועזן די פאמיליעס, וואָס פלעגן אונדז ברענגען עסן און ביי וועלכע מיר פלעגן זיך נאָכפרעגן וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר אין שטאָט.

אויפן דריטן טאָג פארנאכט זענען צו אונדז אריין זעלנער און ארויס־געפירט 10 יונגע מענטשן. דאָס האָט אָנגעוואָרפן אויף אונדז א פּחד. אין א צוויי שעה ארום אָבער זענען זיי צוריקגעקומען און דערציילט, אז זיי האָבן געטראָגן שטרוי פאר די זעלנער. מיר זענען אלזאָ אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק.

## IV

# ווידער טויט־שרעק

שווער ווי בליי האָבן זיך פאר אונדז געצויגן די ווייטערדיקע טעג אין אונדזער קאשארן־תפיסה און פול מיט פּיינפולער דערוואַרטונג. אויב עס פלעגט זיך אמאָל טרעפן א רואיקער טאָג פאר אונדז, האָבן מיר שוין באלד אויפן אנדערן טאָג ווידער געהאט דאָס פריערדיקע גיהנום.

עס האָט זיך געהאנדלט אין דעם, וואָס יעדן טאָג פלעגט זיך בייטן דאָס מיליטער אין די קאשארן. נאָכן איבערנעכטיקן א נאכט פלעגן די מיליטער־אָפּטיילונגען אוועקגיין און אויף זייער אָרט זענען געקומען נייע.

עס פלעגט זיך מאכן, אז עס איז אנגעקומען מיליטער פון עסטרייך אדער טשעכיע. דעמאלט איז די באציאונג צו אונדז מצד די זעלנער געווען א מער מענטשלעכע. דאקעגן דאס מיליטער, וואס איז געקומען פון דייטש־לאנד, האט זיך צו אונדז באצויגן ברוטאל און אונדז געפייניקט ביי יעדער געלעגנהייט.

איינמאל שפעט ביינאכט זענען צו אונדז אריינגעפאלן עטלעכע מי־ליטער־לייט און מיט טאשן־לעמפלעך אונדז אריינגעלויכטן אין פנים, פרע־גנדיק יעדן איינעם: „וואס ביסטו?"

עס זענען געקומען ענטפערם:

„פאבריקאנט", „דאקטאר", „אדוואקאט". בלויז איינער א ייד מיט א לאנגער באָרד האט אויף דער געשטעלטער פראגע געענטפערט „אורמאַ־כער". אזוי האבן זיי אויסגעפרעגט יעדן איינעם און זענען ארייין אין נע־בנדיקן צימער, ווו עס האבן זיך געפונען די פאליאקן. אין א 15 מינוט ארום זענען זיי צוריק אריין צו אונדז און איינער פון זיי האט זיך אוועק־געשטעלט אין מיטן זאל און געזאגט:

— איך בין דער קאמענדאנט פון דער שטאט. איך ווארן אייך, איר שלעכטעם יודן־פאלק, אז אויב עס וועט עפעס געשען אין שטאט א פאר־ברעכן קעגן אונדז דייטשן, וועט איר אלע געשטעלט ווערן צו דער וואנט.

זיי זענען ארוים מיט שווערע טריט און די טיר האט זיך פארשלאסן.

די רעשט נאכט איז שוין קיינער פון אונדז נישט געשלאפן. א פחד האט אלעמען ארומגענומען. מיר האבן זיך אפגעגעבן א רעכענונג פון דער געפאר, וואס איז געהאנגען איבער אונדז.

צומארגנס, ווען מיר האבן אנגעהויבן אראפקלעטערן פון די טישן נאך דער שלאפלאזער נאכט, איז אריינגעקומען א פעלדפעבל און אונדז דערקלערט:

— היינטיקע נאכט זענען צוויי אונטער־אפיצירן נישט צוריקגעקו־מען פון שטאט. ווען אייערע פרויען וועלן צו אייך קומען מיט פרישטיק, זאלט איר זיי זאגן, אז אויב אונדזערע צוויי מענטשן וועלן זיך נישט אפ־געפינען ביז 12 אזייגער מיטאג, וועט מען אייך דערשיסן.

די בשורה האט אונדז געטראפן ווי א דונער. אלעמען איז באפאלן א טויט־שרעק, און ווען עס האט זיך שפעטער געעפנט די טיר און עס איז

געגעבן געוואָרן דער באַפעל: „אַלע ראַאוס!", אַז מיר זאָלן גיין נעמען דעם פרישטיק, וואָס אונדזערע פרויען האָבן אונדז געבראַכט — האָבן איניקע געוואָלט זיך אָפּהאַלטן פון עסן־נעמען, כדי אויסצומיידן דעם צער פון אָנזאָגן די אייגענע משפחה־לייט אַזאַ ביטערע בשורה. גראַד איצט אָבער האָט מען אונדז אַלע ביז איינעם מיט געשרייען און געוואַלדן אַרויס־געטריבן פון זאַל אויפן טענים־פּלאַץ.

ווען אונדזערע פרויען האָבן דערהערט דאָס נייעס, איז געוואָרן אַ גרויסע יללה. עטלעכע פון זיי האָבן זיך אָנגעטון אַ כוח און אַוועק צום קאָמענדאַנט. זיי זענען אָבער באַלד צוריקגעקומען נאָך מער פאַרצווייפלט: ער האָט פאַר זיי איבערגעחזרט דאָס זעלבע, וואָס ער האָט אונדז געהאַט געזאָגט מיט עטלעכע שעה פריער. עס איז אויך אָנגעקומען די צייט, וואָס די פרויען האָבן אונדז געמוזט פאַרלאָזן און דאָס צעשיידן זיך איז דאָס מאָל געווען שרעקלעכער ווי פריער. קינדער האָבן ביטער געוויינט, פרויען האָבן געחלשט און די מיליטער־לייט, וואָס האָבן זיך צוגעקוקט צו די דאָזיקע סצענעס, האָבן מיט חוזק־מינעס געמאַכט שנייד־באַוועגונגען מיט די פינגער איבער די העלדזער און געשריגן: „באַלד קאַמט איר וועג!" דאָס הייסט, באַלד וועט מען מיט אייך מאַכן אַ סוף.

אונדזערע נאָענטע האָבן אונדז געמוזט פאַרלאָזן און מיר זענען צוריקגעפירט געוואָרן אין קאַזאַרמע־זאַל אונטער אַ פאַרשטאַרקטער באַ־וואַכונג. די זעלנער, וואָס מיר האָבן באַגעגנט אויפן וועג, האָבן אונדז באַוואָרפן מיט זידלערייען און אונדז געדראָעט מיט די פויסטן. הפּנים אַז דאָס מיליטער אין די קאַשאַרן האָט וועגן אַלעם געוווּסט. אונדזערע באַ־וואַכער האָבן אונדז קוים געבראַכט גאַנצערהייט צוריק אין קאַזאַרמע־זאַל.

מיר זענען אַריין אין אונדזער תפיסה־זאַל צעבראָכן און פאַר־צווייפלט; קיינער האָט זיך נישט צוגערירט צו די געבראַכטע פּעקלעך מיט עסן. ווער קאָן היינט עסן? אויב די צוויי זעלנער וועלן זיך נישט געפינען — איז צו אַלדינג אַ סוף. עס האָט זיך אָבער דאָך געפונען איין מענטש, וואָס האָט זיך געהאַלטן אַנדערש פון אַלע. דאָס איז געווען דער אין טשענסטאָכאָוו גוט באַקאַנטער פאַבריקאַנט גרשון פּרעגער ז"ל. אויך אויפן טענים־פּלאַץ, בעת די טראַגישע סצענעס אַרום, ווען אַלע האָבן זיך געזעגנט מיט זייערע פרויען ווי צום לעצטן מאָל, האָט ער מיט זיין פרוי איינגאַנצן

נישט געוואָלט רעדן וועגן דעם, וואָס אונדז דערוואַרט. צוריק קומענדיק אין זאַל, האָט ער זיך ווי תמיד אוועקגעזעצט ביים טיש און גענומען עסן. נאָכן אָפּעסן און אַראָפּרוימען פון טיש, ווי ער פלעגט עס שטענדיק טון, האָט ער זיך געווענדט צו אונדז מיט אָט די רייד:

— מיט אונדז באַשטייט די זאַך אַזוי:

קיינער פון אונדז האָט נישט קיין כוח צו ענדערן אונדזער לאַגע. דעריבער מוזן מיר אָננעמען די זאַכן אַזוי ווי זיי וועלן קומען. איך וועל לעבן אַזוי לאַנג ווי עס וועט מיר זיין באַשערט, און איך גלויב, אַז דאָס איז נישט אָפּהענגיק פון די רוצחים, וואָס ווילן מיך אומברענגען, נאָר פון דעם, וואָס פאַר אַ גורל מיר איז באַשערט.

מיר אַלע האָבן אים מקנא געווען מיט זיין כאַראַקטער־פעסטקייט.

די פּאָליאַקן אין דערנעבנדיקן צימער האָבן איבערגעלעבט די זעלבע טויט־שרעק ווי מיר, זיי האָבן געבעטן דעם זעלנער, וואָס האָט זיי באַוואַכט, ער זאָל זיי העלפן באַקומען אַ גלח פאַר דער עקזעקוציע. דער זעלנער האָט דאָס איבערגעגעבן אין דער קאַנצעלאַריע, אָבער פון דאָרט איז געקומען אַן אָפּזאָג.

האַלב צוועלף אַזייגער האָט זיך געעפנט די טיר און עס זענען אַריין צוויי זעלנער. אַלע האָבן זיך אינסטינקטיוו אַ לאָז געטון וואָס ווייטער פון דער טיר אין זאַל אַריין, ווי וועלנדיק אויסמיידן צו זיין די ערשטע גענומען צו ווערן צו דער עקזעקוציע. די זעלנער זענען צו אונדז אַרויף טיפער אין זאַל, ווו מיר זענען אַלע געווען צוזאַמענגעפּרעסט און צו אונדז אויסגע־רופן:

— איר האָט גליק, אונדזערע קאַמעראַדן זענען דאָ. דערווייל וועט אייך גאָרנישט געשען.

מיר האָבן אַלע לייכטער אָפּגעאָטעמט, ווי אַ שווערער שטיין וואָלט אונדז אַראָפּ פון האַרץ. נאָך גרעסער איז געווען אונדזער פרייד, ווען מיר האָבן זיך ווידער צוזאַמענגעטראָפן אויפן טענים־פּלאַץ מיט אונדזערע פרויען. זיי האָבן שוין געהאַט געהערט די גוטע בשורה פון דעם וואַך־זעלנער פאַרן טויער; טייל האָבן נאָך אין שטאָט זיך דערוווּסט, אַז די צוויי זעלנער האָבן זיך אָפּגעזוכט. זיי זענען, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, געווען אַ גאַנצע נאַכט ביי גאַסן־פרויען. מיר זענען דערווייל געווען געראַ־

טעװעט. אױך בײ אונדזער קאַלטבלוטיקן חבר האָט זיך באַװיזן א טרער פון פרײד. ער האָט טריאומפירט, ער איז גערעכט געװען, אז ער װעט לעבן אזױ לאַנג, װי עס איז אים באַשערט.

V

## רױב און סאַדיזם

מיר האָבן זיך דערװוּסט, אז די דײטשע מאַכט נעמט צו פאַר זיך א סך פּריװאַטע הײזער אין שטאָט. מען װאַרפט ארױס די לאָקאַטאָרן און מען אָרדנט דאָרט אײַן פאַרשידענע אמטן. חוץ דעם נעמען די דײטשן צו אַלע ייִדישע װױנונגען, פון װעלכע די אײַנװױנער זענען אװעק. די ייִדישע רײַכערע װױנונגען װערן אױסגערױבט; מען נעמט־צו װעש, מעבל און אַלץ װאָס עס לאָזט זיך. מיר האָבן זיך אױך דערװוּסט, אז אײנעם א ייִד, װעלכן זײ האָבן הײַנט ארױסגעװאָרפן פון זײַן דירה, האָבן זײ באַפױלן, ער זאָל שאַפן א רעפּרעזענטאַנץ פון עטלעכע מענטשן, װעלכע זאָל דער ייִדישער באַפעלקערונג איבערגעבן די באַפעלן פון דער דײטשער מאַכט.

עס זענען שױן אװעק צען טעג זינט די דײטשן זענען אַרײַן אין שטאָט. שרעקלעכע צען טעג און נעכט.

די קאַזאַרמעס זענען פול מיט מענטשן. די אָפּטײלונגען, װאָס קומען אָן, רוען דאָ 24 שעה און גײען אװעק װײַטער, הפּנים צום פראָנט. די זעלנער האָבן ליב זיך אָפּצושטעלן בײ אונדזער פענסטער און זיך רײצן מיט אונדז. זײ שטעלן אָן די ביקסן, גרײט צו שיסן אין אונדזער זײַט. מיר זעען דאָ פאַרשידענע טיפּן. אײנער װיל דװקא אָנקניפּן א שמועס מכוח בלוט, װאָס ייִדן דאַרפן כלומרשט פון די אַריער; אן אַנדערער — װעגן ייִדישער רײַכקײט אױפן חשבון פון די אַרישע פעלקער און נאָך אַזעלכע היטלערישע טעמעס. דעם זײגערמאַכער מיט דער לאַנגער באָרד באַהאַלטן מיר פון זײערע אױגן. אײנער א זעלנער האָט אָבער דעם דאָזיקן ייִד באַמערקט און דװקא פאַרלאַנגט, אז ער זאָל צוגײן צום פענסטער. דער דײטש האָט אָנגעהױבן אײנטענהן מיטן ייִד װעגן „תלמוד" און עס האָט װײניק

געפעלט, אז ער זאָל ארײַנשיסן א קויל דורכן פענסטער, ווײַל דער ייד האָט נישט געוואָלט מודה זײַן, אז ער ווייסט פון דעם געבאָט „טוב שבגויים הרוג".

עטלעכע טעג האָבן מיר געהאַט אויסצושטיין פון א טיוואָלאָנישן דײַטש. יעדן פיר אַזייגער פאַרטאָג פלעגט ער קומען און אויפרײַסן אַלע פענסטער בײַ אונדז. — „כדי די הינט זאָלן נישט קענען שלאָפן", האָט ער צו פאַר־שטיין געגעבן דעם וואַך־זעלנער, פאַרוואָס ער טוט עס. נאָכן אויפרײַסן דאָס פענסטער האָט ער גענומען א לאַנג שטיק האָלץ און אַראָפּגעשטופּט פון די טישן אַלע וואָס זענען דאָרט געשלאָפן.

אָבער בעת מיר יידן האָבן געהאַט אויסצושטיין סײַ אַלס ערובניקעס, סײַ אַלס יידן, האָבן אונדזערע מיט־אַרעסטירטע פּאָליאַקן געליטן בלויז אַלס ערובניקעס. ווען די זעלבע זעלנער, וואָס זענען אַוועק פון אונדזערע פענסטער צופרידענע מיטן רייצן אונדז, זענען צוגעקומען צו די ווײַטער־דיקע צוויי פענסטער פון די פּאָליאַקן, וועלנדיק אויך דאָרט זיך אויפפירן אויפן זעלבן אופן, האָבן זיי געהאַט דרײַ ווערטער: „מיר זענען אַריער". דאָס איז גענוג געווען, מען זאָל זיי צורו לאָזן.

מיר האָבן אײנמאָל פאַרפירט א שמועס מיט די וואַכלײַט, פאַרוואָס זיי לאָזן־צו די זעלנער צו אונדזערע פענסטער, זיי זאָלן אונדז אָנטון צרות; מיר האָבן באַקומען אַן ענטפער: „אײַערע צרות אינטערעסירן אונדז נישט, אויב א דײַטשער מענטש האָט דערפון פאַרגעניגן".

דער דײַטשער סאַדיזם ווערט בײַ אונדז דורכגעפירט אויף א ראַפּי־נירטן אופן:

צען פאַרשוין קומען צו אונדז אַרײַן; זיי באַקוקן אַלעמען פון קאָפּ ביז די פיס, קלויבן זיך אויס צוואַנציק פון אונדז און גייען מיט זיי אַרויס. די זעלנער בײַם פענסטער האָבן אונדז באַלד מודיע געווען, אז מיר וועלן שוין אונדזערע חברים צוריק נישט זען. זיי וועלן דערשאָסן ווערן, „ווײַל יידן שיסן אויפן מיליטער אין שטאָט."

מיר האָבן זיך אַליין געפּרוווט אײַנרעדן, אז דאָס רייצן זיך בלויז די זעלנער מיט אונדז ווי תמיד, כדי אונדז צו פּײַניקן, אָבער ווען עס זענען אַריבער עטלעכע שעה און אונדזערע חברים זענען נישט צוריקגעקומען, האָבן די זעלנערס ווערטער אָנגעהויבן צו בוירען אונדזערע מוחות. א

פּאַטער, וועלכער איז דאָ געווען צוזאַמען מיט א זון און מען האָט דעם זון צוגענומען מיט דער גרופּע, האָט שטאַרק געליטן, ער האָט נישט אראָפּ־גענומען די אויגן פון דער טיר, אפשר קומען די מענטשן דאָך צוריק. ביים דאָקטאָר ווידער, וואָס איז געווען צוזאַמען מיט אונדז אַרעסטירט, האָט מען דעם ברודער צוגענומען, אויך ער איז געווען שטאַרק פאַרצווייפלט.

מיר האָבן זיך אַלע אַזוי אַרומגעדרייט א גאַנצן טאָג צעפּייניקטע און שטום ווי אבלים. ערשט אַרום אַזייגער עלף אין אָוונט האָבן מיר גע־הערט א גערויש פון ווייטן און אונדזערע הערצער האָבן אָנגעהויבן שטאַרק צו קלאַפּן. מיר האָבן דערנאָך באַלד דערהערט טריט אין אונדזער קאָרידאָר און ענדלעך האָט זיך געעפנט די טיר און אונדזערע חברים זענען אַריין. דער פּאַטער איז געוואָרן אויסער זיך פאַר פרייד, דאָס זעלבע אויך דער דאָקטאָר, וואָס האָט צוריק באַקומען זיין ברודער, אויך מיר אַלע האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט.

באַלד האָבן אונדזערע חברים אָנגעהויבן צו דערציילן, וואָס מיט זיי איז געשען:

ווען מען האָט זיי אינדערפרי אַוועקגענומען פון אונדז, האָט מען זיי אַריינגעפירט אין א שטאַל, וווּ יעדער איינער האָט באַקומען א רידל צום גראָבן ערד. דערנאָך האָט מען זיי דורך דער שטאָט געפירט צום קריסטלעכן בית עולם. דאָרט האָט מען זיי אויסגעשטעלט אין א רייע און באַפוילן צו גראָבן א גרויסן גרוב. דאָס האָט ביי זיי אַרויסגערופן א חשד, צי גראָבן זיי נישט אמאָל דעם גרוב פאַר זיך אַליין. די זעלנער זענען גע־שטאַנען איבער זיי און צוגעיאָגט די אַרבעט, דער פּוילישער אויפזעער האָט אַלעמאָל געמאָסטן, צי דער גרוב איז שוין גענוג טיף. ווען די אַרבעט איז געווען פאַרענדיקט, האָט מען זיי אויסגעשטעלט אין א רייע ביים ראַנד פון גרוב. אייניקע זענען צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן און אָנגעהויבן בעטן די דייטשן, מען זאָל זיי שענקען דאָס לעבן. די זעלנער האָבן באַפוילן צו שווייגן און שטיין גלייך. זענען זיי אַזוי געשטאַנען א געוויסע צייט, וואָס האָט אויסגעזען ווי אן אייביקייט; די זעלנער ווידער האָבן דערווייל זיך אַוועקגעשטעלט הינטער זיי און רעפּעטירט דאָס געווער, פון צייט צו צייט אויסשיסנדיק אין דער לופט. דערנאָך האָט מען אונדזערע חברים דער־

# די חרוב־געוואָרענע טשענסטאָכאָווער שול
קונסט־ארבעטן פון פראָפ. פרץ ווילענבערג



פראגמענט פון דער פראָנט־מויער



וואנט־מאלעריי אין דער שול

קלערט, אז אָט אויף אזא אופן וועט מען זיי דערשיסן, אויב עס וועט די דייטשן געשען עפּעס שלעכטס אין שטאָט.

## VI

# „אריער"

עס איז ווידער געקומען א נייער טאָג. א שיינער, לויטערער הימל האָט אונדז באַגעגנט, ווען מיר זענען אכט אזייגער אינדערפרי ארויסגעפירט געוואָרן פון אונדזער תפיסה־זאל, כדי צו נעמען דעם פרישטיק, וואָס אונדזערע פרויען האָבן פאר אונדז געבראכט. פון אונדזערע פרויען האָבן מיר זיך דערוווּסט נייעס פון שטאָט; צווישן אנדערן, אז עס איז געשאפן געוואָרן א יידישע רעפּרעזענטאנץ, מיט א פּאָרזיצער, וועלכער הייסט לייביש קאפינסקי. די דאָזיקע רעפּרעזענטאנץ הייסט „עלטעסטען־ראט" אָדער „יודן־ראט" און זיין אויפגאבע איז איבערצוגעבן דער יידישער באפעלקערונג אלע באפעלן פון דער דייטשער מאכט און אכטונג צו געבן, אז די באפעלן זאָלן פּינקטלעך אויסגעפירט ווערן. חוץ דעם האָט נאָך דער „יודן־ראט" באקומען די אויפגאבע צו נעמען געלט ביי רייכע יידן און שאפן א קיך און א שפּיטאָל פאר אָרימע.

נאָכמיטאָג האָט מען אונדז פּלוצלינג ווידער ארויסגעפירט אויפן טענים־פּלאַץ. מען האָט אונדז געלאָזט שטיין א לאנגע צייט אין אומגעוויסהייט, ביז עס זענען צו אונדז צוגעקומען עטלעכע אָפיצירן און באַפוילן, מיר זאָלן זיך אויסשטעלן אין רייען. אן עלטערער מיליטערמאן האָט אָנגעשטעלט א פאָטאָגראפישן אפּאראט און געמאכט אן אויפנאמע. נאָכדעם האָט ער יעדן איינעם אויסגעפרעגט, מיט וואָס ער באשעפטיקט זיך. דער עלטערער אָפיציר האָט זיך צו אונדז באצויגן מענטשלעך און דאָס האָט אונדז געמאכט א ביסל דרייסטער און צוגעגעבן מוט זיך צו אים צו ווענדן מיט אַן אויפקלערונג, אז מיר געפינען זיך דאָ דורך א צופאל און מיר בעטן אים, ער זאָל אונדז פריילאָזן. דער אָפיציר האָט אונדז קודם אָפּגעענטפערט מיט א לעקציע וועגן דער מלחמה:

— ווער איז שולדיק אין דער מלחמה? — האָט ער געזאָגט און

באלד אליין געענטפערט, אז דאָס זענען די ענגלענדער שולדיק. די פּאָ־ליאקן, האָט ער געזאָגט, וואָלטן קיינמאָל נישט זיך דערוועגט צו פירן קריג מיט דייטשלאַנד. אָבער, האָט ער ווייטער געזאָגט, אונדזער מיליטער שטייט שוין ביי די טויערן פון ווארשע, און די מלחמה וועט זיך באלד ענדיקן.

איבערגייענדיק דערנאָך צו אונדזער ענין, האָט ער אונדז דערציילט, אז ער קומט פון דער שטאָט ראַדאָמסקא. אויך דאָרט זענען געקומען געוואָרן ערובניקעס, אָבער דאָרט בייטן זיי זיך אַלע דריי טעג, ווייל די זעלבע מענטשן דארפן דאָך נישט ליידן כסדר פאר דער גאנצער שטאָט.

שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אז ער איז דער קאָמאַנדאַנט פון דעם שטאָטישן מיליטערישן גארניזאָן און אויך די שטאָט איז אונטער זיין באפעל. מיר האָבן באַשלאָסן צו שרייבן א ביטע, וועלכע א דעלעגאציע פון אונדזערע פרויען זאָל אים איבערגעבן. מיר האָבן אָנגעשריבן די ביטע אין נאָמען פון אַלע ערובניקעס — יידן און קריסטן, אָבער ווען מיר האָבן זיך געווענדט צו די קריסטן נאָך אן אונטערשריפט, האָבן זיי אונדז דער־קלערט, אז זיי האָבן שוין אָנגעשריבן א ביטע פון זייער זייט, ווייל „היינ־טיקע צייטן דארפן אריער נישט דערלאנגען קיין ביטעס צוזאמען מיט יידן". מיר האָבן דעריבער אליין אונטערגעשריבן די ביטע, וועלכע איז צומאָרגנס איבערגעגעבן געוואָרן דעם קאָמאַנדאַנטס אדיוטאַנט.

ווען מיר האָבן דעם אנדערן טאָג זיך געקליבן ארויסצוגיין אויפן פּלאַץ אזוי ווי שטענדיק, האָבן די זעלנער אונדז באַפוילן מיטצונעמען אַלע זאכן, ווייל מיר וועלן באפרייט ווערן.

מיר זענען געוואָרן איבעררעאשט, שנעל פארטיק געוואָרן צום ארויס־גיין, און באלד האָבן מיר זיך אויסגעשטעלט אויפן מיליטערישן אופן — צו דריי אין א רייע.

ווידער זענען מיר אויפן באקאנטן טענעס־פּלאַץ. מיר ווילן שוין נישט צונעמען דאָס עסנווארג, וואָס די פרויען האָבן אונדז געבראכט, ווארום באלד וועלן מיר דאָך זיין צוריק אין דער היים. די צייט וואָס די פרויען איז דערלויבט צו בלייבן מיט אונדז, איז פאראיבער און זיי מוזן אונדז פארלאָזן. זיי וועלן שוין ווארטן אויף אונדז ביים טויער פון דער קאזארמע. נאָך א לאנג ווארטן קומט אָן דער קאזארמע־קאָמאַנדאַנט און באפעלט, מיר זאָלן זיך אויסשטעלן צום אהיימגיין. מיר שטייען אַלע גרייט, ער

ווענדט זיך צו אונדז און זאָגט, אז ער האָט באקומען א פאראָרדענונג פרייצולאָזן די ערובניקעס, אָבער — בלויז די אריער, דאקעגן די יידן בלייבן ווייטער אין די קאזארמעס אלס ערובניקעס.

מיר זענען ווי פארגליווערט געבליבן שטיין אין די רייען, קיינער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. אויך ווען דער קאָמאנדאנט איז אוועק, זענען מיר נאָך אַלץ געשטאנען אויף די ערטער מיט אראָפגעלאָזטע קעפ פאר חרפה.

די „אריער" זענען אוועק. אייניקע פון זיי, מיט וועלכע מיר זענען געווען באפריינדעט, האָבן אונדז געזאָגט בסוד, אז פאר זיי האָט זיך באַמיט א דעלעגאציע מיטן ביסקופ בראש. זיי האָבן צוגעזאָגט זיך צו באַמיען פאר אונדז, אויב עס וועט נאָר מעגלעך זיין.

מיר זענען פאמעלעך צוריקגעגאנגען טרויעריקע און נידערשלאָגענע צו אונדזער תפיסה־זאל און נאָכאמאָל אָנגעהויבן זיצן אזיפסניי. ווער ווייסט אויף ווי לאנג? מיר האָבן אָנגעהויבן נאָכטראכטן וועגן אונדזער לאגע; ווי זאָלן מיר דאָס פארשטיין? אויף א שטאָט פון 120 טויזנט מענטשן, 95 טויזנט „אריער" און 25 טויזנט יידן, זאָלן מיר, גראד אָט די 35 יידן, זיין די ערובניקעס? דאָס הייסט, זיין פאראנטוואָרטלעך מיטן לעבן, אז קיינער פון דער גאנצער באפעלקערונג וועט די דייטשן קיין עוולה נישט טון? קענען מיר דען האלטן די גאנצע באפעלקערונג אויף אזוי פיל לאָיאל צו אונדז 35 יידן?

דערווייל זענען אוועק טעג נאָך טעג. מען האָט אָנגעהויבן אהערצוברענגען יעדן טאָג פארטיעס געפאנגענע פון פוילישן מיליטער. מיר האָבן געהערט, אז די דייטשן האָבן שוין אָקופירט גרויסע שטחים פון אונדזער לאנד. אין שטאָט איז געוואָרן רואיק און מיר האָבן באשלאָסן, אונדזערע פרויען זאָלן זיך ווידער ווענדן מיט א ביטע צום אלטן גארניזאָן־קאָמאנדאנט וועגן אונדזער באפרייאונג.

אין עטלעכע טעג ארום האָט מען אונדז באפוילן צוזאמענצונעמען אונדזערע זאכן און פארלאָזן די קאזארמע. דער קאזארמע־קאָמאנדאנט האָט אונדז דערקלערט, אז מיר פארבלייבן ווייטער די ערובניקעס פון דער שטאָט, נאָר מיר וועלן זיין ביי זיך אינדערהיים. נאָך זיבן און צוואנציק טעג מאטערניש זענען מיר ענדלעך באפרייט געוואָרן פון דעם ארעסט אין

דער קאזארמע, אָבער מיר האָבן ווייטער געטראָגן אויף זיך די פאראנט־וואָרטלעכקייט פאַר דער רו אין שטאָט.

VII

# די ערשטע גזרות

אין שטאָט הערשט אַ נעדריקטע שטימונג. פאַר די שענסטע בנינים שטייען זעלנער אויף דער וואך, דאָס האָבן די דייטשן דאָרט איינגעאָרדנט זייערע ביוראָס. די איינוווינער פון די דאָזיקע הייזער זענען פשוט פאַר־טריבן געוואָרן פון זייערע דירות.

די גאסן זענען פול מיט מיליטער, אומעטום פלאַטערן גרויסע פע־נער מיט האקנקרייצן, עס פליען עראָפּלאַנען, מאָטאָר־רעדער און אויטאָס פאָרן שנעל איבער די גאסן, די שויבן אין די פענסטער זענען פאַר־קלאַפּט מיט שמאָלע פּאַפּיר־שטרייפן. ציווילע זעט מען ווייניק, און די וואָס ווייזן זיך שוין יאָ, לויפן שנעל אדורך די גאס, ווי וועלנדיק וואָס גיכער זיין צוריק אין שטוב.

ווען איך האָב זיך צומאָרגנס נאָך מיין באפרייאונג געקליבן ארויס־צוגיין אין שטאָט, בין איך פארהאלטן געוואָרן פארן טויער דורך אַן אומבאקאנטער פרוי. זי האָט מיר געזאָגט, אז די דייטשן כאַפּן יידן צו דער ארבעט און שלאָגן זיי דערביי. יעדער דייטש האָט געמעגט מיט יידן דיספּאָנירן, אזוי ווי עס איז אים געפעלן. ווען דייטשן זענען ארויסגעשטיגן פון דער באַן, האָבן זיי אָפּגעשטעלט דורכגייער אויף דער גאס און גע־פרעגט: „יודע?" זיי האָבן דווקא אויסגעזוכט די בעסער געקליידטע און זיי באפוילן צו טראָגן זייערע פּעקלעך. אין די הייזער, וווּ די דייטשן האָבן זיך ארייננעצויגן, האָבן יידן געמוזט אַלץ ברענגען אין אָרדענונג. יידישע פרויען — און דווקא האָט מען אויסגעקליבן די רייכערע און אינטעלי־גענטע — האָבן געמוזט וואשן די פענסטער, טירן און פּאָדלאָגעס, ריין מאכן די טרעפּן, וואשן די קלאָזעטן, קאָכן און טוען אַלע שמוציקע אר־בעטן. בעת דער ארבעט זענען זיי פארטשעפּעט געוואָרן דורך די זעלנער און באליידיקט געוואָרן מיט די שמוציקסטע אויסדריקן.

פוילן איז געוואָרן צעטיילט, רוסלאַנד האָט אָקופּירט די מזרח־געביטן, און א גרויסן טייל פון די מערב־געביטן האָבן די דייטשן פארבונדן מיט זייער לאַנד, אזוי אז דאָס פוילישע לאַנד, וואָס האָט געציילט 35 מיליאָן מענטשן איז רעדוצירט געוואָרן צו א באַפעלקערונג פון 20 מיליאָן. דאָס דאָזיקע לאַנד האָט איצט באקומען דעם נאָמען „גענעראַל גאָווערנעמענט" און עס איז באשטימט געוואָרן א רעגירונג מיט דעם גובערנאַטאָר דאָקטאָר האַנס פראַנק בראש. די הויפּטשטאָט איז געוואָרן קראָקע און ד"ר פראַנק מיט זיין רעגירונג האָבן זיך דאָרט באַזעצט.

דער גענעראַל גובערנאַטאָר פראַנק האָט ארויסגעגעבן א דעקרעט, אז יעדער ייד און יידין פון 12 יאָר אָן מוז טראָגן אויפן רעכטן אָרעם א ווייסע באַנד, אויף וועלכער עס דאַרף זיין ארויפגענייט א מגן דוד. די באַנד מוז האָבן 10 סענטימעטער די ברייט. משומדים ווערן אויך פאררעכנט פאר יידן. אריער, וועלכע האָבן געהאַט ביז דעם דריטן דור א ייד אין דער משפחה, מוזן אויך טראָגן די בענדער. אַלע יידישע געשעפטן, פאבריקן, האַנטווערקער־ווארשטאַטן און אַלע פירמעס וועלכע ארבעטן וועלן אפילו בלויז מיט א טייל יידישן קאַפּיטאַל, דאַרפן ארויסהענגען גרויסע ווייסע טאָוולען מיט בלויע מגן דודס אין די פענסטער, איינגאַנג־טירן און אויך אינעווייניק. אויך דאָקטוירים מוזן אויפמאָלן אויף זייערע שילדן א מגן דוד. דאָס געזעץ איז אריין אין קראַפט דעם 27סטן דעצעמבער 1939.

די „יודן־ראַטן" האָבן געמוזט זאָרגן, אז די בענדער זאָלן פּאַרטיק ווערן צום טערמין. און מיטאַמאָל, אין א שיינעם פרימאָרגן, האָט זיך געווייזט אין אַלע גאַסן. יידן האָבן זיך געפילט זייער נידערשלאָגן, איבערהויפּט ביים טרעפן זיך מיט די „אריער", פאר די דייטשן ווידער, איז דאָס געווען זייער באַקוועם — זיי האָבן שוין נישט באַדאַרפט זיך מטריח זיין און פרעגן די פאַרבייגייער: „יודע?", נאָר געכאַפּט צו ארבעט א מענטש מיט א ווייסער באַנד און אים באַהאַנדלט ווי א שקלאַף.

פאר נישט טראָגן די בענדער זענען יידן באַשטראָפט געוואָרן. אין דער ערשטער צייט האָט דער ייד געמוזט גיין אויף דער פּאָליציי אָדער אין געפענגעניש. דאָרט האָט מען אים דערמאָנט די קינדער־יאָרן: אראָפּגעלאָזט די מכנסים און מיטן קאַנטשיק אריינגעציילט ביז א צוואַנציק, און

נאָכן צוזאָגן, אז ער וועט שוין קיינמאָל נישט פארגעסן די באנד, איז ער ארויסגעלאָזט געוואָרן. עטלעכע וואָכן שפּעטער איז די שטראָף הארבער געוואָרן — 6 חדשים געפענגעניש, און נאָך שפּעטער, אויב מען האָט באַגעגנט א ייד אָן א באנד, האָט ער געקאָנט דערשאָסן ווערן אויפן אָרט.

דעם זעלבן חודש האָט דער גענעראל־גובערנאטאָר ארויסגעגעבן נאָך א דעקרעט, אז קיין שום ייד טאָר נישט פארלאָזן זיין וווין־אָרט, טאָר נישט פאָרן אויף דער באן אָן א ספּעציעלער דערלויבעניש פון דער מאכט. יידן האָבן אויפגעהערט צו וואנדערן פון אנדערע שטעט.

פּראָדוקטן און סחורות ווערן וואָס אמאָל טייערער, ווייל יידישע געשעפטן מוזן שיקן אריער צו דערליידיקן די געשעפט־ענינים. אייניקע נעמען צו דאָס געלט מיט דער סחורה.

אויך די לאָקאלע מאכט גיט ארויס אנטי־יידישע געזעצן: בעת די נישט־יידישע באפעלקערונג מעג זיך באוועגן אין שטאָט פון 5 אינדערפרי ביז 11 אָוונט, קענען יידן זיין אין גאס בלויז פון 6 ביז 8 אָוונט. עטלעכע מינוט שפּעטער באווייזן זיך אין די יידישע גאסן אויטאָס מיט זשאנדאַרמען, וואָס כאפּן „פארשפּעטיקטע" יידן. זיי פאלן אויך אריין אין די הייף, ווו יידן וווינען, און אויב זיי טרעפן נישט קיין יידן, שלעפּן זיי ארויס פון די וווינונגען און פולן אָן די אויטאָס, כדי צו ווייזן זייערע עלטסטע, אז זיי ארבעטן פלייסיק.

די יידן ווערן אָפּגעפירט אין פּאָליציי־קאָמיסאריאט, ווו יעדער מוז באצאָלן 100 זלאָטעס שטראָף און 20 זלאָטעס פאר דער רייזע מיטן אויטאָ, דערצו מוז מען נאָך א גאנצע נאכט אָפּזיצן אין א קעלער. ווער עס האָט נישט קיין געלט, מוז אזוי לאנג זיצן, ביז עס קומט עמיצער אים אויסקויפן.

די דייטשע קאָמאנדאנטן פון דער שטאָט האָבן איבערגעגעבן די מאכט א ציווילער שטאָט־פארוואלטונג. אלס שטאָט־הויפּטמאן איז באַשטימט געוואָרן גענעראל פון דער פּאָליציי ד"ר רישארד ווענדלער.

דער שטאָט־הויפּטמאן האָט דעם „יודן־ראט" איבערגעגעבן די מאכט איבער אלע יידן פון אונדזער שטאָט. די ערשטע פאָדערונג זיינע פון די יידן איז געווען א קאָנטריבוציע פון 400.000 זלאָטעס. דער „יודן־

ראט״, געצוווּנגען אויסצופירן דעם באפעל, האָט ארויסגעשיקט צו די פארמעגלעכע יידן אויפפאָדערונגען צוצושטעלן אין דער קאסע פון ראט א באשטימטע סומע און ווען די געזאמלטע סומע איז געווען נישט גענוגנדיק, האָט מען ווידער געפאָדערט געלט, ביז די קאָנטריבוציע איז געווען באַצאָלט.

דער „יודן־ראט״ איז געוואָרן א מאכט, וואָס האָט געקאָנט דיספּאָנירן מיט דעם פארמעגן פון יעדן ייד, פּונקט אזוי מיט דעם מעבל, וועש, וווינונג און אויך מיט אים אליין, שיקנדיק זיי צו דער ארבעט דאָרט, ווו די דייטשע מאכט האָט אָנגעוויזן. דער „יודן־ראט״ איז פונאנדערגעוואקסן אין א גרויסן אדמיניסטראטיוון אפּאראט מיט פארשידענע אָפּטיילונגען. אדוואָקאטן, דאָקטוירים, אינטעליגענטן און האלב־אינטעליגענטן און סתם יידן האָבן זיך באמיט צו באקומען א פּאָסטן אין „יודן־ראט״ אָן א געהאלט, ווייל א „יודן־ראט״ באאמטער איז געווען זיכערער אויף דער גאס, בעת מען האָט געכאַפּט צו ארבעט. די יידישע מאכט איז אויפגעשטעלט געוואָרן דורכן היטלער־רעזשים אין גאנצן גענעראל גאָווערנעמענט, אין אלע שטעט און שטעטלעך, כדי די דייטשן זאָלן לייכט באקומען אין זייערע הענט אלע יידישע פארמעגנס, אָנהויבנדיק פון מעבל ביז גאָלד און בריליאנטן, געשעפטן, פאבריקן, ארבעט־קרעפטן צוזאמען מיטן גאנצן לייב און לעבן.

## VIII

## וואַנדאַליזם פון די „פאָלקס־דייטשן״

ווי נאָר די דייטשן האָבן באוויזן צו אָקופּירן א וואָסער נישט איז אָרט אין פּוילן, איז דאָרט באלד ווי פון אונטער דער ערד אויפגעוואקסן א ספּעציעלע קאטעגאָריע מענטשן, וועלכע זענען באצייכנט געוואָרן מיטן נאָמען „פאָלקס־דייטשן״. אזוי איז אויך געווען ביי אונדז אין שטאָט. די היגע באפעלקערונג האָט די פריש־געבאקענע „פאָלקס־דייטשן גוט געקענט, זיי זענען פון תמיד אָן געווען פּאָליאקן, אָבער נאָכן ארײנקומען פון די דייטשן האָבן די ביז איצטיקע פּאָליאקן אָנגעהויבן טראָגן ספּעציעלע אָפּ־

צייכענונגען, דורך וועלכע זיי זענען מיטאמאָל פארוואנדלט געוואָרן אין „דייטשן".

ווי עס האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן, זענען זיי פאר דער מלחמה געווען דייטשע שפּיאָנען, וואָס האָבן פארנומען שטעלעס אין פּוילישע מלוכהשע אמטן. טייל זענען טאקע דורך א ווייטער אָפּשטאמונג ארויסגעקומען פון דייטשן און אפילו געהאט דייטשע נעמען.

די דאָזיקע „פאָלקס־דייטשן" האָבן אכטונג געגעבן, אז די פּאָליאקן זאָלן ביים פארלאָזן די שטאָט גאָרנישט צעשטערן, דערנאָך האָבן זיי גע־האָלפן די דייטשן זיך איינאָרדענען און זיי אויסגעגעבן ווו עפּעס איז באַהאלטן געוואָרן.

דער ערשטער עפנטלעכער אנטי־יידישער ארויסטריט מצד די „פאָלקס־דייטשן" ביי אונדז אין שטאָט איז געווען דאָס צעשטערן די יידישע שולן. זיי האָבן פאר דעם צוועק אָרגאניזירט די פּוילישע אנטיסעמיטן, וועלכע זיי האָבן גוט געקענט פון פאר דער מלחמה און אין א נאָוועמבער־טאָג פון 1939 זענען זיי מיט א מחנה פּוילישע גאסן־יונגען אריין אין דער שטאָט־שול און דאָרט געמאכט א חורבן: אויסגעריסן די טירן, צעבראָכן די פענסטער, צעהאקט דעם ארון קודש, אראָפּגעריסן די באלקאָנען פון דער פרויען־גאלעריע. צענדליקער גויים האָבן געטראָגן איבער די גאסן שטיקער האָלץ פון די צעבראָכענע בענק און טישן, ביז די שול איז געבליבן אן אויסגעליידיקטע, מיט אָפּגעשיילטע, נאקעטע ווענט.

דעם זעלבן גורל האָט אויך געהאט דאָס בית המדרש, וואָס איז מיט עטלעכע יאָר צוריק אויפגעבויט געוואָרן אויפן נאָמען פון פארשטאָרבענעם היגן רב ר' נחום אש ז"ל.

די דאָזיקע וואנדאלישע טאט האָט געווירקט שטארק דערדריקנדיק אויפן געמיט פון דער גאנצער יידישער באפעלקערונג. נישט בלויז רעליגיעזע, נאָר אויך נישט־רעליגיעזע האָבן זיך געפילט געטראָפן און באַליידיקט. אויך אויף א טייל פּאָליאקן האָט דאָס געמאכט א שווערן איינדרוק, אָבער דער גרעסטער טייל פון דער פּוילישער באפעלקערונג האָט זיך גע־ווינצלט און מיט צופרידנקייט געקוקט אויף דעם חורבן.

דעם 25סטן דעצעמבער 1939, אין דער נאכט פון דעם גרויסן קריסט־לעכן יום טוב, האָט מען אונטערגעצונדן די גרויסע שול, וועלכע האָט זיך

געדעכנט פאר איינע פון די שענסטע בנינים פון אונדזער שטאָט. זי האָט געהאט שיינע, ברייטע אריינגענג, לאנגע טרעפּן, רחבותדיקע הויכע זאלן. די שיינע שול האָט געברענט א גאנצע נאכט און דערנאָך זענען טעג־לאנג געקומען מענטשן אין דער שטילער ווילסאָן־גאס אָנצוקוקן די העלדן־טאט פון די דייטשן.

בעת די פּוילישע אונטערוועלט־לייט האָבן אויסגעפּלינדערט די צע־שטערטע שולן און ארויסגעטראָגן אלץ, וואָס האָט זיך נאָר געלאָזט, האָבן די דייטשן פילמירט די דאָזיקע סצענעס. שפּעטער זענען די דאָזיקע ביל־דער געוויזן געוואָרן אין די קינאָס מיט אויפשריפטן, ווי אזוי די פּאָליאקן זענען זיך נוקם אין די יידן.

אויך די דייטשן האָבן זיך אָפּגענומען זייער חלק רויב פון די פאר־ברענטע שולן. זיי האָבן גוט נאָכקאָנטראָלירט, וואָס עס איז נאָך איבער־געבליבן זאכן פון ווערט. דאָס אייזנווארג פון די ווענט, די מעטאל־טיילן ביי די אריינגענג, טרעפּן און פארצוימונגען — דאָס אלדינג איז ארויס־געריסן געוואָרן פון די מויערן, און עס האָט אויף דער יידישער באפעלקע־רונג געמאכט דעם איינדרוק, ווי מען וואָלט געריסן שטיקער פון א לעבע־דיק לייב.

IX

## שטייערן און עקסמיסיעס

דער דייטשער אדמיניסטראַטיווער אַפּאַראַט האָט געארבעט שנעל. ניך זענען איינגעשטעלט געוואָרן די פארשידענע אמטן, צווישן זיי אויך דער שטייער־אמט. מיטאמאָל האָבן אלע באקומען אויפפאָדערונגען איינצו־צאָלן אלע שטייערן פון פאר דער מלחמה. אזוי ווי קיינער האָט נישט גע־וואָלט קומען אין קאָנפליקט מיט דער דייטשער מאכט, האָט יעדער ייד געצאָלט, וואָס מען האָט נאָר פון אים פארלאנגט.

צופעליק איז דער דייטשער פינאנץ־אינספּעקטאָר געווען א מענטש מיט א ביסל איינזעעניש און ער האָט גענומען אין אכט, אז מען קאָן נישט באצאָלן מיט איינמאָל אלע שטייערן פון יאָרן צוריק און אזעלכע, וואָס

זענען שוין לאנג אנולירט געוואָרן פון פוילישן שטייער־אמט. אויב עס האָט זיך עמעצער געווענדט צו אים מיט א ביטע, האָט ער געמאכט פאַר־לייכטערונגען מיט אויסצאָלן דעם פארלעגענעם שטייער־חוב. עס האָבן זיך אָבער געפונען פוילישע באאמטע, וועלכע זענען פון פריער געבליבן אין שטייער־אמט, האָבן זיי דעם אינספּעקטאָר „אויפגעקלערט״, אז יידן זענען רייך און אויב זיי וועלן מוזן, וועלן זיי באצאָלן. א יידישע פרוי האָט נישט געהאט צו באצאָלן די שטייערן און געוויינט פאר דעם דייטשן אינספּעקטאָר, האָט א פּוילישער באאמטער געלאכט און געזאָגט דעם דייטש, אז יידן וויינען נישט מיט קיין טרערן נאָר מיט וואסער. ער האָט די יידן דערנידע־ריקט אין די אויגן פון דעם נאָך נישט פארדאָרבענעם דייטשן אינספּעקטאָר. אזעלכע מיני באאמטע האָבן אויך געהאט א האנט אין דעם, וואָס מען האָט בכלל אויסגעזוכט אלטע, שוין לאנג אנולירטע שטייער־חובות. אזוי האָבן מיר חוץ די דייטשן אויך געהאט היימישע שונאים, וואָס האָבן אונדז אויף יעדן טריט שווער געמאכט דאָס לעבן.

די דייטשן האָבן זיך שוין ביי אונדז אין שטאָט געפילט ווי ביי זיך אינדערהיים און אָנגעהויבן אהערצוברענגען פון דייטשלאנד זייערע מענטשן אויף צו באזעצן זיך. עס זענען געקומען דייטשע באאמטע מיט זייערע פרויען און קינדער, וועלכע מען האָט געדארפט באזאָרגן מיט דירות, מעבל, וועש, בעטצייג און ענלעכע זאכן. דאָס פלעגט דערליידיקט ווערן זייער גיך אויף אזא מין אופן: גאנץ פרי, ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבן טאָגן און מענטשן זענען נאָך געשלאָפן, האָבן דייטשע זשאנדארמען ארומגערינגלט א הויז, עטלעכע הייזער אָדער גאָר א גאנצע גאס הייזער. אין דער זעלבער צייט זענען אנדערע זשאנדארמען אריין אין די וווינונגען און באפוילן די יידן, אז אין משך פון צען מינוט זאָלן זיי פארלאָזן דאָס הויז. מיטנעמען מעג יעדער בלויז א קליין פּעקל מיט דעם נויטיקסטן און ווארטן אויפן הויף ביז מען וועט רעווידירן די פּעקלעך. אויפן הויף ווערט פון די פּעקלעך צו־גענומען א העלפט און נאָכן באקומען א ביסל קלעפּ, ווערן די יידן ארויס־געוואָרפן אויף דער גאס.

די ארויסגעטריבענע משפחות — מענער, פרויען, קינדער און אלטע לייט, וועלכע האָבן זיך נאָך ערשט מיט א האלבער שעה צוריק געפונען אין אן איינגעפונדעוועטער היים, לאָזן זיך פּאמעלעך גיין אין גאס, היימ־

לאָזע און בארויבטע פון דעם נייטיקסטן; זיי גייען וויינענדיק צו נאָענטע אָדער באקאנטע, וועלכע עס קאָן שוין אפשר מאָרגן טרעפן דער זעלבער גורל.

דאָס טרייבן פון די וווינונגען האָט ארויסגערופן א פּאניק. יידן האָבן געזוכט עצות, ווי אזוי פארהיטן נישט צו בלייבן אין פארלויף פון עטלעכע מינוט א פולשטענדיקער אָרימאַן. האָבן מענטשן אויסגעזוכט באקאנטע פּאָליאקן און זיי געבעטן נעמען צו זיך מעבל, פּעלצן, מלבושים, וועש און אלע בעסערע זאכן, כדי זיי זאָלן נישט ארייַנפאלן צו די דייטשן. די פּאָליאקן האָבן זייערע יידישע באקאנטע געטון די טובה און גענומען צו זיך די זאכן, ביז די שלעכטע צייטן פאר די יידישע גוטע פריינט וועלן פארביי. טייל יידן ווידער פארקויפן צו די פּאָליאקן די בעסערע זאכן בחצי חינם, כדי נישט מוזן צוזען, ווי דער גרעסטער שונא רויבט עס אינגאנצן אוועק.

חוץ דירות פאר די באאמטע דארף די דייטשע מאכט אויך האָבן גרויסע און שיינע לאָקאלן פאר זייערע אמטן. אין א געוויסן טאָג באקומט דער „יודן־ראט" א באפעל צו שיקן ארבעטער מיט פערד און וואָגן אין יידישן גימנאזיום. דאָרט האָבן שוין געוואַרט דייטשן, וועלכע האָבן באפוילן די יידן אוועקצופירן אלדינג, וואָס האָט זיך געפונען אין דער געביידע, אין די דייטשע מאגאזינען, וווּ עס זענען צונויפגעזאמלט געוואָרן די צוגערויבטע זאכן ביי יידן. דער גימנאזיע־בנין ווערט צוגענומען אויף איינצואָרדענען דעם ארבעטס־אמט. באלד האָבן יידישע ארבעטער געפירט איבער די גאסן אָנגעלאָדענע וועגענער מיט שול־בענק, טישן, שענק קאטעדרעס און אנדערע מעבל. ווידער ווערט חרוב א יידישער בנין.

אויפן אנדערן טאָג איז געקומען א באפעל פון שטאָט־הויפּטמאן; רעמאָנטירן די געביידע פון יידישן גימנאזיום. יידישע אינזשינירן פון דער טעכנישער אָפּטיילונג ביים „יודן־ראט" האָבן באלד אָנגעהויבן די ארבעט מיט יידישע ארבעטער און פאכלייט ביים אויפפרישן די געביידע. טאָג נאָך טאָג ארבעטן יידישע ארבעטער ביי דער דייטשער פּתם און רעמסס־ארבעט, און פארנאכט זעט מען זיי גיין צוריק פארהאָרעוועטע מיט זייער ארבעט־געצייג אין די הענט, די קעפּ אראָפּגעבויגענע צו דער ערד, די ווייסע שאנד־בענדער אויף די אָרעמס, פארביטערט, וואָס זיי זענען געצוווּנגען

מיט די איינענע הענט, מיט די יידישע הענט, צו צעשטערן א יידישע קול־טור־פּאָזיציע און צוגרייטן זי פאר דעם גרעסטן יידישן שונאס וועגן.

דעם זעלבן גורל וואָס דאָס יידישע גימנאזיום האָט אויך געהאט דאָס יידישע שפּיטאָל:

אין א געוויסן טאָג קלינגט דער טעלעפאָן אין „יודן־ראט"; עס רעדט דער פארטרעטער פון שטאט־הויפּטמאן, ער באפעלט, אז קאפּינסקי, דער פּרעזעס פון „יודן־ראט", זאָל זיך באלד צו אים מעלדן. דער פּרעזעס פאָרט אין גרויס איילעניש אוועק צום שטאט־הויפּטמאן און קומט באלד צוריק א נידערשלאָגענער. ער רופט באלד צו א זיצונג פון „יודן־ראט" און מעלדעט, אז ער האָט באקומען א באפעל פון דער שטאָט־הויפּטמאנ־שאפט, מען זאָל פריי מאכן אלע געביידעס פון יידישן שפּיטאָל, מען זאָל צונעמען פון דאָרט אלע זאכן און דעם בנין איבערגעבן דער זשאנדאר־מעריע. די זאך מוז אָפּגעטון ווערן גיך, ווייל אין באפעל איז אָנגעגעבן געוואָרן א קורצער טערמין.

צומאָרגנס גאנץ פרי האָט מען געקאָנט זען, ווי פון א הויז ווערן ארויסגעוואָרפן יידישע לאָקאטאָרן. יידישע ארבעטער האָבן אונטערן באַ־פעל פון דייטשע זשאנדארמען אוועקגעפירט פון דאָרט דאָס מעבל אין די דייטשע מאגאזינען.

אָט אין דעם הויז אריין האָט זיך עס געדארפט אריבערקלייבן דאָס יידישע שפּיטאָל.

דאָס יידישע שפּיטאָל האָט זיך געפונען נאָך דער בריק, ביים ברעג פון דער ווארטא. עס איז באשטאנען פון א 10 זייער שיינע בנינים. אין גערוימע זאלן, די ווענט ווייס לאַקירט, זענען געשטאנען ווייסע בעטן פאר יידישע קראנקע. אין ווייטערדיקע געביידעס איז געווען איינגעאָרדנט א קיך, וועשעריי, קאנצעלאריע, וווינונגען פאר דאָקטוירים און באאמטע. ארום די בנינים האָט זיך געפונען א גרויסער גאָרטן מיט בענק.

די יידישע באפעלקערונג פון אונדזער שטאָט האָט דאָס שפּיטאָל אויפגעבויט און אויסגעהאלטן שוין זינט צענדליקער יאָרן, רייכע יידן האָבן געגעבן גרויסע סומעס געלט און אלע יידן האָבן געצאָלט א חודשלעכן־ביישטייער פארן שפּיטאָל. טשענסטאָכאָווער יידן זענען שטאָלץ געווען מיט זייער שפּיטאָל. און אָט האָט מען געמוזט דאָס גאנצע שפּיטאָל אריבער־

טראָגן אין עטלעכע שמוציקע צימערן ערגעץ אין א הינטער־גאס. אלץ האָט געמוזט געמאכט ווערן אזוי גיך, אז עס איז נישט געווען קיין צייט זיך ארומצוקוקן, וואָס דאָ איז געשען. שטובן־מאלער גייען שוין מיט זייערע לייטערס, כדי אויסצוווייסן מיט קאלך די עטלעכע צימערן דאָרט, פון וואנען מען האָט נעכטן ארויסגעוואָרפן די יידישע איינוווינער. מען דארף אויך גיך איינאָרדענען א קליין שפּיטאָל. דארע יידישע פערדלעך מיט צע־בראָכענע וועגעלעך ברענגען צופירן די בעטן פון יידישן שפּיטאָל, די טישן, בענק און אנדערע מכשירים. אלדינג ווערט דערוויילי אָנגעוואָרפן אויפן קליינעם הויף, ביז די שטיבלעך וועלן זיין אויסגעקאלכט.

דער טאָג איז א טריבער. עס פאלט א דינער רעגן־פּוך פון הימל און זעצט זיך אָן ווי טראָפּנס שוויים אויף די ווייסע שפּיטאָל בעטלעך, אויף די דארע פערדלעך, אויף די איבעריקע שפּיטאָל מכשירים, וואָס וואלגערן זיך אויפן שמוציקן הויף און אויף די יידישע דאָקטוירים וואָס זענען אהערגעקומען א קוק טון, ווי דאָס „שפּיטאָל" וועט אויסזען אין דעם נייעם אָרט.

די ארבעט ווערט געטון שנעל, אלע איילן זיך, כדי צו האלטן דעם טערמין, וועלכן דער שטאט־הויפּטמאן האָט געגעבן אויף דעם אריבערקלייבן זיך.

דער פרישער קאלך איז נאָך נישט צוגעטרוקנט אויף די ווענט, און שוין זענען די בעטלעך, טישן און אלע אנדערע זאכן אריינגעוואָרפן גע־וואָרן אין די שטיבלעך.

דעם אנדערן טאָג זענען אריבערגעפירט געוואָרן די שווער־קראנקע, און די וואָס האָבן נאָך געקאָנט אליין שטעלן די פיס אויף דער ערד, זענען אויסגעשריבן געוואָרן פון שפּיטאָל.

אזוי האָבן די דייטשן צוגערויבט ביי דער יידישער באפעלקערונג דעם שפּיטאָל־בנין.

* * *

די דייטשע אָקופּאציע־מאכט האָט אויך נישט פארגעסן צו באזאָרגן דאָס מיליטער אפילו מיט פּראָסטיטוציע־הייזער. און אויך פאר דעם דאָזיקן צוועק האָבן יידן געמוזט צושטעלן לאָקאלן.

דער גורל איז געפאלן אויפן איינציקן יידישן האטעל אין שטאט „האטעל קופיעצקי", אויף אלעא נומער 18.

אינמיטן א העלן טאג זענען דייטשע זשאנדארמען באפאלן דעם דאזיקן יידישן האטעל, ארויסגעווארפן דעם אלטן אייגנטימער מיט זיין פאמיליע, זיי גוט צעשלאגן און אריינגעפירט אהין די פרויען פאר פראס־טיטוציע.

פארן טויער איז אוועקגעשטעלט געווארן א וואך, וועלכע האט קאנ־טראלירט די איינטריט־קארטן צו די פרויען.

דאס דאזיקע פראסטיטוציע־הויז איז געווען „טעטיק" בייטאג און ביינאכט און די שכנים ארום האבן נישט געהאט קיין מנוחה פון די שטענ־דיקע אוואנטורעס און סקאנדאלן, וואס האבן זיך דארט כסדר אפגעשפילט.

נאך א געוויסער צייט האט דער לאקאל זיך ארויסגעוויזן פאר צו קליין און די מאכט האט אויסגעפונען אן אנדער יידיש הויז פארן דאזיקן צוועק:

ביי אונדז אין שטאט איז חוץ דעם יידישן גימנאזיום געווען נאך א פריוואטע מיטל־שול פאר יידן, וועלכע איז געווען דאס אייגנטום פון דר. אקסער. ער האט פאר זיין געלט אויפגעבויט דעם בנין און איז אויך געווען דירעקטאר פון דער שול. די דאזיקע שול האט זיך געפונען אין דער געגנט פון דער הויפט־פאסט אין א רואיקער גאס.

אט דעם בנין האט די דייטשע מאכט אויסגעקליבן פאר דעם מילי־טערישן פראסטיטוציע־הויז. אין א געוויסן טאג איז דער דר" אקסער און זיין פרוי ארויסגעווארפן געווארן פון זיין וווינונג און פון דער גאנצער געביידע, עס איז זיי פארווערט געווארן מיטצונעמען די מינדסטע קלייני־קייט, אפילו זייער פערזענלעכע וועש האבן זיי געמוזט איבערלאזן. דאס שול־מעבל און אלע זאכן פון דער וווינונג האבן יידן געמוזט אפפירן אין די דייטשע מאגאזינען און ווען אלע צימערן זענען געווען אויסגעליידיקט, האט דער „יודן־ראט" באקומען א באפעל אויסצושטאטן דאס הויז מיט לוקסוס, אז די מיליטער־לייט זאלן האבן אלע באקוועמלעכקייטן זיך צו „פארוויילן".

דער „יודן־ראט" האט צוגעשטעלט די נויטיקע ארבעטער און מא־טעריאלן און עס זענען אין דעם הויז געשאפן געווארן גרויסע זאלן, קא־

דידאָרן און צימערן. דאָס שענסטע מעבל, וואָס האָט זיך נאָר געפונען ביי די רייכסטע יידן, האָט דער „יודן־ראט״ צוגענומען פארן מיליטערישן „פארוויילונג־הויז״. די דילן זענען באדעקט געוואָרן מיט פערסישע דיוואַ־נען, די ווענט באצירט מיט קילימס און טייערע בילדער, די זאלן און צי־מערן זענען באלויכטן געוואָרן דורך די שענסטע לאָמפּן און זשיראנדאָלן, וואָס מען האָט נאָר געקענט באקומען. עס זענען אריינגעשטעלט געוואָרן לוקסוסדיקע סאָפעס, בעטן, קאָלדרעס, בעטציייג און אלץ, וואָס איז נויטיק אין אזא „פארוויילונג־לאָקאל״.

צענדליקער פון די בעסטע יידישע פאכלייט זענען געווען באשעפ־טיקט ביי אָט דער ארבעט לאנגע וואָכן.

דער פארטרעטער פון שטאָט־הויפּטמאן פלעגט אָפט באזוכן דאָס הויז, בשעת עס איז רעמאָנטירט געוואָרן. ער האָט תמיד מיטגענומען א „שפּיצרוטע״, מיט וועלכער ער האָט געשמיסן די יידישע ארבעטער, אונטער־יאָגנדיק זיי אין דער ארבעט.

ווען דער לאָקאל איז געווען איינגעאָרדנט, האָט נאָך דער „יודן־ראט״ באקומען דעם באפעל צוצושטעלן די טייערסטע זיידענע וועש פאר די פרויען. און אז אלץ ארום און ארום איז געווען פארטיק, האָט דער פארטרעטער פון שטאָט־הויפּטמאן מיט דער „שפּיצרוטע״ אין דער האנט געגעבן א באפעל: „יודען, מאכט, דאס איר וועגקאָמט!״

פון דעם טאָג אָן האָט קיין שום ייד זיך נישט געטאָרט דאָרט ווייזן פאר דעם הויז.

X

## אין די נעגל פון דער געשטאַפּאָ

איבער א שיין ניי הויז אויף קילינסקי־גאס נומער 10 האָט געפלאַ־טערט א לאנגע רויטע פאָן מיט א גרויסן האקנקרייץ. די פאָן איז געווען אזוי גרויס, אז עס האָט געמאכט דעם איינדרוק, ווי זי וואָלט צוגע־דעקט דעם גאנצן דריי־שטאָקיקן בנין.

דאָס איז געווען די ביוראָ פון דער „געשטאַפּאָ״.

### ש ל מ ה   וו א ג א

וואָס געשטאַפּאָ איז, האָבן מיר געהאט געהערט נאָך פאַר דער מלחמה: די געשטאַפּאָ־לייט שלאָגן און מאָרדן זייערע פּאָליטישע קעגנער, פאַרפּייניקן זיי אין קאָנצענטראַציע־לאַגערס; זיי זייען טויט און די אָפּ־צייכענונג אויף זייערע מונדירן איז א טויטן־קאָפּ. יעדער פון זיי איז א מלאך המות.

אָבער אָט האָבן מיר נעקאָנט זען פון דער נאָענט און פילן אויף דער אייגענער הויט, וואָס אזעלכעס געשטאַפּאָ איז:

איינמאָל אין א שבת נאָכמיטאָג, ווען א טייל יידן זענען געווען אין גאס, אָנגעטון אין בעסערע מלבושים, האָבן געשטאַפּאָ־לייט זיך ארויסגע־לאָזט אין א געיעג אויף יונגע און עלטערע פרויען. זיי האָבן צונויפגענו־מען א גרעסערע גרופּע און אוועקגעפירט צום מאגיסטראַט־פּלאַץ, ווו עס איז געלעגן בוי־מאַטעריאַל — ציגל, שטיינער, ליים און אנדערע זאכן. דאָ האָט מען באפוילן די פרויען אויסצוטון זייערע ווינטער־מאַנטלען אָדער פּעלצן, אוועקלייגן זיי אין א זייט אויפן אָפענעם פּלאַץ און זיך נעמען צו דער ארבעט, וועלכע איז באשטאַנען אין טראָגן די ציגל און שטיינער פון איין עק פּלאַץ און דערנאָך צוריק אויפן זעלבן אָרט, פונוואַנען מען האָט זיי גענומען.

די קריסטלעכע פאַרבייגייער, וועלכע האָבן זיך אָפּגעשטעלט זיך צוצוקוקן צום ספּעקטאַקל, האָבן חוזק געמאַכט און געלאַכט פון די פרויען, וואָס זענען אויף אזא ברוטאַלן אופן געמאַטערט און באַליידיקט געוואָרן. ערשט ווען עס איז געוואָרן פינסטער, האָט דאָס פּייניקן איפּגעהערט. נישט אַלע פרויען האָבן צוריק געפונען זייערע מאַנטלען, א סך מאַנטלען זענען דורכן המון צוגערויבט געוואָרן. ביים ארויסגיין פון פּלאַץ האָבן די דייטשן זיך אויסגעשטעלט אין צוויי רייען און אין מיטן געלאָזט די פרויען אדורכ־גיין, שלאָגנדיק זיי מיט שפּיצרוטעס. דער פּוילישער המון ארום האָט מיט הנאה געלאַכט און באַגלייט די געשלאָגענע פרויען מיט שטאָך־און זידל־ווערטער. די יידישע פרויען האָבן אזוי ארום דערשפּירט דעם טעם פון דערנידערונג נישט נאָר פון די דייטשן, נאָר אויך פון די היימישע פּוילישע מיטבירגער.

אַן ענלעכע כוליגאַנישע טאַט האָט דעם זעלבן ווינטער־חודש פון

# AUFRUF
## an die jüdische Bevölkerung.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| am 18. März 1940 die Jahrgänge | | 1910 | 1911 | 1912 | 1913 |
| am 19. | " " | 1906 | 1907 | 1908 | 1909 |
| am 20. | " " | 1902 | 1903 | 1904 | 1905 |
| am 21. | " " | 1898 | 1899 | 1900 | 1901 |
| am 22. | " " | 1894 | 1895 | 1896 | 1897 |
| am 23. | " " | 1891 | 1892 | 1893 | |

Der Stadthauptmann
(-) Dr. WENDLER.

# WEZWANIE
## do ludności żydowskiej.

W pierwszej kolejności winni się zameldować w Radzie Starszych w Częstochowie przy ul. Katedralnej 7 w godzinach od 9 do 15 celem zarejestrowania się w kartotece pracy przymusowej:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| w dniu 18 marca 1940 r. roczniki | | 1910 | 1911 | 1912 | 1913 |
| w dniu 19 marca | " " | 1906 | 1907 | 1908 | 1909 |
| w dniu 20 marca | " " | 1902 | 1903 | 1904 | 1905 |
| w dniu 21 marca | " " | 1898 | 1899 | 1900 | 1901 |
| w dniu 22 marca | " " | 1894 | 1895 | 1896 | 1897 |
| w dniu 23 marca | " " | 1891 | 1892 | 1893. | |

Starosta Grodzki
(-) Dr. WENDLER.

# AUFRUF
## an die jüdische Bevölkerung.

Auf Grund des § 3 der zweiten Durchführungsvorschrift zur Verordnung vom 26. Oktober 1939 über die Einführung des Arbeitszwanges für die jüdische Bevölkerung des Generalgouvernements (Verordnungsblatt G. G. P. Seite 246) verfüge ich:

Die arbeitszwangspflichtigen männlichen Juden, wie auch die getauften Juden, in Tschenstochau der Geburtsjahrgänge 1914 bis inklusive 1923 melden sich beim Ältestenrat in Tschenstochau, Marienallee № 9, während der Amtsstunden 9-15 Uhr zwecks Eintragung in die Arbeitszwangskartei in der Reihenfolge:

am 9. März 1940 mit den Anfangsbuchstaben A-H

am 10. März 1940 mit den Anfangsbuchstaben I-R

am 11. März 1940 mit den Anfangsbuchstaben S-Z

Der Stadthauptmann
(-) Dr. WENDLER.

# WEZWANIE
## do ludności żydowskiej.

Na podstawie § 3 drugich przepisów wykonawczych do rozporządzenia Generalnego Gubernatorstwa z dnia 26 października 1939 r. w sprawie wprowadzenia przymusu pracy dla ludności żydowskiej (Dziennik Rozporządzeń Generalnego Gubernatora Str. 246) zarządzam:

Podlegający obowiązkowi pracy przymusowej mężczyźni Żydzi w Częstochowie oraz Żydzi ochrzczeni roczników 1914 do 1923 r. włącznie winni się zameldować w Radzie Starszych w Częstochowie przy ul. N. P. Marii № 9, celem zarejestrowania się w kartotece pracy przymusowej w godzinach między 9-15 w następującym porządku:

w dn. 9 marca 1940 z nazwiskami rozpoczynającymi się od A-H

w dn. 10 marca 1940 z nazwiskami rozpoczynającymi się od I-R

w dn. 11 marca 1940 z nazwiskami rozpoczynającymi się od S-Z

Starosta Grodzki
(-) Dr. WENDLER.

מעלדונגען וועגן צוואנגס־ארבעט פאר יידן.

סוף 1939 דורכגעפירט דער זשאנדארמעריע־אָפיציר אמבראס מיט זיינע חברים:

איינמאָל א זייגער צוועלף ביינאכט האָבן די לייט ארומגערינגלט עטלעכע יידישע גאסן און באפוילן, אז אלע יידן זאָלן באלד ארויסקומען צום נייעם מארק, דראָענדיק צו דערשיסן די, וואָס וועלן בלייבן אין די וווינונגען. אלע זענען ארויס און זיך געשטעלט אין טיפן שניי, ביי א פראָסטיק וועטער און שארפן ווינט. די געפייניקטע זענען אזוי גע־שטאנען ביז 5 אזייגער פארטאָג, ערשט דעמאָלט האָבן זיי די כוליגאנעס אוועקגעפירט צו זיך אין דער קאזארמע. דאָרט זענען אלע אויפגעפאָדערט געוואָרן זיך אויסצוטון נאקעט. די זשאנדארמען האָבן געזוכט אין די קליי־דער, צוגענומען געלט, זייגערס, פינגערלעך און אלץ וואָס האָט נאָר געהאט עפעס א ווערט. די נאקעטע פרויען זענען דורך די זשאנדארמען אנידער־געוואָרפן געוואָרן אויף די טישן צו אן אינטימער אונטערזוכונג. די פייניקונגען האָבן אזוי געדויערט ביז 6 אזייגער אָוונט. דעמאָלט ערשט זענען די פרויען, באליידיקטע, מאָראליש און פיזיש־צעבראָכענע, האלב־אָנגעטוענע פון דאָרט ארויסגעוואָרפן געוואָרן.

די געליטענע יידן מיט זייערע פרויען זענען געקומען אין „יודן־ראט" זיך באקלאָגן אויף דער זשאנדארמעריע. אָבער דער „יודן־ראט" האָט זיי גאָרנישט געקענט העלפן. דער „יודן־ראט" האָט בלויז געהאט דאָס רעכט צו טון אלדינג מיט זיינע יידן, אז די באפעלן פון דער מאכט זאָלן גיך און פינקטלעך אויסגעפירט ווערן, ער האָט אָבער נישט געהאט קיין שום רעכט צו אינטערווענירן וועגן עוולות, וואָס די דייטשן טוען די יידן.

* * *

אין א כמורנעם נאָכמיטאָג זענען געשטאפּאָ־לייט צוגעפאָרן מיט אן אויטאָ אויף גאריבאלדי־גאס צו א געוויסן ייד מיטן נאָמען לענטשנער. לענטשער איז גראד נישט געווען אינדערהיים און די געשטאפּאָ־לייט האָבן קודם־כל געפאָדערט, די פרוי לענטשנער זאָל זיי געבן א שטעקן. אזוי ווי אין שטוב האָט זיך נישט געפונען קיין שטעקן, האָט די פרוי געמוזט ברענ־גען פון א שכן. דערווייל איז אָנגעקומען לענטשנער און די געשטאפּאָ־לייט

האָבן אים צוזאמען מיט דער פרוי אריינגענומען אין א צימער, פון וואַנען א שכן האָט דורך דער וואנט באלד דערהערט קלעפּ און געשרייען. דאָס האָבן די דייטשן מיט דעם שטעקן, וואָס די פרוי האָט געבראכט, געשלאָגן לענטשנערן איבערן קאָפּ און געשריגן „גיב געלט, גאָלד, בריליאנטן!" דאָס פּאָרפאָלק האָט געעפנט די שענק, ארויסגענומען דאָס צירונג און אלע ווערט־זאכן און זיי אוועקגעגעבן די באנדיטן, אָבער דאָס איז פאר זיי אלץ געווען ווייניק און זיי האָבן אָנגעשטעלט די רעוואָלווערן אויף לענטשנערן און אים באפוילן זיך אויסצודרייען צו דער וואַנט. די פרוי איז דאן גע־פאלן זיי צו די פיס מיט א געבעט צו שענקען דעם מאן דאָס לעבן. דאן האָבן זיי באפוילן דעם מאן זיך אויסצוטון נאקעט און זיך אוועקלייגן אויפן טיש. זיי האָבן אים ווידער גענומען מערדערלעך שלאָגן און ווען ער האָט זיך געקורטשעט פאר יסורים, האָבן זיי געצוווּנגען די פרוי, זי זאָל דעם מאן צוהאלטן ביי די פיס, כדי ער זאָל זיך נישט ווארפן. דאָס פּאָר־פאָלק האָט שרעקלעך געוויינט און געשריגן און די קולות זענען דערגאנגען ביז אויף דער גאַס. אָבער די מערדער זענען אריין אין אזא ווילדקייט, אז וואָס מער זייערע קרבנות האָבן געוויינט און געשריגן, אלץ שטארקער־האָבן זיי געקלאַפּט מיטן שטעקן איבער דעם יידס נאקעטן קערפּער. לענטשנערס קינדער אין קיך האָבן שרעקלעך געוויינט און פון צער זיך געריסן די מלבושים פון לייב. צום סוף איז דער ייד אוועקגעפאלן אין חלשות און די פרוי האָט אויף אים געגאָסן וואסער, כדי אים צו דער־מינטערן. ווען די מערדער האָבן שוין געזען, אז ער רירט זיך נישט, האָבן זיי אים נאָך אלץ געשלאָגן, ביז זיין לייב איז געוואָרן שווארץ.

פאר זייער אוועקגיין האָבן זיי נאָך דער פרוי דערלאנגט א פּאָר קלעפּ און אָנגעזאָגט, אז מאָרגן אזייגער 4 נאָכמיטאָג זאָלן זיי קומען אין גע־שטאַפּאָ און מיטברענגען די ווערט־זאכן.

ווען די געשטאַפּאָ־באנדיטן זענען אוועק, האָבן שכנים אָנגעהויבן דעם ייד צו ראטעווען. מען האָט גערופן א דאָקטאָר, וועלכער האָט דעם צעשלאָגענעם לענטשנער געמאכט איינשפּריצונגען און געהייסן אים איינ־זויקלען אין נאסע לייליכער. ווען ער איז אביסל צו זיך געקומען, האָט מען אָנגעהויבן זאָרגן, ווי אזוי מעגלעך צו מאכן, ער זאָל צומאָרגנס קענען

גיין אין געשטאפּאָ־אמט, ווי די מערדער האָבן אָנגעזאָגט פאר דעם אוועק־גיין.

לענטשנערס משפחה־לייט זענען אוועק אין „יודן־ראט און דער־ציילט, וואָס עס איז ביי זיי געשען. דער פרעזעס פון „יודן־ראט" האָט בלויז הילפלאָז געהויבן די אקסלען. וואָס קאָן ער טון קעגן דער געשטאפּאָ? זענען זיי אוועק צו איינעם א ייד מיטן נאָמען וויינריב, וועלכער האָט עפּעס געהאט געוויסע באקאנטשאפטן אין דער געשטאפּאָ און געקענט דאָרט טיילמאָל אָפּשרייען פאר גוט געלט א גזרה.

אָבער אויך וויינריב האָט אין דעם פאַל בלויז גערדריט מיטן קאָפּ: ער ווייסט נישט, צי ער וועט האָבן די מעגלעכקייט צו רעדן מיט די זעלבע געשטאפּאָ־לייט, וואָס זענען געווען ביי לענטשנערן, אָבער ער וועט זיך באמיען עפּעס צו טון, אויב עס וועט זיך נאָר לאָזן.

צומאָרגנס, ווען עס האָט זיך דערנענטערט די באשטימטע שעה, איז דער שווער־קראנקער לענטשנער מיט גרויס מי ארויס פון בעט. זיין פרוי און קינדער האָבן אים אָנגעטון, אראָפּגעפירט פון די טרעפּ און ארויפגע־שטעלט אויף דער דראָזשקע — זיצן האָט ער נישט געקאָנט. זיין טאָכטער האָט אים צוגעהאלטן, ער זאָל נישט אומפאלן און אזוי זענען זיי אוועק אין געשטאפּאָ־אמט, מיטנעמענדיק דאָס פאמיליען־צירונג און געלט.

לענטשנער האָט מיט זיין צעשעדיקט לייב קוים זיך ארויפבאקומען אויפן צווייטן שטאָק פון דעם געשטאפּאָ־הויז. ער איז אריינגעפירט גע־וואָרן אין א צימער, אין וועלכן עס זענען געזעסן די צוויי פארשוינען, וואָס האָבן אים מיט א טאָג צוריק געשלאָגן. איינער האָט אים א פרעג געגעבן:

— האָסטו שוין ארויסגעשלעפּט דאָס גאָלד פון די לעכער? און ווער איז זי? — האָט ער אָנגעוויזן אויף לענטשנערס באגלייטערין.

— דאָס איז מיין פאָטער, — האָט געענטפערט די טאָכטער — ער קאָן אליין נישט גיין, האָב איך אים געהאָלפן אהערקומען.

זיי האָבן ארויסגעלייגט די מיטגעבראכטע זאכן. די צוויי מערדער האָבן אלדינג באקוקט גענוי, צוגענומען די גאָלדענע חפצים, בריליאנטענע פינגערלעך און דאָס געלט, דאקעגן די זילבערנע לייכטער מיט דער מנורה האָבן זיי צוריקגעגעבן. איינער פון די צוויי לייט האָט אָנגעשריבן א צעטל, וועלכן ער האָט אנידערגעלייגט אויפן טיש און א זאָג געטון: „שרייב

אונטער!״ לענטשנער האָט גלייך אונטערגעשריבן, נישט קוקנדיק וואָס אין צעטל איז געשריבן. דער צעטל ווערט פאָרגעלייענט און עס הייסט דאָרט, אז בשעת א רעוויזיע אין דער וווינונג פון דעם ייד לענטשנער זענען געפונען געוואָרן טויזנט זלאָטעס, וועלכע ווערן רעקוויזירט לטובת דעם דייטשן רייך לויטן „געזעץ״, אז א ייד טאָר נישט האָבן מער ווי צוויי הונ־דערט זלאָטעס אין מזומנים.

מיט דעם דאָזיקן צעטל איז לענטשנער אוועק אהיים, א צופרידענער, וואָס עס האָט זיך נאָך „גוט״ געענדיקט, און איז אָפּגעלעגן צו בעט א חודש צייט, ביז די וווּנדן אויף זיין לייב האָבן זיך פארהיילט.

* * *

דער אָנפירער פון דער געשטאפּאָ האָט געהייסן קריגער. פון אים האָבן יידן געהאט אויסצושטיין גרויסע צרות. באלד אין ערשטן טאָג ווי ער האָט זיך באוויזן, האָט ער באפוילן, די יידישע איינוווינער זאָלן ריי־ניקן די הייזער און די גאסן אונטער דער השגחה פון די ביז איצטיקע פּויל־לישע הויז־וועכטער. יעדן פרימאָרגן האָט ער אליין קאָנטראָלירט די יידן ביי דער ארבעט און נאָכגעקוקט, צי די הויז־וועכטער גיבן גוט אכטונג ווי די יידן ארבעטן. ער האָט יעדן טאָג אויסגעפונען נייע אופנים צו מאטערן און דערנידעריקן די יידישע איינוווינער. איינמאָל למשל האָט ער געהייסן ווארפן שטיינער פון איין אָרט אויפן אנדערן און דערנאָך צוריק, אן אנדער מאָל האָט ער אויסגעזוכט אן ענלעכע „ארבעט״ און אזוי האָט ער יעדעס מאָל דערפונדן נייע סאדיסטישע שטיק. די יידישע פרויען האָבן געמוזט וואשן די אלנעמיינע קלאָזעטן פון די הייזער, די טרעפּ און אנדערע שמוציקע ערטער.

אין די יידישע הייזער האָט ער באפוילן, די הויז־וועכטער — וועלכע זענען אלע געווען פּאָליאקן — זאָלן זיך ארייַנציען אין די דירות פון די באלעבאטים און די באלעבאטים אין די דירות פון זייערע הויז־וועכטער. אין די הייזער ווידער פון קריסטלעכע באלעבאטים האָט ער באפוילן א יידישן לאָקאטאָר אוועקצוגעבן זיין וווינונג דעם הויז־וועכטער און זיך ארייַנציען אין דעם הויז־וועכטערס וווינונג. אויך זיין פריוואט־ווויַנונג

האָבן יידן געמוזט אויפרוימען און רייניקן און דאָס גאנצע הויז, וווּ זיין וווינונג האָט זיך געפונען. ער איז תמיד ארומגעגאנגען מיט א שפּיצרוטע, געפלאָכטן פון דראָט און בליי און געשלאָגן יעדן פארבייגייענדיקן ייד, פרוי און קינד.

ער פלעגט אויך העלפן די „פאָלקס־דייטשן", וועלכע זענען באשטימט געוואָרן פאר אדמיניסטראטאָרן אין די יידישע הייזער, איינקאסירן דאָס דירה־געלט ביי די יידישע לאָקאטאָרן. ער מיט דעם „פאָלקס־דייטש" פלעגט אריינגיין אין א הויז און באפעלן, אז אלע יידן זאָלן זיך שוין אויפן אָרט מעלדן צו זיי. ווען די יידן זענען אראָפּ אויפן הויף, האָט זיי דער געשטאפּאָ־פארשוין אויסגעשטעלט אין א ריי, אריינגעשפּיזט אין יעדן זיין גיפטיקן בליק און גענומען שלאָגן אלע אָן אונטערשיד — מענער, פרויען און קינ־דער, ביז זיי האָבן זיך באגאָסן מיט בלוט. דערנאָך האָט ער זיי געגעבן ארבעט: איבערוואַרפן שטיינער פון אָרט צו אָרט אונטער דער אויפזיכט פון פּוילישן הויז־וועכטער.

נאָך א צוויי שעה, ווען די יידן זענען שוין געווען פארמאטערט פון דער ארבעט, האָט ער זיי נאָכאמאָל אויסגעשטעלט אין א ריי, ווידער גע־שלאָגן איבער די קעפּ און געהאלטן א רעדע בזה הלשון: איר הינט! דאָס דירה־געלט וואָס איר זענט שולדיק ביזן היינטיקן טאָג און דערצו נאָך פאר א חודש פאָראויס, זאָלט איר דאָ באלד ארויסלייגן. און פון היינט אָן זאָלט איר אריינטראָגן צו דעם דייטשן הער (אָנווייזנדיק אויפן „פאָלקס־דייטש") דאָס געלט אין פאָראויס.

עס פארשטייט זיך, אז דאָס געלט איז באלד געלעגן ביי דעם אדמי־ניסטראטאָר אין טאַש. פאר די לאָקאטאָרן, וואָס האָבן נישט געהאט צו באצאָלן, האָבן אנדערע באצאָלט, כדי וואָס שנעלער פּטור צו ווערן פון די לייט.

אין א קורצער צייט ארום האָבן מיר געלייענט אין די דייטשע צייט־טונגען, אז דער דאָזיקער קריגער איז באשטימט געוואָרן פאר געשטאפּאָ־שעף איבערן גאנצן „גענעראל גוּווערנעמענט". מיטאמאָל האָבן מיר ערשט דערזען, וואָס פאר א „גרויסן" מאן מיר האָבן דאָ געהאט.

* * *

אין דער געשטאַפּאָ האָבן די אָנפירער־פּאָסטנס פארנומען דייטשן און א טייל „פאָלקס־דייטשן”. פּאָליאקן זענען געווען באשעפטיקט אלס געהיים־אגענטן.

עס האָט זיך געפונען איינער, וואָס איז פאר דער מלחמה געווען א פּוילישער פּאָליציאנט, אונטער דער דייטשער אָקופּאציע איז ער געוואָרן א „פאָלקס־דייטש”. ער האָט זיך גערופן שאבעלסקי. ער האָט גוט געקענט די מענטשן פון אונדזער שטאָט. ער האָט זיך באלד אין אָנהייב א נעם געטון צו יידן. ביי אלע רעוויזיעס איז ער געווען דער אָנפירער. גערעדט האָט ער נאָר דייטש און געשלאָגן יידן האָט ער מערדערלעך. זיין בעסט פארגעניגן איז געווען צו זען יידיש בלוט. ער איז נישט ארויס פריער פון א יידישער שטוב, ביז ער האָט נישט דאָרט עמיצן געמאכט פאר א קריפּל.

* * *

איך בין אמאָל אינדערפרי ארויס אין גאס. פּלוצלינג דערשפּיר איך א שווערע האנט אויף מיין אָרעם. איך דריי מיך אויס און דערזע פאר מיר שטיין א פּוילישן באן־באאמטן. ער זאָגט צו מיר:

— ווּ האָסטו דיין אָרעם־באנד? דו ביסט דאָך א ייד!

איך טו א קוק אויף מיין רעכטן אָרעם און דערזע, אז כ'האָב פארגעסן ארויפצולייגן די אָרעם־באנד. דער באן־באאמטער הייסט מיך באלד פירן אין פּאָליציי־קאָמיסאריאט. איך דערצייל דעם פארשוין, וואָס פירט מיך, אז איך האָב היינט אָנגעטון אן אנדער מלבוש און פארגעסן ארויפצולייגן די אָרעם־באנד. דאָס אינטערעסירט אים אָבער נישט. מען טאָר נישט פארגעסן. איבעריגנס, זאָגט ער, דער באן־באאמטער איז פון דער געשטאַפּאָ, זיין באפעל מוז אויסגעפירט ווערן.

מיר קומען אָן אין לאָקאל פון דער פּוילישער פּאָליציי, דער דיזשורירנדיקער פּאָליציאנט לעגיטימירט מיך אויס און נאָך מיין פארענטפערן זיך פארלאנגט ער פון מיר א קליינע געלט־שטראָף. ווען איך לייג ארויס דאָס געלט אויפן טיש, באווייזט זיך פון א צווייטן צימער א העכערער פּאָליציי־באאמטער, וועלכער איז מיט מיר געווען אמאָל באפריינדעט, און הערנדיק וועגן וואָס עס האנדלט זיך, דערקלערט ער קורץ: „יידן וואָס ווערן פאר־

האַלטן אָן אָרעם־בענדער, דאַרפן אָפּגעשיקט װערן אין געשטאַפּאָ". איך פּרוּװ מיך פאַרטײדיקן, פאַרװאָס איך האָב הײנט נישט געהאַט אױף זיך די אָרעם־באַנד, אָבער דער נעכטיקער „פרײנט" מײנער װיל מיך אפילו נישט רעכט אױסהערן. מען פאַרהאַלט מיך, ביז דער קאָמיסאַר װעט קומען, און װען יענער קומט, באַמיט זיך מײן אַמאָליקער „פרײנט", אַז מען זאָל מיך אַװעקשיקן אין געשטאַפּאָ.

אונטער אַ װאַך פון פּױלישער פּאָליצײ פירט מען מיך אין געשטאַפּאָ, װוּ די פּאָליציאַנטן גיבן־איבער, אין װאָס עס באַשטײט מײן „פאַרברעך". װען איך פּרוּװ מיך צו פאַרענטפערן, באַקום איך אַ באַפעל: „מונד האַלטן!" און נאָכן אױסלײדיקן בײ מיר די טאַשן װער איך אַראָפּגעפירט אין אַ קעלער און פאַרשלאָסן אין אַ צעלע.

איך דערזע מיך אין אַ קעמערל פון אײן מעטער די ברײט און דרײ מעטער די לענג. עס געפינט זיך דאָרט נישט מער װי אַ לאַנגע שמאָלע באַנק און אַן עמער. די פּאָדלאָגע איז אַ שטײנערנע, בײם סופיט געפינט זיך אַ קלײן פענסטערל, פאַרשמירט מיט קאַלך און פאַרקראַטעװעט. עס איז דאָ שרעקלעך קאַלט, נישט געקוקט װאָס אױף דער גאַס איז גראַד זוניק. די שעהען ציען זיך פּאַמעלעך אין הונגער און אין קעלט. ענדלעך דערהער איך שװערע טריט. די טיר עפנט זיך און איך באַקום אַ באַפעל: „אַרױס!" מען פירט מיך װידער אַרײן אין דעם זעלבן צימער, װוּ איך בין געװען פאַרמיטאָג. דאָרט געפינט זיך אַ ציװיל־געקלײדעטער מאַן. אין דעם זעלבן מאָמענט באַװײזט זיך װײנריב. ער זאָגט, װײזנדיק אױף מיר, „דאָס איז ער מײן קוזין, פאַר װעלכן איך האָב הײנט געבעטן". דער ציװילער װענדט זיך צו מיר בײז: „פאַרװאָס װילסטו נישט טראָגן די שאַנד־באַנד, נאָר װילסט אָנגײן אַלס קריסט?"

איך באַמערק מײן מאַנטל, װעלכן איך האָב הײנט איבערגעלאָזט אין מײן װױנונג, ליגט דאָ אױף אַ באַנק מיט דער באַנד. איך פאַרשטײ, אַז דאָס האָבן זײ געלאָזט ברענגען מײן מאַנטל, כדי צו זען, צי די באַנד איז דאָרט פאַראַן. איך פאַרענטפער מיך װידער, אַז איך האָב פאַרגעסן אַרױפצולײגן די באַנד אױפן אָרעם. דער ציװילער נעמט אַרױס פון זײן ביוראָ־טיש אַ לאַנגן געפלאָכטענעם קאַנטשיק, ער װײזט אים מיר און זאָגט:

— װען דו זאָלסט נישט זײן װײנריבס קוזין, װאָלסטו באַקומען

צוואנציק שמיץ! אָבער אויב דו וועסט נאָך אמאָל געכאַפּט ווערן אָן אָרעם־באנד, וועל איך דיר הייסן מיט א גליענדיק אייזן אויסברענען אויפן שטערן דיין יידישן מגן דוד.

ווען איך בין ענדלעך ארויס פון געשטאַפּאָ־הויז, האָב איך לייכטער אָפּגעאָטעמט.

## XI

# פאַרפאָלגונגען און גזלה

די דייטשע מאכט האָט ארויסגעגעבן א מעלדונג, אז אלע פּוילישע באאמטע זאָלן זיך צוריקקערן צו די פּאָסטנס, וואָס זיי האָבן פארנומען פאר דער אָקופּאציע.

גאָר גיך זענען די פּוילישע באאמטע צוריק אריינגעצויגן געוואָרן אין די אמטן. ביי דער אָנפירונג פון יעדן אמט האָט זיך געפונען א דייטש און זיין נאָענטסטער מיטארבעטער איז געווען א פאָלקס־דייטש.

די שטאָט־פארוואלטונג האָט געארבעט אונטער דער אָנפירונג פון היגן באקאנטן פּוילישן סוחר פּאוועל בעלקע. דער דאָזיקער בעלקע איז נאָך בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען א דייטשער אגענט און ער איז אויך דאָס מאָל געוואָרן אזעלכער, ווי נאָר די דייטשן זענען צו אונדז אריין אין שטאָט.

אלס סוחר האָט ער געהאט א סך יידישע באקאנטע, וועלכע האָבן איצט געפּרוּווט פּאָרזיכטיק בעטן א טובה. בעלקע האָט נישט אָפּגעזאָגט, אָבער אויך גאָרנישט געטון. ער איז נישט געווען גוט און נישט שלעכט.

אינגיכן האָט אָנגעהויבן דערשיינען א פּוילישע צייטונג, וועלכע האָט פארעפנטלעכט די העסלעכסטע זלזולים אויף יידן און זיך באמיט צו דער־ווייזן, אז די געוועזענע פּוילישע רעגירונג צוזאמען מיט די יידן זענען שולדיק אין דער מלחמה. די דאָזיקע העץ־ארבעט איז געוואָרן וואָס אמאָל אָפּטער און גיפטיקער. און היות די צייטונג איז געווען די איינציקע קוועלע פון נייעס, האָט זי געהאט א סך לייענער. די רעדאקטאָרן האָבן נישט גע־

האט קיין שוועריקייטן אויסצוגעפינען מיטארבעטער, מחמת עס האָבן ביי אונדז קיינמאָל נישט געפעלט קיין פוילישע אנטיסעמיטן.

אין אן אויפרוף פון דעם גענעראל־גובערנאטאָר דר. פראנק צו דער פוילישער באפעלקערונג האָט אויך נישט געפעלט קיין גיפטיקע העצע קעגן יידן. אויך די געוועזענע פוילישע פּאָליציי האָט צוגעטראָגן איר חלק צו די פארפאָלגונגען לגבי דער יידישער באפעלקערונג. די דייטשע מאכט האָט איבערגערופירט די פריערדיקע פוילישע פּאָליציי, איבערלאָזנדיק זי אין די זעלבע אוניפאָרמען פון פאר דער מלחמה. די פּאָליציאַנטן האָבן באַקומען די זעלבע פּענסיעס וואָס פריער, זיי האָבן אויסגעפירט זייער פּאָליציאישע פונקציע צוזאמען מיט דייטשע זשאנדארמען. די פוילישע פּאָליציאנטן האָבן געקענט יעדן מענטש אין שטאָט און געוווסט מיט וואָס איינער באשעפטיקט זיך. עס זענען דעריבער צוזאמענגעשטעלט געוואָרן אזעלכע פּאָרלעך: א דייטשער זשאנדארם און א פוילישער פּאָליציאַנט. צווישן אנדערע אויפגאבן האָבן זיי אויך געהאט דאָס קאָנטראָלירן די פרייזן אין די געשעפטן. פארשטייט זיך, אז קודם כל האָבן זיי אכטונג געגעבן אויף יידישע געשעפטן און תמיד שוין אויסגעפונען עפּעס א חטא. דער פוילישער פּאָליציאַנט און דער דייטשער זשאנדארם פלעגן זיך איינטיילן מיט דער „ארבעט": דער פּאָליציאַנט האָט אויסגעזוכט פון אונטער דער ערד עפּעס א „פארברעך" און אָנגעוויזן דעם זשאנדארם און דער דאָזיקער האָט דעם ייד געשלאָגן ביז בלוט. דערנאָך האָבן זיי צוגענומען, וואָס זיי האָבן נאָר געוואָלט און זיך צעטיילט מיט דעם רויב.

* * *

ביי דער אויסגערויבטער און געפּייניקטער יידישער באפעלקערונג איז די נויט געוואקסן וואָס אמאָל מער. עס איז אנטשטאנען א גאסן־ האנדל. קינדער און אויך דערוואקסענע זענען געשטאנען אין די גאסן און געפירט א נעבעכדיקן האנדל מיט סחורות, וועלכע מען האָט געהאלטן באַהאלטן אין די טאשן: זייף, סאכארין, פּאָדים און אנדערע קלייניקייטן. די פּאָליציאַנטן האָבן מיט א באזונדערער אכזריות פארפאָלגט די קליינע יידישע קינדער, וואָס האָבן זיך באשעפטיקט מיט אָט דעם „האנדל". די

פּאָליציאַנטן פּלעגן זיך איבערטועז אין ציוויל־קליידער, כדי צו קענען אומ־געריכט באַפאַלן די קליינע „סוחרים". זיי האָבן די דאָזיקע קינדער גע־שליידערט צו דער ערד, מערדערלעך געשלאָגן און צוגענומען דאָס ביסל סחורה מיטן געלט. נאָכדעם האָבן די קינדער נאָך געמוזט גיין מיט זיי אהיים צו די עלטערן, ווו מען האָט צוגענומען די רעשט זאַכן, וואָס מען האָט דאָרט געפונען.

חוץ פון דער פּוילישער פּאָליציי און דייטשער זשאַנדאַרמעריע האָט די יידישע באַפעלקערונג געהאַט אויסצושטיין פון נאָך אַ בייז אָנשיקעניש וואָס האָט געהאַט דעם נאָמען „ציפּערס". די „ציפּערס" זענען געווען פּאָ־ליאַקן פון פאַרשידענע שיכטן. זיי האָבן געלעבט פון דעם, וואָס זיי האָבן „געציפּט" ביי יידן. יעדער ייד, וואָס האָט זיך מיט עפּעס באַשעפטיקט, האָט געמוזט אויסהאַלטן עטלעכע „ציפּערס", וועלכע האָבן זיך אויף אים אָנגעזעצט ווי פּיאַווקעס. דער „ציפּער" האָט נאָכשפּיאָנירט און זיך דער־וווּסט, ווו אַ ייד האָט באַהאַלטן סחורה, דאַן איז ער געקומען צום ייד און געפאָדערט געלט אָדער אַ טייל סחורה. אויב מען האָט אים אָפּגעזאָגט, האָט ער געבערענגט פּאָליציי, וועלכע האָט נישט בלויז צוגענומען די סחורה, נאָר אויך די גאַנצע פאַמיליע צעשלאָגן און אַרעסטירט.

די צאָל פון די דאָזיקע פּאַראַזיטן, וואָס האָבן געלעבט אויפן חשבון פון די יידן, איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. זיי זענען געשטאַנען אין די טויערן פון די הייזער און נאָכגעקוקט יעדן איינעם וואָס גייט אַריין און אַרויס, באַקוקט די פּעקלעך, וואָס מען טראָגט אַריין און אַרויס. זיי האָבן באַוואַכט די בעקערייען און שפּייז־קראָמען און אַנדערע געשעפטן און אַל־דינג נאָכקאָנטראָלירט.

און גלייך ווי דאָס אַלדינג וואָלט געווען ווייניק, האָט זיך מיטאַמאָל באַוויזן אַ נייע צרה. דאָס זענען געווען פּוילישע פרויען, וואָס האָבן אָנגע־קניפּט נאָענטע באַציאונגען מיט דייטשן. אַזאַ פרוי, וואָס האָט געהאַט אַ דייטש פאַר אַ „פריינט", איז אַריין אין אַ יידיש געשעפט, האָט אויסגעקליבן די בעסטע זאַכן, און געפּרעגט אויפן פּרייז. דער סוחר פּלעגט געוויינלעך פאַרלאַנגען דעם נאָרמאַלן פּרייז. דאַן איז די פרוי אַרויס און באַלד צוריק־געקומען מיט אַ דייטשן זעלנער אָדער זשאַנדאַרם, וועלכער האָט צוגענו־מען דאָס פּעקל סחורה און אַ וואָרף געטון אויפן טיש אַ קליינע מטבע, וואָס

האָט געוועלט באַטראָפֿן א 5% פונעם ווערט פון דער סחורה, דער דייטש פלעגט דערביי ווארפן אויפן ייד אזא בליק, וואָס איז שוין געווען גענוג, אז דער ייד זאָל נישט ארויסרעדן קיין וואָרט פון פּראָטעסט.

די יידישע געשעפטן פלעגן זיין פול מיט אזעלכע „קונים". אויב א סוחר האָט געזאָגט, אז ער האָט נישט די געפאָדערטע זאכן און דער דייטש מיט דער פריינדין האָבן זיי יאָ געפונען ביי אים, איז שוין דעם דאָזיקן סוחר נישט געווען מיט וואָס מקנא צו זיין.

XII

# אַ גרוס פון לאָדזש

מיטאמאָל האָבן זיך באוויזן אין גאס נייע יידישע פּנימער, מענער און פרויען. פארמאכטע דראָזשקעס פאָרן שנעל אריין אין די טויערן פון הייזער, עס גייען פון זיי ארויס מענטשן, וואָס זענען געקליידט ווי אלע אנ־דערע, אָבער דאָך האָבן זיי אויף זיך עפּעס אזעלכעס וואָס איז ביי אונדז אין טשענסטאָכאָוו א נייעס: זיי טראָגן געלע לאטעס אין דער פאָרעם פון א מגן דוד, ארויפגענייט אויף דער ברוסט און אויף דער פּלייצע. די קאָ־ליר פון די לאטעס איז פון אזא שרייענדיקן געל, אז מען דערקענט זיי פון גאָר ווייט. מיר דערוויסן זיך באלד, אז די דאָזיקע געלע לאטעס טראָגן די יידן אין דער שטאָט לאָדזש.

די שטאָט לאָדזש געהערט נישט צו אונדזער „גענעראלגוווערנעמענט", נאָר צום דייטשן רייך. איצט רופט זיך לאָדזש „ליצמאנשטאדט".

די יידן, וואָס גייען ארויס פון די דראָזשקעס, זענען קוים מיטן לעבן אוועק פון לאָדזש און אויסגעשטאנען גרויסע צרות, ביז זיי זענען דאָ אהערגעקומען. איך לאָז מיך אריין אין א שמועס מיט איינעם פון די לאָדזשער, וועלכער דערציילט מיר פאָלגנדיקע געשיכטע:

— דאָרט, אין פריערדיקן פּוילישן „מאנטשעסטער", גייט נישט א ייד אין גאס אזוי ווי ביי אייך דאָ. איר האָט דאָך דאָ א גן עדן. ביי אונדז אין לאָדזש זענען צענדליקער טויזנטער „פאָלקס־דייטשן" חוץ מיליטער־לייט און זשאנדארמען. ווען א ייד באווייזט זיך אין גאס, ווערט

ער צעשלאָגן ביז בלוט. דאָס זעלבע געשעט אויך מיט פרויען. אויף יעדן רוף אין גאס פון א דייטש אָדער פון דערוואקסענע דייטשע קינדער: „יודע קאָם!" — מוז דער ייד בלייבן שטיין און ווארטן אויף די קלעפּ און מוז טון אלץ וואָס זיי הייסן אים. יידן ווערן פארטריבן פון זייערע וווינונגען און די שטאָט ווערט געמאכט „יידנריין". דאָס ווערט שנעל דורכגעפירט אויף אָט דעם אופן:

אין לאָדזש איז פארהאן א געגנט מיטן נאָמען באלוט. דאָס איז תמיד געווען די אָרימסטע און אָפּגעלאָזנסטע געגנט פון דער שטאָט. דאָרט אהין האָבן יידן באקומען דעם באפעל זיך אריבערצוטראָגן און פארשווינדן פון די איבעריקע שטאָט־טיילן. מיטנעמען פון זיין היים מעג א ייד בלויז א קליין פּעקעלע פּריוואטע וועש, דאקעגן דאָסווירטשאפט, מעבל, קליי־דונג און דאָס גאנצע פארמעגן מוז ווערן איבערגעלאָזט.

אזוי ארום זענען א הונדערט טויזנט לאָדזשער יידן מיט איין קלאפּ געוואָרן אָרימע לייט. אין לאָדזש האָבן מיר תמיד געהאט די רייכסטע יידן פון לאנד: גרויסע פאבריקאנטן, וועלכע האָבן באשעפטיקט טויזנטער אר־בעטער, אייגנטימער פון די גרעסטע הורט־געשעפטן אין דער מאנופאקטור־בראנזשע אין אייראָפּע, וועלכע זענען געווען ווערט גאנצע מיליאָנען; טויזנטער קליינע פאבריקאנטן פון די אזוי גערופענע וועבער־שטולן, טוי־זנטער אייגנטימער פון קלענערע, אָבער געגנוג רייכע געשעפטן.

אין א געוויסן מאָמענט זענען צענדליקער טויזנטער יידן — רייכע און אָרימע — געשטאנען איינער נעבן אנדערן אויפן לאָדזשער באלוט.

אין נאָרמאלע צייטן האָט דער לאָדזשער באלוט געקאָנט אויפנעמען א 10.000 נפשות. אצינד אָבער זענען דאָרט צונויפגעפּרעסט געוואָרן 100.000 יידן. אין איין צימער וווינען עטלעכע פאמיליעס. די אמאָל רייכע מיט די אָרימע צוזאמען.

טייל יידן האָבן נאָך עפּעס אָפּגעראטעוועט פון זייער האָב און גוטס, פארקויפנדיק צו זייערע גוטע באקאנטע „אריער" עטלעכע טעג פארן גירוש די בעסטע זאכן פאר האלב אומזיסט. אנדערע ווידער האָבן גע־געבן צו „באהאלטן" זייער וועש, פּעלצן און ווערט־זאכן צו זייערע בא־קאנטע פּאָליאקן — איצטיקע „פאָלקס־דייטשן" — „ביז די שלעכטע צייט וועט זיך ענדיקן" און זיי וועלן דאָס אלץ צוריק אָפּנעמען.

מיין נייער באקאנטער דערציילט ווייטער:

— יידן אנטלויפן פון לאָדזש, אויב זיי קענען דאָס טון. דאָרט זאָגט מען, אז דאָ אין טשענסטאָכאָוו איז נאָך צו דערליידן; האָב איך אלדינג געטון, כדי זיך דאָ אהער צו באקומען. און באמת, אין פארגלייך מיט לאָדזש איז דאָ א גן עדן.

— דער וועג פון לאָדזש אהער — זאָגט ער ווייטער — איז נישט קיין גרינגער. איך בין שוין אין מיין לעבן געפאָרן דורך צענדליקער גרע־נעצן פון איין לאנד אין אנדערן, אָבער קיין שום וועג איז נישט געווען אזוי ווייט ווי דער פון לאָדזש קיין טשענסטאָכאָוו. איך בין געפאָרן מיט דער באן, מיט אויטאָמאָבילן און דראָזשקעס, געגאנגען צופוס בייטאָג. און ביינאכט, איבערגעקויפט דייטשן, „פאָלקס־דייטשן" און פּאָליאקן, אוועק־געגעבן דאָס טייערסטע, וואָס איך האָב נאָך געהאט פון מיין פארמעגן, ביז איך בין דאָ אהערגעקומען.

— אצינד, זאָגט ער, בין איך אַן אָרימאַן. איך בין דאָ אריין צו איינעם א ווייטן קרוב, וועלכער האלט מיך נאָך פאר דעם פריערדיקן נגיד. איך לעב פאר די לעצטע פּאָר זלאָטעס, וואָס די פארשידענע רויבער און שאנטאַזשיסטן האָבן ביי מיר אויפן וועג נישט באוויזן צוצונעמען.

דאָך האָט ער אויסגעזען צו זיין צופרידן און כמעט מיט באגייסטע־רונג אויסגעשריגן:

— דאָ גיי איך דאָך אויפן טראָטואר: ביי אונדז אין לאָדזש מוז א ייד גיין אין מיטן וועג, ביים רינשטאָק, ווו עס פאָרן די פערד. די יידן, וועלכע מען כאפּט דאָ צו דער ארבעט, קומען דאָך אין עטלעכע שעה ארום צוריק גאנצערהייט. דאקעגן דאָרט, אויב א ייד ווערט געכאפּט צו דער אר־בעט, קומט ער אין בעסטן פאל צוריק ערשט נאָך עטלעכע טעג א קריפּל אָדער מען זעט אים בכלל שוין נישט מער.

דערנאָך האָט ער מיר נאָך איבערגעגעבן עטלעכע פּרטים וועגן זיין רייזע אהער פון לאָדזש:

— ביי מיר אין פאבריק איז געווען באשעפטיקט אלס מייסטער א פּאָליאק, וועלכער איז אצינד א „פּאָלקס־דייטש". פינף און צוואנציק יאָר האָט ער ביי מיר געארבעט און שיין געלעבט פון זיינע פארדינסטן ביי מיר. דער דאָזיקער „פאָלקס־דייטש" האָט מיך ארויסגעפירט אין איינעם א פאר־

נאכט פון לאָדזש. ווען ער איז מיט מיר געגאַנגען צו דער באַן און דערנאָך פאַרנדיק מיט מיר ביז קאַליושקי, האָט ער געהאַלטן אין איין צאַפּן פון מיר געלט. חוץ דעם האָט ער אונטערגעשטעלט עטלעכע באַקאַנטע זיינע, וועל־כע האָבן מיך שאַנטאַזשירט. „דו ביסט אַ ייד — האָבן זיי מיך געדראָט — מיר רופן באַלד אַהער אַ זשאַנדאַרם". און זיי האָבן פון מיר געצויגן געלט, גאָלד און בריליאַנטן. די דאָזיקע באַנדע האָט מיך און מיין פרוי באַזוכט און באַרויבט. און אויך מיין מייסטער האָט זיך נישט געשעמט און גענומען דאָס זעלבע. עס האָט מיך געעקלט צו קוקן אויף אים.

פון קאַליושקי ביז פּיטאָרקאַוו זענען מיר געפאָרן מיט אַ דראָזשקע. אויפן וועג זענען מיר באַפאַלן געוואָרן פון אויסוווּרפן, וואָס האָבן גע־שריגן: „זשידעס גיט געלט!" זיי האָבן ביי מיר און מיין פרוי צוגענומען אַלץ, וואָס זיי האָבן געפונען. ווען מיר האָבן זיך געפונען אין מיטן וועג, שטעלט זיך דער דראָזשקאַזש אַנידער און זאָגט, אַז ער פאָרט נישט ווײ־טער. „אַלעמען גיט איר געלט", זאָגט ער, „און ווּ בין איך? איך פאָר מיט אייך און פיר אייך אַרויס פונדאַנען, קומט מיר גאָרנישט?" איך זע איין, אַז פון זיין שטאַנדפּונקט איז ער גערעכט: פאַרוואָס זאָל ער זיין ערגער פאַר אַנדערע פּוילישע כוליגאַנעס? חוצדעם, ווען ער זאָל אונדז דאָ אײ־בערלאָזן, זענען מיר אינגאַנצן פאַרלוירן. מיר זענען נישט בכוח צו גיין צופוס און דערצו ווער ווייסט, וועמען מיר קענען נאָך טרעפן אויפן וועג. האָבן מיר אַראָפּגענומען אונדזערע קדושין־רינגלעך פון די הענט און פון אַ באַהעלטעניש אַרויסגענומען די לעצטע גאָלדענע בראַסלעט און אוועק־געגעבן דעם דראָזשקאַזש. נאָכן אָפּפאָרן אַ צוויי קילאָמעטער שטעלט זיך אונדזער דראָזשקאַזש ווידער אָפּ. וואָס איז ווידער? פרעג איך אים. ער גיט דעם פערד עסן, ענטפערט ער. דערווייל פאָרן אַהער אין אונדזער ריכטונג צוויי אויטאָמאָבילן. מיר באַהאַלטן זיך אין אַ גרוב נעבן וועג, זיי פאָרן אַדורך נישט אָפּשטעלנדיק זיך. מיר בעטן דאַן דעם דראָזשקאַזש, ער זאָל שוין פאָרן ווייטער, ער ענטפערט אָבער נישט. ערשט אַז מיר הייבן אָן בעטן און שרייען, ער זאָל פאָרן ווייטער, רופט ער זיך אָן, אַז דאָס גאַנצע געשעפט האָט זיך אים נישט געלוינט. ער האָט מורא, זאָגט ער, פאַר די דייטשן: אויב זיי וועלן אים טרעפן פאָרן מיט יידן, וועלן זיי ביי אים צונעמען די דראָזשקע מיטן פערד און אַזוי ווי מיר וועלן ווערן דערשאָסן,

וועט נישט זיין, וועט עס זאָל באצאָלן פארן שאָדן. דעריבער פארלאנגט ער. אז מיר זאָלן אים פאר דעם אלעם שוין אצינד באצאָלן. מיר האָבן אים ווידער געמוזט עפּעס געבן און ער האָט ענדלעך געריירט פון אָרט. צענדלי־קער יידן האָבן מיר געזען ליגן איבערן וועג טויט.

מיט אונדזער דראָזשקאזש האָבן מיר נאָך עטלעכע מאָל געהאט סכסוכים, וואָס האָבן יעדעס מאָל געקאָסט געלט. אפילו בעת מיר זענען ארייגגעפאָרן דאָ אהער אין הויף, זענען אונדז נאָכגעלאָפן צוויי פוילישע פּאָליציאַנטן ביזן שטוב צו מיין קרוב און נענומען פרעגן קשיות, פון וואנען און וועד מיר זענען. אויך די דאָזיקע קשיות האָבן געמוזט פארענטפערט ווערן מיט שיינע מתנות.

מיין לאָדזשער באקאנטער דריקט אוים זיין צופרידנקייט, וואָס ער איז אימשטאנד געווען זיך אויסצוקויפן ביי די אלע רויבער מיט געלט און ער האָפט צו קענען דאָ אין טשענסטאָכאָוו לעבן רואיק.

איך וויל אים נישט בארויבן גלייך אויפן אָרט פון דער דאָזיקער האָפענונג, כאָטש איך וויים, אז ער האָט א טעות.

איין זאך איז זיכער: די רויבער וועלן ביי אים שוין נישט האָבן קיין סך צו רויבן.

XIII

## שקלאפעריי

די דייטשע מאכט פאָדערט פון „יודן־ראט" וואָס אמאָל מער יידן צו דער ארבעט. די יידן ווערן געשיקט אויף ארבעט צו די באן־סטאציעס אויפצולאָדן אָדער אָפּצולאָדן אייזן, קוילן, היי און אנדערע מאטעריאלן פאר דעם מיליטער; מען שיקט אויך צו פארשידענע ארבעטן אין די קאַ־זארמעס און פונאנדערצופירן קוילן אין די אמטן און אין די פריוואטע וווינונגען פון דייטשן און בכלל אומעטום ווו מען האָט נאָר געקאָנט אויס־נוצן די יידישע ארבעט־קראפט.

דער „יודן־ראט" אליין האָט באשעפטיקט עטלעכע הונדערט מאן ביי פארשידענע רעמאָנט־ארבעטן אין די דייטשע אמטלעכע און פריוואטע

לאָקאַלן, ביים אריבערפירן יידיש מעבל אין די דייטשע מאגאזינען, אין די דייטשע קאסינאָס און רעסטאָראַנען, אין געשטאַפּאָ־אמט און אין פּריוואַטע וווינונגען פון פאַרשידענע דייטשע באאמטע און מיליטער־לייט.

די ניי־געגרינדעטע דייטשע פירמע „וואַסער־ווירטשאַפט", וועלכע האָט געהאַט די אויפגאַבע צו רעגולירן די ברעגעס ביי דער „וואַרטאַ" און „סטראַדאָמקאַ", האָט וואָס א טאָג געפאָדערט מער ארבעטער. עס זענען שוין געווען באַשעפטיקט 1200 יידן און זיי האָבן געפאָדערט נאָך ארבעטער. חוץ דעם האָט דער „יודן־ראַט" באַקומען א באַפעל צוצושטעלן עטלעכע הונדערט ארבעטער צו בוי־ארבעטן, וואָס פאַרשידענע מיליטערישע פאָרמאַציעס וועלן אונטערנעמען ביים איינשטעלן זייערע פּאַך־שולן און אנדערע איינריכטונגען; אויך די שטאָט־הויפּטמאַנשאַפט האָט געפאָדערט ארבעט־הענט אויף אָפּצורוימען די דראָט־פאַרצוימונגען, וואָס דאָס פּוילישע מיליטער האָט געמאַכט ארום דער שטאָט.

מיט איין וואָרט — מען האָט נאָר געהערט אומעטום: „ארבעט־יידן, יידן־ארבעט".

דער „יודן־ראַט" איז געווען געצוווּנגען צו שאַפן א ספּעציעלן אמט פאַר די ארבעט־ענינים און דעם אמט א נאָמען געגעבן „ארבעטס אמט".

דער דאָזיקער אמט האָט געמוזט צושטעלן יידישע ארבעט־כוחות דער דייטשער מאַכט צו יעדער צייט און אויף יעדן אָרט.

אין דערזעלבער צייט איז דורך א פאַראָרדענונג פון גענעראַל־גובערנאַטאָר איינגעפירט געוואָרן אין גאַנצן לאַנד צוואַנג־ארבעט פאַר יידן אין עלטער פון 14 ביז 60 יאָר.

דער ארבעט־אמט ביים „יודן־ראַט" איז געשטאַנען פאַר א שווערער אויפגאַבע: טויזנטער ארבעטער מוזן ארבעטן בחנם פאַר די דייטשן, אָבער פונוואַנען וועלן די אַלע מענטשן נעמען אויף חיונה? די שפּייז־פּראָדוקטן, וואָס די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט צוגעטיילט דער יידישער באַפעלקערונג, זענען געווען צו קנאַפּ, אז מען זאָל קענען מיט זיי אויסקומען און די פּרייזן אויף פּראָדוקטן זענען געשטיגן פון טאָג צו טאָג. דער „יודן־ראַט" האָט דעריבער אָרגאַניזירט דעם ארבעט־ענין אויף פאָלגנדיקן אופן:

יידן, וועלכע זענען נאָך אימשטאַנד געווען זיך אויסצוקויפן פון דער צוואַנג־ארבעט, זענען באַשטייערט געוואָרן מיט א באַשטימטער סומע,

מיט וועלכער עס זענען אויסגעהאַלטן געוואָרן די, וואָס זענען געשיקט געוואָרן צו ארבעטן פאר די דייטשן בחנם. אזוי ארום האָבן זיך געשאַפן צוויי סאָרטן מענטשן: צאָלער און ארבעטער. דער „יודן־ראט" האָט אויס־געצאָלט די ארבעטער קליינע סומען, געגעבן זיי ברויט, איינגעאָרדנט קיכן, וווּ זיי האָבן באַקומען מיטאָגן, געקויפט פאר זיי פּאַפּירענע אָנצוגן און הילצערנע שיך. דער אָפּצאָל פאר נישט מוזן ארבעטן איז תחילת געווען א קליינער און מיט דער צייט איז ער וואָס אמאָל געהעכערט געוואָרן.

אָבער נישט געקוקט אויף אַלע אָנשטרענגונגען פון „יודן־ראט", איז די נויט ביי די ארבעטער געוואָרן וואָס אמאָל גרעסער. דער ארבעט־אמט האָט דעריבער געהעכערט דעם אָפּצאָל פון די נישט־ארבעטנדיקע מענטשן, כדי צו האָבן מער געלט. עס איז אָבער נישט געלייזט געוואָרן דאָס פּראָבלעם, ווייל עס איז כסדר געגאַנגען א שנעלע „איבערשיכטונג": די געכטיקע „שטייער־צאָלער" זענען היינט אליין געוואָרן ארבעטער; די פארדינסטן זענען צוזעענדיק פארשוווּנדן און עס זענען וואָס אמאָל גע־בליבן ווייניקער מענטשן, וואָס זאָלן זיך קענען אויסקויפן פון דער ארבעט. די רייען פון די ארבעטער זענען דעריבער כסדר געוואַקסן און די רייען פון די צאָלער זענען געוואָרן וואָס א טאָג קלענער. און וואָס ווייניקער עס זענען געוואָרן די צאָלער, אַלץ העכער האָט געמוזט ווערן דער אָפּצאָל.

אָבער די דייטשן האָבן כסדר געהאַלטן אין איין פאָדערן וואָס מער מענטשן צו דער ארבעט. דער ארבעט־אמט איז דעריבער געווען געצוווּנגען צו רופן צו דער ארבעט אויך די, וואָס האָבן געצאָלט דעם ארבעט־שטייער. אין א קורצע צייט ארום האָט מען געמוזט רופן צו דער ארבעט אַלע מע־נער ביז 45 יאָר.

אויסקויפן זיך פון דער ארבעט האָבן שוין געקענט בלויז די גאָר רייכע און מענטשן אין עלטער פון העכער 45 ביז 60, וועלכע האָבן נאָר געהאַט א מעגלעכקייט צו צאָלן.

די פאָדערונגען פון די דייטשן אויף ארבעט־הענט זענען אָבער אזוי געשטיגן, אז דער ארבעט־אמט האָט צום סוף געמוזט רופן צו דער ארבעט אויך יענע וואָס האָבן געצאָלט גרויסע סומען פאר דעם ארבעט־פאָנד. טויזנטער אויפפאָדערונגען זענען יעדן טאָג ארויסגעשיקט געוואָרן צו די

צאָלער, אז זיי זאָלן זיך דעם אנדערן טאָג צושטעלן צו דער ארבעט אויף דעם אָנגעוויזענעם אָרט.

די לאגע איז געוואָרן וואָס אמאָל שווערער, די שקלאפעריי גרעסער. זייער אָפט זענען די דייטשע אָנפירער פון פארשידענע ארבעט־שטעלן, וועלכע האָבן נישט באקומען צום באשטימטן טערמין די געפאָדערטע צאָל ארבעטער, ארײַן אין „יודן־ראט" און געשלאָגן דעם אָנפירער און די יידישע באאמטע און מיטגענומען דאָס גאנצע פערסאָנאַל צו דער ארבעט. מיט אמאָל איז די גאנצע אדמיניסטראציע פון „יודן־ראט" געבליבן שטיין. ערשט ווען דער פרעזעס פון „יודן־ראט" האָט צוגעשטעלט אנדערע ארבעטער און עטלעכע מאָל אינטערווענירט, זענען די באאמטע פון „יודן־ראט" אפגעלאָזט געוואָרן. עס פלעגט אויך אָפט טרעפן, אז אויב דער „יודן־ראט" האָט נישט צוגעשטעלט צו דער באשטימטער צייט די געפאָדערטע צאָל ארבעטער, האָבן דייטשע זשאנדארמען צוזאמען מיט פוילישע פאָליציאנטן זיך ארויסגעלאָזט אין שטאָט מיט אויטאָס און אָפצוימענדיק די גאסן, אויפגעכאפט אלע יידישע דורכגייער, ארויסגענומען די מענער פון די געשעפטן און הייזער, איבערלאָזנדיק אלדינג אויף הפקר.

מיט געשרייען און א רעוווען ווי פון ווילדע חיות האָבן זיי צונויפגעטריבן די יידן אויף א פלאץ, דערנאָך פארטיעסווייז אָפּגעשיקט הינטער דער שטאָט אין גרויסע הילצערנע באראקן, וועלכע זענען ערשט נישט לאנג געהאט אויפגעשטעלט געוואָרן, ווער ווייסט צו וואָס פאר א צוועק. די יידן זענען פארהאלטן געוואָרן אין די דאָזיקע באראקן; פון דאנען האָט מען זיי ארויסגעשיקט צו דער ארבעט און נאָך דער ארבעט האָבן זיי זיך געמוזט צוריקקערן אין די באראקן. באוואכט זענען זיי געוואָרן דורך דייטשע זשאנדארמען און פוילישע פאָליציאנטן, וואָס האָבן זיי באהאנדלט ווי שקלאפן.

ווען עס זענען פארביי עטלעכע טעג און די דאָזיקע מענטשן זענען נישט אהיימגעקומען, זענען זייערע פרויען און קרובים געלאָפן אין „יודן־ראט" בעטן, מען זאָל אינטערווענירן ביי דער מאכט. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז די דייטשן פאָדערן א גרויסן אָפּצאָל פאר יעדן איינעם, וואָס וויל פרייגעלאָזט ווערן. דער „יודן־ראט" וויל ביי דער געלעגנהייט אויך עפּעס געניסן פאר זיין קאסע און רעכנט נאָך צו א געוויסע סומע, חוץ

דער וואָס די דייטשן פאָדערן. די וואָס האָבן געהאט געלט, האָבן זיך אויסגעקויפט פון די גזלנים, און די אָרימערע אָדער פארעקשנטע זענען געבליבן נאָך עטלעכע וואָכן אין די באראקן. צוליב שלעכטער דערנערונג, אָן מעגלעכקייט זיך אויסצושלאָפן, ביי די ערגסטע היגיענישע באַדינגונגען, זענען די מענטשן אָפּגעשוואכט געוואָרן פון דער שווערער אַרבעט און עס איז אויסגעבראָכן א טיפוס־עפּידעמיע. דעמאָלט האָט מען פון דאָרט צוריקגעצויגן די פּוילישע און דייטשע פּאָליציי און דער „יודן־ראט״ איז געמאכט געוואָרן פאראנטוואָרטלעך, אז די יידן זאָלן נישט פארלאָזן די באראקן.

זעענדיק ווי די זאך נעמט אָן אזא געפערלעכע ווענדונג, האָבן די קרובים און פרויען פון די אינטערנירטע אין די באראקן געמאכט די העכסטע אָנשטרענגונגען, פארקויפט פון זיך דאָס לעצטע און אויסגעקויפט פון די דייטשן די געפאנגענע. עס זענען אָבער נאָך אלץ געבליבן אזעלכע, פאר וועלכע מען האָט נישט געהאט איינצוצאָלן דאָס געפאָדערטע אויסלייז־געלט. די דאָזיקע האָט מען ווידער אריבערגעפירט אין א נייעם לאגער, וועלכער איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין א געוועזענער יידישער פאבריק, פון וועלכער די דייטשן האָבן צוגענומען די מאשינען. דאָרט זענען זיי נאָך געבליבן א לענגערע צייט, ביז א סאניטאר־קאָמיסיע האָט פאָראָרדנט פונאנדערצולאָזן דעם לאגער, פארשטייט זיך, נישט צוליב די יידן, נאָר צוליב דער געפאר, אז די קראנקהייט זאָל זיך פארשפרייטן.

צו די פארפאָלגונגען און פּייניקונגען, וואָס די יידישע באפעלקערונג האָט געהאט אריבערצוטראָגן פון די דייטשן און פון די פּאָליאקן איז נאָך צוגעקומען דאָס פּיינלעכע געפיל צו ווערן גערודפט אויך פון יידן. אויך דאָס האָט געהערט צום דייטשן טייוולאָנישן סיסטעם, אז איין ייד זאָל אונטערדריקן דעם אנדערן. אין דער אדמיניסטראציע פון ארבעט־אמט זענען געווען באשעפטיקט יידישע באאמטע. זיי האָבן ארויסגעשיקט יעדן טאָג טויזנטער קוויטלעך צו די ארבעטנדיקע מענטשן, ארויסגעגעבן צעטעלעך אויף מיטאָגן און ברויט. עס זענען אויך געווען באשעפטיקט אין ארבעט־אמט אויפזעער, וועלכע האָבן געפירט די ארבעטער גרופּעס־ווייז צו זייערע ארבעט־פּלעצער. „בריגאַדיערן״ האָבן זיך די דאָזיקע אויפ־

זעער גערופן. הגם זיי זענען אליין געווען ארבעטער אָדער אָנגעשטעלטע, האָבן זיי זייער שלעכט באהאנדלט די אומגליקלעכע מענטשן, וואָס האָבן געארבעט אונטער זייער אָנפירונג. עס זענען געווען אזעלכע בריגאדירן וואָס האָבן זייער „אמט" געגומען שטארק ערנסט און געפאָדערט שטרענגע געהאָרכזאמקייט. אויב עמעצער פון די ארבעטער אָדער די גאנצע גרופּע האָט זיך נישט אויפגעפירט געגוי ווי די בריגאדירן האָבן געוואָלט, האָבן זיי דאָס געמאָלדן דער „העכערער מאכט". איז אויב דער בריגאדיער האָט דאָס געמאָלדן דעם יידישן ארבעט־אמט, פלעגט דער ענין דערליידיקט ווערן צווישן די צדדים ווי צווישן אייגענע, האָט אָבער דער בריגאדיער דאָס געמאָלדן צו די דייטשן, זענען די ארבעטער געוואָרן באלד אויפן אָרט מערדערלעך געשלאָגן, אָדער זיי זענען גערופן געוואָרן אין געשטאַפּאָ; און פון דאָרט פלעגט בלויז זייער זעלטן טרעפן, אז אזא ארבעטער זאָל קענען צוריקגיין אליין מיט די אייגענע כוחות, אין רוב פאלן האָט מען שוין אזעלכע ארבעטער געמוזט פירן אהיים, ווייל זיי האָבן שוין נישט געקאָנט גיין.

אויך פּוילישע בריגאדירן האָבן אָנגעפירט מיט יידישע ארבעטער־גרופּעס. זיי האָבן די יידן געשלאָגן בשעת דער ארבעט. ערגער איז אָבער געווען, אויב זיי האָבן געמאָלדן די דייטשן וועגן עפּעס אן עבירה. דערי־בער זענען די יידישע ארבעטער געווען געצוווּנגען גוט צו לעבן מיט זייערע פּוילישע בריגאדירן. די ארבעטער האָבן געמוזט צאָלן די בריגא־דירן וועכנטלעכע פּענסיעס, געבן זיי שפּייז־פּראָדוקטן און מתנות.

יעדן פאַרטאָג 5 אזייגער איז אין די יידישע גאסן און אויף אלע גרעסערע פּלעצער געווען א גרויסע באוועגונג. די ארבעטער האָבן פון אלע הייזער געשטראָמט אויף די זאמל־פּונקטן. דאָ האָט דער בריגאדיער אויסגערופן לויט א ליסטע זיינע ארבעטער און מיט זיי אָפּמארשירט אויף דעם באשטימטן ארבעט־פּלאַץ.

עס האָבן דאָן מארשירט מחנות יידן. יעדע גרופּע אָנגעפירט פון א בריגאדיר. אין די לאַנגע רייען צווישן טויזנטער אָפּגעריסענע און פאַר־שקלאפטע האָבן זיך געפונען ערשט נישט לאַנג געוועזענע קלענערע און גרעסערע סוחרים, אייגנטימער פון פאבריקן, פּראָפעסאָרן פון גימנאזיעס, אדוואָקאטן, בעלי מלאכות און ארבעטער, עלטערע און יינגערע און גאַנץ

יונגע, אפילו קינדער פון דרייצן יאָר. עס האָבן מער נישט עקזיסטירט קיין קלאַסן און קיין שיכטן — דער שונא האָט אַלץ אויסגעגלייכט: יידן! יידן! בלויז יידן!

פארנאכט זענען די זעלבע מחנות געגאנגען צוריק, מידע, פאר־שטויבטע, אויסגעמאטערטע. די עלטערע און די קינדער האָבן נישט גע־קאָנט מיטהאלטן דעם מיליטערישן טריט, וועלכן מען האָט ארויפגעצוווּנגען אויף די ארבעטער־גרופּעס, — האָבן זיי זיך מיד נאָכגעשלעפּט נאָך זייער גרופּע. די בריגאדירן האָבן זיי אונטערגעיאָגט: „שנעלער! זיך פאַרבינדן מיט דער גרופּע!"

פּוילישע בריגאדירן פון דער פירמע „וואסערווירטשאפט", וועלנ־דיק זיך לוסטיק מאכן אויפן חשבון פון די יידן, פלעגן באפעלן די אר־בעטער צו זינגען אויף זייער שווערן וועג. דער אינהאלט פון די לידלעך איז געווען: „דער גוטער היטלער לערנט די יידן ארבעטן".

יעדן טאָג נאָך דער ארבעט האָבן יידן זיך געמאָלדן אין יידישן ארבעט־אמט מיט צעשפּאָלטענע קעפּ און צעהאקטע גופים. אָבער דאָרט האָט מען זיי גאָרנישט געקענט העלפן.

XIV

## ארבעט־לאגער „טשעשאַנוו"

אין לובלינער געגנט איז פארהאן א קליין שטעטל מיטן נאָמען טשעשאנוו; דאָרט איז געשאפן געוואָרן דורך די דייטשן אן ארבעט־לאגער פאר יידן. דער יידישער ארבעט־אמט האָט באקומען פון דער מאכט א מעלדונג, אז ער זאָל צושטעלן פארן טשעשאנווער ארבעט־לאגער טויזנט יונגע מענטשן אין עלטער פון 18 ביז 25 יאָר. באלד האָבן זיך ארויסגע־לאָזט באאמטע מיט צעטלען און אויפגעפאָדערט די יונגעלייט זיך צו שטעלן אין פארלויף פון איין טאָג אין ארבעט־אמט, כדי פון דאָרט גע־שיקט צו ווערן אויפן ארבעט־פּלאַץ.

דער „יודן־ראט" האָט דערווייל אויסגענוצט די געלעגנהייט צו פארגרעסערן זיינע פאָנדן און געלאָזט די רייכערע זיך אויסקויפן פאר־

נעלט. פארשטייט זיך, אז אויף זייער אָרט האָבן זיך געמוזט שטעלן אנדערע, די אָרימע.

עטלעכע טעג נאָך דעם ווי די יונגעליייט זענען אוועקגעשיקט געוואָרן אין לאַגער אריין, זענען אָנגעקומען צו אונדז פון דאָרט בריוו, אין וועלכע עס איז מיטגעטיילט געוואָרן, אז די מענטשן, וואָס האָבן געהאַט דאָס אומגליק אריינצופאַלן אין דאָרטיקן ארבעט־לאַגער, ווערן געפייניקט ביי דער ארבעט, מערדערלעך געשלאָגן און האָבן נישט צו עסן. די עלטערן פון די יונגעליייט זענען געלאָפן אין „יודן־ראַט" מיט די בריוו און פארלאַנגט הילף פאַר זייערע קינדער. אָבער פונקט ווי אין אַלע אנדערע פאַלן האָט דער „יודן־ראַט" אויך דאָ גאָרנישט געקאָנט העלפן.

פון צייט צו צייט פלעגן אָנקומען אַלאַרמירנדיקע בריוו פון טשע־שאַנוּוו מיט וואָס אמאָל שרעקלעכערע ידיעות, אז די מענטשן דאָרט ווערן פארפייניקט צום טויט, אָבער די עלטערן פון די אומגליקלעכע צוזאַמען מיטן „יודן־ראַט" זענען געווען הילפלאָז און גאָרנישט געקאָנט טון. אזוי איז אריבער דער זומער און ערשט אין הארבסט 1940 זענען אָנגעקומען אנטלאָפענע פון לאַגער און מיר האָבן זיך דערוווּסט, וואָס עס איז פאָר־געקומען אין טשעשאַנוּוו:

ווען די יונגעליייט זענען ארויסגעשיקט געוואָרן פון טשענסטאָכאָוו, האָט מען זיי געפירט, עסקאָרטירט דורך פּאָליציי, ביז לובלין. דאָרט האָט מען זיי פארלאָדן אין פי־וואַגאָנען און איבערגעגעבן אין רשות פון ס. א.־לייט, וועלכע זענען ספּעציעל געקומען פון טשעשאַנוּוו, כדי אהינ־צוברענגען ארבעטער־שקלאַפן. ווען זיי זענען אינמיטן דער נאַכט, אין פינצטערניש, אָנגעקומען אויפן אָרט, האָבן זיי די ס. א.־לייט מיט אייזערנע בייטשן ארויסגעטריבן פון די וואַגאָנען, ערגער ווי מען טרייבט בהמות, און אזוי האָט מען זיי געיאָגט עטלעכע קילאָמעטער אונטער שמיץ און קלעפּ ביז צום ארבעט־לאַגער.

ווען די ס. א.־לייט האָבן די יונגעליייט ענדלעך געלאָזט א ביסל איבערכאַפּן דעם אָטעם, זענען זיי, די אומגליקלעכע, מידע אנידערגעפאַלן אויף דער הוילער ערד אונטער דעם פרייען הימל.

צומאָרגנס, ווען עס האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָבן זיי זיך ערשט געקאָנט ארומזען, ווּ זיי געפינען זיך. עס איז געווען א ברייט פעלד, אויף

וועלכן עס זענען געווען אויפגעשטעלט באראקן אָן דעכער. דאָס האָבן צוגעגרייט די יידן, וואָס זענען דאָ פריער אהערגעבראכט געוואָרן.

לאנג ארומקוקן זיך איז נישט געווען קיין צייט, ווייל באלד האָבן זיך אָנגעהויבן זייערע פּיין.

זיי האָבן באקומען זייער טעגלעכע שפּייז־פּאָרציע: 10 דעקא ברויט און א האלבן ליטער וואסערדיקע זופּ און געטריבן געוואָרן צו דער ארבעט אין א נאָענטן וואלד, וווּ די דייטשן האָבן אין געהיים געבויט פאָרטיפיקאַ־ציעס ביי דער דעמאָלטיקער דייטש־רוסישער גרעניץ אין לובלינער געגנט. דאָס איז געווען אין יאָר 1940, ווען דייטשלאנד און רוסלאנד זענען נאָך געווען אין „פריינטלעכע" באציאונגען.

אונטער דער אויפזיכט פון די ס.א.־לייט האָבן יידן געגראָבן גריבער. די מיט בליי געפלאָכטענע שפּיצרוטן זענען געפלויגן איבער יידישע קעפּ בשעת דער ארבעט. מיט די שפּיצרוטן און רעוואָלווערן האָבן די דייטשע רוצחים צעהאקט ביי די יידישע יונגעלייט קעפּ, דעפאָרמירט פּנימער, אויס־געהאקט אויגן און ציין, און גאָר אָפט זענען נאָך אזא „אָפּעראציע" געבליבן ליגן טויטע אויפן ארבעט־פּלאץ. די טויטע זענען באלד ארייגעוואָרפן געוואָרן אין די גריבער און פארשיט מיט ערד. אלע יידן האָבן ביי זיי געהאט איין נאָמען: „איזראעל".

יידן האָבן געהאקטביימער אין די וועלדער, און די דייטשן האָבן גע־שלאָגן. און עס איז נישט געווען קיין אונטערשיד, צי איינער האָט גוט אָדער שלעכט געארבעט — אלע אָן אויסנאַם זענען מערדערלעך געוואָרן געשלאָגן. די רוצחים האָבן אויסגעקלערט פארשידענע אופנים פון פּייניקן: פלוצלינג האָט א ס. א.־פארשוין געקאָנט א געשריי טון צו א ייד: „האַזע רונטער! ארש האָך! לעג זיך הין!" דאָס הייסט: „לאָז אראָפּ די הויזן, הייב אונטער דעם אונטערשטן טייל קערפּער, לייג זיך אנידער". באלד פלעגט אזא עטלעכע און צוואנציק יעריקער יונגערמאן ליגן אויף א שטאם פון אן אונטערגעשניטענעם בוים מיטן נאקעטן אונטן אין דער הויך, צוויי חברים, מיט וועלכע דער יונגערמאן האָט צוזאמען געארבעט, האָבן געמוזט נעמען צוויי דינע בוים־צווייגן און מיטן גאנצן כוח שלאָגן זייער חבר. אויב דאָס שלאָגן איז דעם רוצח נישט געפעלן געוואָרן, האָט ער באפוילן אויך די צוויי חברים זיך צו לייגן נעבן דעם ערשטן און ווען אלע דריי

זענען געלעגן, האָט ער גענומען אַ שטיק האָלץ און מיט דעם גאַנצן כוח אָנגעהויבן צו שינדן און צעפּאַסעוועו זייער לייב, ביז בלוט האָט געשפּריצט. אָפטמאָל האָט ער אַזוי לאַנג געשלאָגן, ביז די קרבנות האָבן אויפגעהערט צו שרייען און פאַרחלשטע אַראָפּגעפאַלן פון די ביימער־שטאַמען אויפן גראָז, וואָס איז נאַס געוואָרן פון בלוט. ווער פון זיי עס האָט זיך נישט באַלד געשטעלט אויף די פיס, איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין אַ גרוב און באַלד פאַרשיט געוואָרן. אַמאָל האָט געטראָפן, אַז אַ יונגערמאַן האָט זיך אויפגעשטעלט אין מיטן שלאָגן און געפרעגט דעם ס. אַ.־מאַן „פאַרוואָס שלאָגט מען מיך?" דער דאָזיקער יונגערמאַן איז שוידערלעך באַשטראָפט געוואָרן: מען האָט אים געצוווּנגען אַריינצושטעקן די הענט אין די הויזן־טאַשן און אין אָט דער פּאָזיציע אַריינגעשטעלט אין אַ גרוב און לעבעדי־קערהייט פאַרשיט מיט ערד. בלויז די האָר זיינע האָט מען געלאָזט אַרויס־שטייגן פון דער ערד, כדי די רוצחים זאָלן קענען ווייזן, וואָס עס פּאַסירט מיט איינעם, וואָס שטעלט פראַגן: יידן, האָבן זיי געזאָגט, דאַרפן טון אַלץ וואָס מען באַפעלט זיי און נישט פרעגן.

דער אָנפירער פון דעם אַרבעט־לאַגער איז געווען איינער אַ מאַיאָר מיטן נאָמען דאַלף. לויט דער מיינונג פון די יידן, וואָס האָבן געשקלאַפּט אונטער זיין אָנפירונג, האָט דער מאַיאָר כשר פאַרדינט דעם טיטל: „קעניג פון די סאַדיסטן". איינס פון זיינע באַליבטסטע „שפּילן" איז געווען אויס־צושטעלן אַ רייע מענטשן און צילעווען מיט זיין רעוואָלווער צווישן די אויגן פון זיינע קרבנות. אָבער די יידן זענען שוין אַזוי גלייכגילטיק געוואָרן צום טויט, אַז עס האָט שוין אויף זיי נישט געמאַכט קיין איינדרוק, ווען דער סאַדיסט האָט גערופן צו אָט דעם „שפּיל". שטאַרבן פון אַ קויל איז געווען אַ „לוקסוס־טויט" — עס איז דאָך ליבער געווען דערשאָסן צו ווערן, איידער דערשלאָגן צו ווערן מיט דרענגער אָדער באַגראָבן צו ווערן לע־בעדיקערהייט.

יעדן טאָג האָט דער מאַיאָר דאַלף באַזוכט די אַרבעט־פּלעצער און אין יעדער אָפּטיילונג איבערגעלאָזט עטלעכע יונגעלייט טויט. דער מאַיאָר דאַלף האָט נישט ווייט פון לאַגער געהאַט אַ זון, וועלכער פלעגט אָפט קומען צו זיין פאָטער אויף אַ וויזיט. דער יונגער דאַלף האָט הנאה געהאַט פון ספּאָרט און באַזונדערס ליב געהאַט זיך צו באָקסן. ער פלעגט אויס־

שטעלן אין א זאַל עטלעכע יידן און זיי „געלערנט" באָקסן, שלאָגנדיק זיי צווישן די אויגן, אויסהאַקנדיק ציין און צעברעכנדיק נעז; און ווען די יידן זענען שוין צעממיתטע געלעגן אויף דער ערד, האָט ער זיי געשלאָגן מיט א שטיק האָלץ איבער די קעפּ און ארויסגעיאָגט פון דאָרט, דערנאָך ווידער אריינגעפירט אויף זייער אָרט אנדערע. אזוי פלעגט זיך די „שפּיל" איבער־חזרן עטלעכע מאָל. דער יונגער דאלף האָט פּונקט ווי זיין פאָטער ליב גע־האט זיך צו לערנען שיסן, אָבער נישט צווישן די אויגן, נאָר אין מיטן קאָפּ. ער האָט דאָס געמאכט אויף אזא אופן: ער האָט באפוילן א ייד צו לויפן און אים נאָכגעשאָסן אזוי לאנג, ביז ער האָט געטראָפן אין מיטן קאָפּ. יעדעס מאָל, ווען ער איז געקומען אין לאגער אריין, האָט ער געמוזט זיך פארנעמען מיט אָט דעם מין „ספּאָרט" אזוי לאנג, ביז ער האָט גע־טראָפן מיט א קויל פּונקט אין דער מיטן פון א יידישן „קלוגן" קאָפּ, ווי ער פלעגט דאָס זאָגן.

דער מאיאָר דאלף און זיין זון האָבן געהאט גרויסע אויסדרעסירטע הינט, וועלכע זיי פלעגן אָנרייצן אויף די יידישע ארבעטער. די הינט פלעגן ווילד באפאלן די קרבנות און אויסרייסן פון פּנים און לייב שטיקער פלייש. נאָכן אויספירן די דאָזיקע בלוטיקע ארבעט פלעגן זיי פון די באלעבאטים זייערע געגלעט און געצערטלט ווערן.

* * *

יעדן טאָג זענען פון די ארומיקע שטעט און שטעטלעך אָנגעקומען פרישע טראנספּאָרטן מיט יידן. עס האָבן אָנגעהויבן קומען אויך אַלטע יידן. געוויס זענען אין יענע שטעט שוין נישט געווען מער קיין יונגע מענטשן. אין לאגער איז געוואָרן וואָס אמאָל ערגער, מאסן מענטשן זענען פארפייניקט געוואָרן און פרישע זענען געקומען אויף זייער אָרט. קיין קראנקע זענען דאָ נישט געווען, אַלע זענען געווען געזונט און שטארק, ווען דאלף האָט יעדן אינדערפרי אינספּעקטירט זיינע יידן און געפרעגט, ווער איז קראנק; קיינער האָט זיך נישט געמאָלדן קראנק, ווייל א קראנקער איז געוואָרן דערשאָסן.

איינמאָל אין א זומער נאכט זענען עטלעכע ס. א.־לייט אריינגעפאלן

אין א באראק מיט מעטאַלענע בייטשן אין די הענט. די יידן זענען געלעגן אויף דער הוילער ערד. הערנדיק דעם טומל, האָבן זיי זיך געשטעלט אויף די פיס. די ס. א.־מערדער, װעלכע זענען געװען שטארק שכור, האָבן באַפוילן, הונדערט יידן זאָלן זיך אויסשטעלן אויפן הויף נאקעט. עטלעכע יידן זענען באַלד דערשאָסן געװאָרן אויפן אָרט, די איבעריקע האָבן געקריגן דעם באַפעל אָפּצומארשירן אין שטעטל אריין קיין טשעשאנוװ. אָנגעקומען אין שטעטל, זענען די מענטשן װייטער געטריבן געװאָרן נאקעטערהייט אויפן בית־עולם, בלויז דריי יונגעלייט איז געלונגען אינמיטן װעג צו אַנטלויפן. װען די געפּייניקטע זענען אָנגעקומען אויפן בית עולם, זענען זייערע לייבער געװען צעשונדן פון די בייטשן און געברענט װי אין א פלאם פייער פון די שמיץ, װאָס האָבן כסדר געהאָגלט אויף זיי בעתן געטריבן װערן אויפן װעג. די רוצחים האָבן באַפוילן צו גראָבן גריבער, עס זענען אָבער נישט געװען קיין רידלס, האָבן זיי די אומגליקלעכע ארייַנגעטריבן אין א זומפּ און אַלע דאָרט דערשאָסן.

עטלעכע יונגעלייט אין באראק האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפן אויף דער רוסישער זייט. זיי האָבן עטלעכע טעג געארבעט פלייסיק, כדי עס זאָל נישט פאַלן אויף זיי קיין חשד, און אין א פינסטערער נאכט האָבן זיי זיך פאָרזיכטיק ארויסבאַקומען פון באראק. זיי זענען אריין אין װאַלד און זיך געלאָזט צו דער רוסישער זייט. נאָך עטלעכע שעה ארומבלאָנדזשען זענען זיי פארהאַלטן געװאָרן דורך דער רוסישער גרעניץ־װאך, װעלכע האָט זיי אװעקגעפירט אויף א פארהער פאר א מיליטערישער קאָמיסיע. מען האָט אויסגעפרעגט און פארפּראָטאָקאָלירט די דערקלערונגען פון די יונגעלייט װעגן די שוידערלעכע באַדינגונגען אין ארבעט־לאַגער ביי די דייטשן, אָבער מען האָט זיי דערקלערט, אז לויט אן אָפּמאַך מיט די דייטשן, טאָרן די רוסן נישט דורכלאָזן קיינעם אומלעגאַל איבער דער גרעניץ און דעריבער מוזן די יונגעלייט צוריק געשיקט װערן צו די דייטשן. קיין שום װיינען און בעטן האָט נישט געהאָלפן און אין א פינסטערער נאכט זענען זיי צוריק אָפּגעפירט געװאָרן דורך רוסישע זעלנער צו דער גרעניץ.

די פארצװייפלטע יונגעלייט האָבן בגנבה זיך געמוזט צוריק ארייַנבאַקומען אין לאַגער, דאָרט זענען זיי צוגעשטאַנען צו א פרעמדער ארבעטער־גרופּע און אזוי ארום פארװישט די שפּורן.

די עלטערן פון די יונגעלייט, וואָס האָבן געאַרבעט אין טשעשאַנוווּ, האָבן זיך דערוווּסט, אַז זייערע קינדער גייען אַרום אָפּגעריסן און אָפּגע־שליסן, האָבן זיי זיך באַמיט דורכן „יודן־ראַט", מען זאָל דערלויבן שיקן פּאַקעטן מיט די נויטיק זאַכן. די מאַכט האָט דאָס מאָל אַרויסגעוויזן „פאַר־שטענדעניש" און דערלויבט. אָבער אַ העלפט פון די געשיקטע זאַכן איז באַלד אויפן אָרט צוגענומען געוואָרן, פון דעם איבערגעבליבענעם האָבן די ס. אַ.־לייט אין לאַגער זיך אָראָפּגענומען זייער חלק און די שיריים זענען דערגאַנגען צו די לאַגער־אַרבעטער.

מיטן אָנקום פון ווינטער האָט די אַרבעט אין די פעלדער ביים גראָבן גריבער זיך אָפּגעשטעלט. די ס. אַ.־לייט האָבן דעמאָלט פאַר גרויסע סומעס אוועקגעקויפט, ווען אַ ייד האָט זיך אַרויסגענגבעט פון לאַגער. אַזוי אַרום דאָבן זיך טייל געראַטעוועט, אָבער דער לאַגער האָט ווייטער עקזיסטירט און אַ גרויסע צאָל יידן זענען דאָרט פאַרבליבן.

## XV

## די טעטיקייט פון „יודן־ראַט"

דער „יודן־ראַט" האָט באַקומען אַ מעלדונג פון שטאָט־הויפּטמאַן, אַז די יידן זאָלן זיך נישט צופיל וויזן אין די גאַסן, באַזונדערס אין די הויפּט־גאַסן. אויב דאָס „הערומטרייבן" פון די יידן, אַזוי איז געוואָרנט געוואָרן, וועט נישט אויפהערן, וועט די מאַכט „ציען די געהעריקע קאָנ־סעקווענצן". דער „יודן־ראַט" איז דעריבער אויפגעפאָדערט געוואָרן צו שאַפן אַ יידישע „אָרדנונגסדינסט" וואָס זאָל אַכטונג געבן, אַז יידן זאָלן נישט צופיל אַרומגיין אין די גאַסן.

עס זענען ווערבירט געוואָרן עטלעכע צענדליק יונגעלייט פאַר דער „אָרדנונגסדינסט", וועלכע איז צעשטעלט געוואָרן אויף וואַך־פּאָסטנס אי־בער אַלע גאַסן. די דאָזיקע יידישע אָרדנונג־היטער האָבן געטראָגן אָרעם־בענדער אויף ביידע אָרעמס: אויף דעם רעכטן אַ ווייסע באַנד מיט אַ מגן דוד און אויפן לינקן — אַ בלויע באַנד מיט אַן אויפשריפט אין דייטש: „יידישע אָרדנונגסדינסט".

צו די פונקציעס פון דער „אָרדנונגסדינסט" האָט נאָך געהערט דאָס אָפּהיטן די אָרדענונג אין די ביוראָס פון „יודן־ראט", אין ארבעטס־אמט, אין די סיכן און בכלל „דיסציפּלינירן" די יידישע באפעלקערונג. אומעטום ווו עס האָבן זיך אָפּגעשטעלט עטלעכע יידן צוזאמען, פלעגן זיך באלד באַווייזן יידישע „אָרדנונגס היטער" און באפעלן זיך פונאנדערצוגיין.

די יידישע „אָרדנונגסדינסט" האָט באקומען אן אייגענעם לאָקאל. די שטייער־צאָלער, וואָס האָבן נישט אזוי לייכט ארייננגעטראָגן די באַשטימטע סומעס אין דער קאסע פון „יודן־ראט" און די יידן, וואָס האָבן זיך נישט רעגולער געשטעלט צו דער ארבעט, זענען גערופן געוואָרן אין דאָזיקן לאָקאל אויף א פארהער. אין פאלן פון גנבה אָדער קריגערייַ צווישן יידן האָט אויך אינטערוועניִרט די „יידישע אָרדנונגסדינסט". סוף כל סוף האָט די „יידישע אָרדנונגסדינסט" אָנגעהויבן צו געווינען א געוויסן צוטרוי מצד דער יידישער באפעלקערונג.

עס פארשטייט זיך, אז די אויטאָריטעט פון דער יידישער „אָרדנונגס־דינסט" האָט זיך אויסגעשפּרייט בלויז אויף יידן דאקעגן איז זי געווען מאכטלאָז און הילפלאָז נישט בלויז קעגן וועלכן ס'איז נישט־ייד, נאָר אפילו קעגן קליינע קינדער, אויב דאָס זענען געווען נישט־יידישע.

אין אונדזער שטאָט זענען אָנגעקומען וואָס אמאָל מער דייטשע פאַמיליעס און פאר זייערע קינדער זענען געשאפן געוואָרן שולן. די דאָזיקע שול־קינדער אין עלטער פון 8 ביז 14 יאָר פלעגן גייענדיק פון אָדער אין שול באפאלן יידישע קינדער און אפילו אויך דערוואקסענע און זיי שלאָגן מיט שטעקנס אָדער שפּיצרוטן, ווען די קליינע דייטשלעך זענען אמאָל פארטריבן געוואָרן דורך די יידן, האָבן זיי אויפגעזוכט א זשאנדארם, וועלכער האָט זיך אָנגענומען די עוולה, וואָס די דייטשע קינדער האָבן אויסצושטיין פון די יידן און ער האָט די קליינע און אויך די דערוואקסענע יידן געלערנט דרך ארץ, אראָפּלאָזנדיק זיינע שווערע הענט איבער יידישע פּנימער. די חוצפּה פון די קליינע דייטשעלעך איז דעריבער געוואקסן און יידן זענען געווען געצוווּנגען זיך צו באהאלטן, ווען זיי האָבן זיך געוויזן אין גאַס.

איינמאָל האָט געטראָפן, אז דער פּרעזעס פון „יודן־ראט" און דער אָנפירער פון דער „אָרדנוגסדינסט" זענען גראד געווען אין גאַס, ווען יידישע

קינדער זענען געשלאָגן געוואָרן דורך די קליינע דייטשע כוליגאנעס. די יידישע „פאָרשטייער פון דער מאכט" האָבן קודם געפּרוּווט איינהאלטן די קליינע דייטשלעך מיט מאָראלישע ארגומענטן, ווי „נעכסטען־ליבע" וכדומה, אָבער די קליינע כוליגאנדלעך זענען נישט נתפּעל געוואָרן פון אזעלכע מיני יידישע „פּרעדיגטן" און זיך ווייטער געטון זייער ארבעט. דעמאָלט האָט דער אָנפירער פון דער „יידישער אָרדנונגסדניסט" געבראכט זיינע מענטשן מיט די אָרעמבענדער אויף בײדע אָרעמס און געפּרוּווט מאכן אָרדענונג. די קליינע דייטשלעך אָבער זענען די „אָרדנונגסמענער" אויך געשפּרונגען אין פּנים אריין, אזוי אז מען האָט לסוף געבעטן א דייטשן זשאנדארם אין גאס צו אינטערוועניר... דער זשאנדארם האָט געהאלטן א גאנצע דרשה פאר דעם פּרעזעס פון „יודן־ראט" און דער „אָרדנונגסדינסט", אז זיי און די נישט־דערצויגענע יידישע קינדער און די גאנצע „פאראמטע געזעלשאפט" זאָל נישט שטערן די רו פון דייטשע גוט־דערצויגענע קינ־דער. ער האָט זיי לסוף דערקלערט: איר האָט נאָר צו באפעלן אייערע יידן, אָבער פאר דייטשע קינדער זאָלט איר האָבן רעספּעקט!

אונדזער פּרעזעס מיט די „אָרדנונגמענער" זענען געוואָרן אויסגע־פּיפן פון די דייטשע „גוט דערצויגענע" קינדער און זיי זענען אוועק מיט חרפּה.

* * *

דער „יודן־ראט" האָט באקומען א באפעל פון דער מאכט צו רע־גיסטרירן דאָס יידישע פארמעגן אויף ספּעציעלע פאָרמולארן, וועלכע דארפן ווערן אויסגעפילט און צוגעשטעלט דעם שטאט־הויפּטמאן. יעדער יידישער מאן און יעדע יידישע פרוי דארף געגוי אָנגעבן דאָס פארמעגן. אין דעם פאָרמוליאר זענען געווען אויסגערעכנט פאָלגנדיקע רובריקן: פאבריקן, געשעפטן, ווערקשטאטן, ווערט־פאפירן, מעבל, וועש, בעטציי... טעפּיכער בילדער זשיראנדאלן און אלע אנדערע שטוב־זאכן. קליידונג־אָנצוגן, מאנטלען, פּעלצן, שיך, הוטן און אלע אנדערע קליידונג־זאכן (דערביי האָט געמוזט אָנגעגעבן ווערן די קאָליר פון יעדער זאך), גאָלד, זילבער און אנדערע איידעלע מעטאלן אין יעדער געשטאלט און פאָרעם און אלע אנדערע ווערט־זאכן. אלץ האָט געמוזט ווערן איינגעשריבן אין די

געהעריקע רובריקן פון פאָרמוליאר און אונטערגעשריבן דורך דער גע־העריקער פּערזאָן. ביי די שפּעטער דורכגעפירטע רעוויזיעס זענען פארגליכן געוואָרן די געפונענע זאכן מיט די, וואָס זענען אויפגעגעבן געוואָרן אין פאָרמוליאר. אויב מען האָט געפונען זאכן, וואָס זענען נישט געווען אָנ־געגעבן אין פאָרמוליאר, האָט מען זיי צוגענומען און זייער אייגנטימער האָט פאר זיי באקומען אזוי „באצאָלט", אז ער האָט דאָס שוין געהאט צו געדענקען אויפן גאנצן לעבן.

אין דער זעלבער צייט איז אויך דורכגעפירט געוואָרן א רעגיסטרא־ציע פון די, וואָס ווילן פאָרן קיין רוסלאנד. צו דער רעגיסטראציע האָבן זיך געמאָלדן מענטשן, וואָס האָבן געהאט קרובים אין די שטעט, וועלכע זענען אין אָנהייב מלחמה אָקופּירט געוואָרן דורך די רוסן. זיי האָבן גע־רעכנט אצינד צו קענען זיך פארבינדן מיט זייערע משפחות. אויך די יונגנט האָט זיך געמאָלדן צו דער רעגיסטראציע. די אלע רעגיסטראציע־צעטלען זענען צוגעשטעלט געוואָרן דורך דעם „יודן־ראט" צו דער מאכט.

* * *

עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען צו אונדז אין שטאָט יידן, ארויסגע־טריבענע דורך די דייטשן פון די ארומיקע שטעטלעך. די ערשטע היימלאָזע זענען אָנגעקומען פון דעם שטעטעלע באָדזאנאָוו. זיי האָבן דערציילט, אז איינמאָל אין מיטן דער נאכט זענען אריין אין שטעטל זשאנדארמען און אלע ארויסגעטריבן אויפן וועג הינטערן שטעטל. זיי האָבן זיך געלאָזט אזוי אין דער פינסטער וואנדערן, ביז זיי זענען אָנגעקומען צו אונדז. קודם זענען זיי אוועק אין „יודן־ראט" און באזעצט דעם הויף, די קאָרידאָרן, טרעפּן און וווּ נאָר א פריי אָרט — מענער, פרויען, קינדער און אלטע לייט, אלע פארמאטערטע, מידע, דערשעפּטע פארהונגערטע, מיט פארחושכטע פּנימער און אָפּגעריסענע.

ווען עס איז צוגעפאלן די נאכט און די אויסגעמאטערטע היימלאָזע האָבן נאָך נישט געהאט קיין דאך איבערן קאָפּ, האָט מען זיי אויף שנעל פארטיילט אין יידישע הייזער, ווו עס איז שוין אזוי אויך געווען גענוג ענג, צוליב דעם וואָס מען האָט היגע יידן, וועלכע די דייטשן האָבן ארויס־

געוואָרפן פון די וווינונגען, אויך געמוזט איינקוואַרטירן ביי אנדערע פאַמיליעס.

באַלד צומאָרגנס איז דער „יודן־ראַט" צוגעטרעטן צו שאַפן אזילן פאַר די היימלאָזע. מען האָט צו דעם צוועק צוגענומען אלע לאָקאַלן, ווו עס האָבן זיך געפונען מנינים, תלמוד תורות, קליינע שולן, וואָס האָבן זיך געפונען ערגעץ טיף אין די הייף. דאָס נייע בית מדרש וואָס איז געהאַט באַשעדיקט געוואָרן, האָט מען א ביסל פאַרריכט און דאָרט איינגעאָרדנט די היימלאָזע.

אָבער די אזילן זענען וואָס אמאָל געוואָרן אלץ מער איבערפולט. כמעט יעדן טאָג זענען געקומען נייע פאַרטריבענע פון זייערע היימען. אונדזער שטאָט, וואָס האָט פאַר דער מלחמה געציילט 25 טויזנט נפשות, איז געשטיגן צו 40 טויזנט.

דאָס לעבן אין די אזילן איז געוואָרן אלץ שווערער. אין איין זאַל האָבן געמוזט לעבן צוזאַמען מענער און פרויען מיט זייערע קינדער. מענטשן פון פאַרשידענע שיכטן. עס האָבן אויסגעפעלט בעטן און א סך האָבן געמוזט שלאָפן אויף דער ערד. כמעט אלע זענען געווען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, האָט מען ביי אונדז צונויפגעזאַמלט מלבושים און וועש וויפל ס'איז נאָר מעגלעך געווען און זיך באַמיט מיט אלע מעגלעכקייטן ארויסצוהעלפן די נאָך מער אומגליקלעכערע פאַר אונדז.

די קיך פאַר היימלאָזע איז געווען כסדר טעטיק, אָבער עס האָט נישט גענוגט קיין עסן. האָט מען אויך אָנגעהויבן קאָכן אין פּריוואַטע הייזער גרויסע קעסלען עסנוואַרג און זיי צוגעשטעלט דער קיך. אָבער מיט יעדן טאָג זענען די באַדינגונגען פאַר די שטענדיקע איינוווינער געוואָרן ערגער, יעדער איז געווען פאַרנומען מיט זיך און זיין נאָענטער פאַמיליע. די פּריוואַטע הילף איז וואָס אמאָל געוואָרן שוואַכער און די מענטשן אין די אזילן איז געוואָרן ערגער. עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אין די אזילן און אין די אָרימע הייזער אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן ווי פלעק־און בויך־טיפוס. דעזינפעקציע־מאַשינען זענען ארומגעפאָרן אין די אָרימע יידישע געגנטן און גערייניקט די הייזער. די מאַכט האָט באַפוילן דעם „יודן־ראַט" איינצואָרדענען „אַנטלויזונג־אַנשטאַלטן" מיט א קוואַראַנטאַן פאַר פאַרדעכטיקע אויף טיפוס און אויך שאַפן א שפּיטאָל פאַר עפּידעמיש־קראַנקע.

יידישע דאָקטוירים האָבן זיך אריינגעוואָרפן אין דער ארבעט צו באקעמפן די אָנשטעקנדיקע קראנקהייטן. דער געוועזענער קאפיטאן פון דער פוילישער ארמיי ד"ר וואלבערג האָט באקומען די מיסיע איבערצואַר־בעטן די מקוה אויף א קווארענטאן מיטן אן אנטלויזונג־אנשטאלט. נאָך א קורצער צייט זענען די אנשטאלטן געעפנט געוואָרן מיט א שטאב פון סאניטארן, פעלדשער און געהילפן. אין לאָקאל פון דער יידישער קינדער־היים אויפן נאָמען פון י. ל. פרץ איז געשאפן געוואָרן א שפיטאָל פאר עפידעמישע קראנקהייטן אונטער דער ליטונג פון דעם ד"ר קאגאן.

אלע איינוווינער פון די אזילן זענען אָפט געפירט געוואָרן אין דער קווארענטאן. דאָרט האָט מען זיי געשוירן און ראזירט, זייערע קליידער זענען דעזינפעקטירט געוואָרן און זיי האָבן זיך געבאָדן.

דער „יודן־ראט" האָט צונויפגעזאמלט ביי די, וואָס האָבן נאָך גע־קאָנט געבן, וועש, בעטן, בעטציג און אלץ וואָס די אנשטאלטן און דאָס שפיטאָל האָט גענדארפט האָבן. אויף מעדיקאמענטן און אינסטרומענטן איז געזאמלט געוואָרן געלט.

דאָס שפיטאָל איז באלד פול געוואָרן מיט קראנקע. די קווארענטאן האָט אריינגענומען הונדערטער מענטשן אויף אָבסערוואציע. די דאָקטויר־ים און סאניטארן האָבן ביי דער מיטהילף פון דער גאנצער יידישער געזעל־שאפט אזוי ענערגיש געארבעט, אז מיט דער צייט איז די לאגע באהערשט געוואָרן.

די דייטשע סאניטאר־מאכט האָט אויסגענוצט אונדזערע אנשטאלטן אויך פאר דער נישט יידישער באפעלקערונג. אלע בעטלער און פארוואָר־לאָזטע פון דער פוילישער באפעלקערונג זענען אונטער פּאָליצייאישער אויפזיכט געבראכט געוואָרן אין די יידישע סאניטאר־אנשטאלטן און בא־דינט געוואָרן דורכן יידישן פערסאָנאל. אויך ציגיינער, וועלכע זענען דורך די דייטשן שטארק פארפאָלגט געוואָרן, זענען געבראכט געוואָרן צו אונדז.

* * *

די נויט איז כסדר געוואקסן, אזוי אז דער „יודן־ראט" האָט נישט געהאט גענוג מיטלען צו העלפן די טויזנטער מענטשן, וואָס האָבן נישט געהאט קיין מעגלעכקייט צו פארדינען אויף זייערע באדערפענישן. עס




דער פּלאַן פון טשענסטאָכאָווער גרויסן און קליינעם געטאָ

איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן א הילף־קאָמיטעט ביים „יודן־ראט", וואָס זאָל שאַפן מיטלען פאר די נויטליידנדיקע יידן. דער הילף־קאָמיטעט האָט אויך גענומען אונטער זיין שוץ אלע אזילן, די צוויי שפּיטעלער, די סאניטארע אנשטאלטן און די גאנצע יידישע אָרימע באַפעלקערונג.

דער קאָמיטעט האָט געשאַפן באזונדערע סעקציעס פאר מעדיצינישע און עקאָנאָמישע הילף. א ספּעציעלער פּערסאָנאַל האָט אין געהיים נאָכגע־פאָרשט, ווער עס נויטיקט זיך אין הילף. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז מענטשן, וועלכע זענען אָנגעגאנגען אלס רייכע, האָבן שוין לאנג געלעבט אין דחקות און נויט. זייערע פארמעגנס זענען שוין לאנג געוואָרן צוגע־נומען. אנדערע ווידער האָבן געלעבט דערפון, וואָס זיי האָבן פאר גראָשנס פארקויפט פון זיך דאָס לעצטע פון זייער האָב און גוטס. עס האָט זיך אלזאָ ארויסגעוויזן, אז דער גרעסטער טייל פון דער באַפעלקערונג נייטיקט זיך אין הילף.

כדי צו קענען דערפילן זייערע אויפגאַבן, האָט דער הילף־קאָמיטעט באַדאַרפט האָבן גרויסע סומעס. דער „יודן־ראט" האָט אזעלכע נישט געקאָנט צושטעלן צו דער דיספּאָזיציע פון הילף־קאָמיטעט, עס איז דע־ריבער באַשלאָסן געוואָרן נאָך מער צו באַשטייערן די פארמעגלעכע יידן, וועלכע האָבן נאָך געפירט זייערע געשעפטן און עס זענען אזוי ארום אריינגעפלאָסן גרעסערע סומעס.

אָבער נישט געקוקט אויף דעם אלעם איז דער „יודן־ראט" נאָך אַלץ געשטאַנען פאר שווערע אויפגאַבן, סיי בנוגע דער מאכט, סיי בנוגע דער יידישער באַפעלקערונג. טויזנטער יידישע פאמיליעס האָבן געמוזט געשטיצט ווערן, טויזנטער ארבעטער האָבן געמוזט טעגלעך באַצאָלט ווערן פאר ארבעט, וועלכע זיי האָבן אויסגעפירט פאר די דייטשן. עטלע־כע הונדערט באַאַמטע פון „יודן־ראט" מיט זיינע אָפּטיילונגען האָבן געמוזט באַזאָרגט ווערן מיט לעבנסמיטלען, חוץ דעם איז זיי נאָך אויס־געצאָלט געוואָרן קליינע פענסיעס. דער „יודן־ראט" האָט נאָך באַדאַרפט צאָלן פאר פארשידענע רוי־מאטעריאַלן, וואָס זענען פארניצט געוואָרן ביים רעמאָנטירן הייזער פאר די דייטשן; גאַנץ אָפט האָט מען אויך געמוזט צאָלן קאָנטריבוציעס, כדי אויסצוקויפן זיך ביי דער געשטאַפּאָ. ניט געקוקט אלזאָ וואָס דער הילף־קאָמיטעט האָט דעם „יודן־ראט" פארלייכטערט די

ארבעט, האָבן זיך נאָך אַלץ געפּאָדערט גרויסע סומעס אויף צו דערפילן די אַלע התחייבותן, וואָס די דייטשן האָבן ארויפגעלייגט אויפן „יודן־ראט״.

אויף די זיצונגען פון „יודן־ראט״ איז מען געקומען צום אויספיר, אַז אויב אין אונדזער שטאָט איז די לאַגע פון די יידן נישט אַזוי שלעכט ווי אין אַנדערע שטעט, איז עס נאָר א דאַנק דעם, וואָס מען שטעלט ביי אונדז צו די דייטשן אַלץ, וואָס זיי פאַרלאַנגען, דעריבער מוז אויך אויף ווייטער נעמען ווערן אַלדינג, כדי צו געפינען מיטלען אויף צו באַפרידיקן זייערע פאָדערונגען. עס איז דעריבער געשאַפן געוואָרן א פינאַנץ־קאָמיסיע, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע צו שאַפן וואָס מער געלט.

די פינאַנץ־קאָמיסיע איז באַשטאַנען פון עטלעכע ראַט־מיטגלידער און פון אייניקע מענטשן, וואָס האָבן זיך פריער באַשעפטיקט מיט באָרגן געלט אויף פּראָצענט. מען האָט די דאָזיקע מענטשן אויסגעקליבן ווי „פאַכ־לייט״, וואָס ווייסן פון וועמען און ווי אַזוי ארויסצובאַקומען וואָס מער געלט.

די פינאַנץ־קאָמיסיע האָט געשאַפן אין יעדן הויז א קאָמיטעט און אין יעדן הויז־קאָמיטעט איז געווען באַשטימט א פּאַרוואַלטונג־מיטגליד פון דעם הויפּט־קאָמיטעט, וועלכער האָט רעפּרעזענטירט די הויז־קאָמיטעטן ביי דער פינאַנץ־קאָמיסיע.

יעדער ייִד, וואָס איז נאָר נישט געווען גאַנץ אָרים, איז געוואָרן באַ־שטייערט מיט א געלט־סומע פאַר דעם הויפּט־קאָמיטעט. א טייל פון דעם געלט איז באַלד פאַרטיילט געוואָרן אין הויז צווישן די אָרימע יידישע איינוווינער און דער רעשט איז אריין אין דער קאַסע פון „יודן־ראט״.

די פינאַנץ־קאָמיסיע האָט כסדר אויסגעקלערט נייע שטייערן מיט פאַרשידענע נעמען: „לאָקאַל־שטייער״, ווייל מען וווינט נאָך אין א ווינקל פון א שטוב און נישט אויף דער גאַס; א שטייער פאַר דער „אָרדנונגס־דינסט״, ווייל זיי „לערנען״ גיין און שטיין; א „קיך־שטייער״, ווייל דו דאַרפסט נאָך נישט געניסן פון דער אַלגעמיינער קיך; „ארבעט־שטייער״, ווייל דו אַרבעטסט ווייניקער ווי אַנדערע; און „עלעקטרי־שטייער״, „שפּיטאָל־שטייער״, „ספּעציעלער שטייער״, און נאָך און נאָך. האַנטווערקער, וועלכע זענען נאָך געווען באַשעפטיקט ביי זיך אין ווערקשטאַט, האָבן געמוזט צאָלן „פאַך־שטייערן״. די פינאַנץ־קאָמיסיע האָט יעדן שטייער באַזונדער פאַר

יעדן שטייער־צאָלער אָפּגעשאַצט. יעדער ייד, וואָס האָט נישט גענאָסן פון הילף־קאָמיטעט, איז געוואָרן באַוואָרפן מיט שטייער־צעטלען. אויסער דעם האָט דער דייטשער שטייער־אַמט געפאָדערט שטייערן, וואָס יעדער בירגער בכלל האָט געמוזט צאָלן.

דאָס שטייערן־ראָד האָט זיך געדרייט וואָס אַמאָל שנעלער און שטאַרקער. עס זענען אַריינגעפלאָסן גרויסע סומעס אין דער „יודן־ראַט"־קאַסע, אָבער עס זענען אויך אַריינגעקומען טויזנטער רעקלאַמאַציעס פון די, וואָס האָבן נישט געקאָנט דערטראָגן די שווערע שטייער־לאַסט. עס זענען אַנטשטאַנען רייבונגען צווישן די שאַצונגס־קאָמיסיעס און די שטייער־צאָלער. די פינאַנץ־קאָמיסיע האָט אַרויסגעשיקט אין שטאָט נייע קאָנטראָלערן, וועלכע האָבן באַדאַרפט געניי אויספאָרשן דעם מצב פון יעדן צאָלער. אַ סך „שטייער־צאָלער" זענען איבערגעגאַנגען צו די שטיצע־נעמער, מחמת עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי הונגערן שוין לאַנג, ווייל זיי האָבן נישט געקענט פועלן ביי זיך צו ווענדן צום הילף־קאָמיטעט נאָך שטיצע. עס זענען געשאַפן געוואָרן „העכערע שאַצונגס־קאָמיסיעס", וועלכע האָבן באַטראַכט די רעקלאַמאַציעס פון די צאָלער. ביי טייל איז די שטייער־סומע פאַרקלענערט געוואָרן, ביי אַנדערע ווידער איז זי גאָר פאַרגרעסערט געוואָרן.

עס זענען אָבער אויך געווען האַרטנעקיקע צאָלער, און איינמאָל, ווען די „יודן־ראַט"־קאַסע איז געווען ליידיק און עס איז נישט געווען מיט וואָס צו דעקן די אויסגאַבן, האָט דער „יודן־ראַט" צוגעשטעלט דער מאַכט אַ רשימה פון די יידן, וואָס האָבן נישט איינגעצאָלט די שטייערן.

אין אַ געוויסן פרימאָרגן זענען אָנגעפאָרן זשאַנדאַרמען אויף אויטאָס אין דער יידישער געגנט און אַרעסטירט די, וואָס האָבן נישט איינגעצאָלט אין באַשטימטן טערמין די שטייערן. אויב דער מאַן איז גראָד נישט געווען אין שטוב, האָבן זיי גענומען די פרוי. די אַרעסטירטע זענען אַוועקגעפירט געוואָרן הינטער דער שטאָט און נישט געקוקט, וואָס עס איז דעמאָלט געווען ווינטער, זענען זיי אַריינגעזעצט געוואָרן אין אַ גרויסער שטאַל. ערשט נאָך דריי וואָכן, ווען עס איז איינגעצאָלט געוואָרן אַ גרויסער טייל פון די געפאָדערטע שטייערן און אויף דער רעשט סומע זענען געגעבן געוואָרן גאַראַנטיעס, זענען די אַרעסטירטע באַפרייט געוואָרן.

די דייטשן האָבן דעם „יודן־ראַט" פאַרוואַנדלט אין אַן אינסטרומענט

אויף ארויסצובאקומען פון דער יידישער באפעלקערונג אלץ וואָס זיי האָבן נאָר געוואָלט.

דער „יודן־ראט" האָט איינמאָל באקומען א באפעל צו ברענגען אין „שטאָט־הויפּטמאַנשאפט" די טייערסטע שפּילצייג פאר קינדער. ווי עס האָט זיך ארויסגעוויזן, איז אין דייטשלאנד אָרגאניזירט געוואָרן אן אויס־פלוג פאר דייטשע קינדער צו די מזרח־געביטן, וואָס זענען געווען אָקופּירט פון די דייטשן. די קינדער האָבן געזאָלט באקומען שפּילצייג, בעת זיי וועלן פארבייפאָרן אונדזער שטאָט. דער „יודן־ראט" האָט געזוכט אין די גע־שעפטן און נישט געקאָנט באקומען די געהעריקע זאכן. ווען דער שטאָט־הויפּטמאַן האָט זיך דערוווּסט דערפון, האָט ער טעלעפאָנירט צום „יודן־ראט", אז אויב דאָס שפּילצייג וועט נישט צוגעשטעלט ווערן אין משך פון עטלעכע שעה, זאָל זיך דער פּרעזעס אליין צו אים מעלדן. עס זענען באלד ארויסגעשיקט געוואָרן די פּעאיקסטע באאמטע, וועלכע האָבן געמאכט רעוויזיעס אין די יידישע געשעפטן און אין פּריוואטע וווינונגען פון די געוועזענע גבירים און צוזאמענגענומען, וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט.

די שפּילצייג זענען פּינקטלעך צוגעשטעלט געוואָרן אין טערמין דעם שטאָט־הויפּטמאַן און דייטשע פרויען זענען ארויס אויפן וואקזאל און די דורכרייזנדיקע דייטשע קינדער איבערגעגעבן די מתנה. אין דער זעלבע־צייט האָבן יידישע קינדער זיך אויסגעוויינט די אייגעלעך נאָך זייער שפּילצייג.

* * *

די דייטשן האָבן כסדר ווי פּאראזיטן זיך אָנגעזעצט אויף יידישער פּראצע און אויסגענוצט די יידן אויף אלערליי אופנים.

זיי האָבן אָנגעהויבן באזוכן יידישע האנטווערקער.

דער פּרעזעס פון „יודן־ראט" און די יידן, וואָס האָבן זיך געדרייט אין די דייטשע אמטן, האָבן באקאנט געמאכט די דייטשן, ווער עס איז דער בעסטער שניידער, שוסטער, וועש־נייער או"וו. די דייטשן מיט זייערע פרויען האָבן אָנגעהויבן באזוכן די דאָזיקע האנטווערקער און באשטעלט ביי זיי ארבעט. די יידישע האנטווערקער ווידער האָבן גערן אויפגענומען די דייטשע קליענטן, אין דער האָפענונג צו קענען דורך זיי זיך פארבעסערן

אביסל די ביטערער מערכה. די דייטשן האָבן באַשטעלט ארבעט ביי די בעסטע בעלי־מלאכות און צוגעוואָרפן עטלעכע קליינע מטבעות פאר דער אויסגעפירטער ארבעט, כדי עס זאָל הייסן, אז זיי האָבן באַצאָלט. די יידישע האנטווערקער האָבן זיך געפלייסט, די ארבעט פאר די דייטשן זאָל ארויס־קומען וואָס בעסער. די דייטשע „קליענטן" זענען געווען אנטציקט פון דער יידישער ארבעט. דער „שטאָט־הויפטמאן" האָט זיך געקליידט ביים בעסטן יידישן מענער־שניידער פון שטאָט, וועלכער פלעגט ביים מעסטן א שיינעם אָנצוג אָדער פעלץ אויסנוצן די געלעגנהייט צו בעטן א טובה פאר זיך אָדער פאר א ייד, וואָס האָט זיך געפונען אין עפעס א צרה און טיילמאָל פלעגט מען אויף דעם אופן עפעס פועלן.

אויך די דייטשע פרויען האָבן אויסגעפונען דעם בעסטן יידישן דאמען־שניידער און זיך ביי אים געלאָזט נייען זייערע קליידער. זיי האָבן פארשטאנען, אז עס וועט פאר זיי בעסער לוינען צו קומען אין דער געזעל־שאפט פון זייערע מענער, ביי וועלכע דער יידישער שניידער וועט אויסבעטן עפעס א טובה און דערפאר מאכן די ארבעט בחנם.

אזוי איז געשען מיט אלע אנדערע יידישע בעלי מלאכות, וועלכע האָבן באנייט און באקליידט די דייטשן, סיי מיליטער־לייט, סיי ציווילע מיט זייערע פרויען און קינדער פון קאָפּ ביז פיס און דערפאר זענען זיי באפרייט געוואָרן פון דעם טעראָר, וואָס איז אָנגעווענדט געוואָרן לגבי דער יידישער באפעלקערונג.

מיט דער צייט האָט אויך דער „יודן־ראט" אָנגעהויבן אויסנוצן די באקאנטשאפטן פון די האנטווערקער מיט די דייטשן, כדי אָפּצושרייַען שווערע גזרות פאר איינצלנע יידן אָדער פאר דעם גאנצן כלל. אין אזעלכע פאלן האָבן די בעלי מלאכות געארבעט פאר די „קליענטן" אינגאנצן בחנם און דער „יודן־ראט" האָט געגעבן דעם שטאָף.

מען האָט אָנגעהויבן צו האָפן, אז דורך די האנטווערקער וועט אפשר געלינגען צו לינדערן אביסל די צרות, פון וועלכע די יידישע באפעלקערונג האָט געהאט אויסצושטיין.

ש ל מ ה   װ א ג א

## XVI

# „אריעריזירונג” פון יידישע געשעפטן

די געשטאַפּאָ, די זשאַנדאַרמעריע, די שטאָט־הױפּטמאַנשאַפט מיט אירע באַאַמטע און אַלע אַנדערע דײַטשן און „פאָלקס־דײַטשן”, װעלכע זענען געװען אין אונדזער שטאָט אין אַ גרױסער צאָל, האָבן געפירט אַ שײן לעבן. זײ האָבן זיך געפונען װײַט פון די מלחמה־פּאָזיציעס און זיך באַמיט אײַנצוּאָרדענען װאָס בעסער און שענער. אין אַ געװיסן טאָג זענען זײ צוגעטרעטן צו שאַפן געשעפטן, װעלכע זאָלן באַדינען בלױז דײַטשן.

דאָס „שאַפן דײַטשע געשעפטן” איז געשען אױף אַ גאָר „פּשוטן” אופן: דײַטשע באַאַמטע צוזאַמען מיט זשאַנדאַרמען פאַלן אַרײַן אין אַ יידיש געשעפט און טרײַבן אַרױס די אָנגעשטעלטע. דערנאָך נעמען זײ דעם אײגנטימער אױף אַ קורצן פאַרהער: זײ װילן װיסן, װוּ ער האָט דאָס געלט, די סחורה און אַלץ, װאָס געהער צום געשעפט. די ביכער װערן אױ־בערפלעכלעך דורכגעקוקט, די קאַסע װערט אױסגעצײלט און צוגענומען, דער אײגנטימער מוז אװעקגעבן די שליסלען און אַלץ, װאָס ער האָט בײַ זיך. אױב ער פרעגט שאלות, היתכן, װוּ איז יושר? באַקומט ער באַלד אַן ענטפער, װעלכן ער געדענקט דערנאָך זײער לאַנג. פון געשעפט גײען זײ באַלד אין דעם סוחרס פּריװאַט־װױנונג און אױב זײ געפינען דאָרט סחורה, װערט די װױנונג רעקװיזירט מיט אַלץ װאָס דאָרט געפינט זיך. אַזױ אַרום װערט אַן אײגנטימער פון אַ גרױס געשעפט אין פאַרלױף פון אײן שעה אַ קײלעכדיקער אָרימאַן.

דאָס צוגערױבטע געשעפט װערט איבערגעגעבן צו אַ דײַטש אָדער אַ „פאָלקס־דײַטש”. די יידישע נעמען װערן אַראָפּגעריסן פון די שילדן און עס באַװײַזן זיך אױפשריפטן אין דער דײַטשער שפּראַך: „היר װירד פער־קאַאופט נור פיר דױטשע”. דער נײַער דײַטשער סוחר פאַרקױפט די סחורות, װאָס דער ייד האָט איבערגעלאָזט. ער באַקומט אַ דערלױבעניש צו רעקװי־זירן בײַ די אַרומיקע פּױערן זײערע פּראָדוקטן, פאַר װעלכע ער באַצאָלט זײער װײניק.

די דײַטשע באַפעלקערונג באַקומט אין די „אַריעריזירטע” געשעפטן

סחורות און שפּייז־פּראָדוקטן צו זייער נידעריקע פּרייזן. למשל צוויי קילאָ ברויט, פאר וועלכע די גאַנצע באפעלקערונג צאָלט דרייסיק זלאָטים, קאָסט די דייטשן בלויז איין זלאָטי; א קילאָ פּוטער, וואָס קאָסט 200 זלאָטים, צאָלן די דייטשן 6 זלאָטים. אזוי איז מיט אלע אנדערע ארטיקלען.

די נייע „סוחרים" באקומען ברייטע מעגלעכקייטן צו מאכן גוטע געשעפטן: זיי נעמען אוועק מיט כוח סחורות פאר נידריקע פּרייזן, א קליי־נעם טייל דערפון פארקויפן זיי די דייטשן מיט א קליינעם פארדינסט און דאָס איבעריקע פארקויפן זיי אויפן שווארצן מארק פאר גאָר הויכע פּרייזן.

פּוילישע באאמטע, זעענדיק די דייטשע געשעפטן מיט די ביליקע סחורות, האָט זיך אויך פארגלוסט אזעלכע געשעפטן. זיי זענען צוגעטרעטן צו עפענען קאָנסומען, אָבער כדי צו באקומען לאָקאלן, האָט מען ווידער ארויסגעוואָרפן יידן פון זייערע געשעפטן און „אריעריזירט" די לאָקאלן. אויך די קאָנסומען האָבן טיילווייז באקומען שפּייז־פּראָדוקטן פאר ביליקע פּרייזן.

בעת דער „אריעריזירונג־אקציע" פלעגט מען זען דייטשן ארומגיין איבער די יידישע גאסן מיט בליישטיפט און נאָטיץ־ביכלעך אין די הענט און פארצייכענען יידישע געשעפטן. אין א שעה ארום פלעגט שוין דער אייגנטימער פון אזא פארנאָטירט געשעפט באקומען א מעלדונג פון דער „שטאָט־הויפּטמאנשאפט" צו פארלאָזן דעם לאָקאל. די גרויסע ווייסע טאָוולען מיט די בלויע מגן דודס אין די פענסטער און ביי די אריינגענג פון די יידישע געשעפטן האָבן פארלייכטערט די ארבעט אויסצוגעפינען די יידישע לאָקאלן. אויך „פאָלקס־דייטשן" און פּאָליאקן האָבן זיך אויסגעזוכט יידישע קראָמען און אויב זיי האָבן געהאט באקאנטשאפט אין די דייטשע אמטן, האָט מען דעם יידישן אייגנטימער ארויסגעוואָרפן און זיי האָבן איבערגענומען דאָס געשעפט.

די יידישע געשעפטן פון מאנופאקטור, פארטיקע מלבושים, וועש און גאלאנטעריע זענען ליקווידירט געוואָרן אלע מיטאמאָל און אויף פאָל־גנדיקן אופן:

אין א געוויסן פרימאָרגן זענען די אלע געשעפטן גלייכצייטיק באַ־פאלן געוואָרן דורך זשאנדארמען. מען האָט ארויסגעטריבן די אייגנטימער

און די אָנגעשטעלטע, פאַרשלאָסן די לאָקאַלן, פאַרזיגלט פענסטער און טירן און צוגענומען די שליסלען.

עטלעכע וואָכן זענען די געשעפטן געווען פאַרשלאָסן, די סוחרים האָבן זיך באַמיט, דער „יודן־ראַט" זאָל אינטערווענירן, אָבער קיינער האָט נישט געקאָנט העלפן. נאָך לאַנגע וואָכן האָט זיך דער ענין אַזוי פאַר־ענדיקט :

פאַר דער מלחמה האָט אין אונדזער שטאָט געוווינט אַ פּוילישער אָפיציר מיטן נאָמען מאַשעוויטש. דער אָפיציר איז געשטאָרבן און איבער־געלאָזט אַ פרוי מיט אַ זון און אַ טאָכטער. די פאַמיליע איז געבליבן אָן מיטלען און געלעבט אין נויט. די פרוי מאַשעוויטש האָט באַקומען פון דער פּוילישער רעגירונג אַ קאָלעקטור פון דער לאָטערי, אָבער דאָס געשעפט האָט איר געבראַכט גאָר ווייניק הכנסה און עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז די פרוי מיט אירע צוויי קינדער האָבן וועלנדיק באַגיין זעלבסטמאָרד זיך געסמט, אָבער זיי זענען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן. ווייטער האָט מען פון דער דאָזיקער פאַמיליע נישט געהערט.

ערשט ווען די דייטשן זענען אַריין אין אונדזער שטאָט, האָט מען גאָר אָפט אָנגעהויבן צו זען די פרוי מאַשעוויטש אין דער געזעלשאַפט פון „שטאָט־הויפּטמאַן" ד"ר ווענדלער. עס איז באַקאַנט געוואָרן, אַז די פרוי שטאַמט פון דייטשלאַנד, זי איז אַלזאָ אַ „פאָלקס דייטשקע". די פרוי מאַשעוויטש האָט אָנגעהויבן אַרומפאָרן אין אַן אייגענעם אויטאָ, זי האָט געעפנט צוויי גרויסע טעקסטיל־געשעפטן אין דער שענסטער געגנט פון שטאָט און באַקומען די פאַרטרעטונג פון די גרעסטע יידישע פאַבריקן, וועלכע זענען שוין געווען „אַריערייזירט" און זי איז בכלל באַקאַנט געוואָרן אַלס די רעכטע האַנט פון דעם „שטאָט־הויפּטמאַן". די פרוי מאַשעוויטש פלעגט אַמאָל טון אַ טובה אַ ייד און טיילמאָל באַזוכט דעם פרעזעס פון „יודן־ראַט". מיט דער צייט איז די פרוי געוואָרן די איינפלוסרייכסטע פּער־זאָן אין שטאָט.

איז אָט נאָכן האַלטן געשלאָסן עטלעכע וואָכן די יידישע מאַנו־פאַקטור־געשעפטן האָט מען זיי אַלע ווידער געעפנט און אָנגעהויבן אַריבערפירן די סחורות פון זיי אין די געשעפטן פון דער פרוי מאַשעוויטש.

לאַנגע וואָכן האָבן יידישע ארבעטער געארבעט ביים אריבערפירן מיט לאַסט־אויטאָס גרויסע מענגעס סחורה אונטער פּאָליצייאישער אויפזיכט.

די יידישע סוחרים זענען מיט פּארקלעמטע הערצער געשטאַנען פונוויטנס און צוגעקוקט ווי זייערע סחורות ווערן ארויסגעפירט פון די געשעפטן ביז צום לעצטן שטיק און זיי האָבן אפילו נישט געטאָרט צוגיין נענטער צו זייערע געשעפט־לאָקאַלן.

די אויסגעליידיקטע לאָקאַלן אין די שענערע גאַסן ווערן איבערגע־געבן צו דייטשן, דאקעגן ווערן איבערגעגעבן די שליסלען פון די אנדערע קראָמען צום „יודן־ראַט". דער יודן־ראַט ווידער, וועלכער נוצט תמיד אויס די געלעגנהייט, כדי ארויסצובאַקומען געלט, גיט אָפּ די שליסלען נאָך יענע אייגנטימער, וועלכע צאָלן איין א גרעסערע געלט־סומע. א קליינער טייל סוחרים נעמען צוריק זייערע געשעפט־לאָקאַלן פאַר געלט, און דער גרעס־טער טייל געשעפטן ווערט ליקווידירט און ווער עס גיט מער, דער באַקומט דעם לאָקאַל. די פריערדיקע גרויסע מאַנופאַקטור־געשעפטן זענען פארוואַנ־דלט געוואָרן אין קליינע קרעמלעך פון סאָדאַ וואַסער, אייז, שפּילצייג, קנעפּלעך, ביליקע פּרוכטן אא"וו.

## XVII

## ליקווידאציע פון יידישע פאַבריקן

די גרויסע יידישע פאַבריק אונטער דער פירמע „גנאַשינער מאַנו־פאַקטור" אין טשענסטאָכאָוו, וועלכע האָט פאַר דער מלחמה באַשעפטיקט עטלעכע טויזנט מענטשן, האָט זיך געפונען הינטער דער שטאָט, אויפן וועג צו דער דייטשער גרעניץ. אויפן צווייטן טאָג פון דער מלחמה, ווען דאָס דייטשע מיליטער האָט פארביימארשירט פאַר דער פאַבריק, איז ארויס א לאַנגיעריקער הויכער פאַבריק־באַאמטער מיט בלומען און באַגריסט די דייטשן. דער דאָזיקער באַאמטער, וועלכן מען האָט זינט לאַנגע יאָרן גע־קענט פאַר א פּאָליאַק, איז מיטאַמאָל פארוואַנדלט געוואָרן אין א „פאָלקס־דייטש" און באַשטימט געוואָרן פון די דייטשן אָנצופירן מיט דער פאַבריק.

אין די פאַבריק־הייזער האָבן געוווינט יידישע מייסטער און באַאמטע

און דער הויפּט־אינזשיניער. די אַלע יידן זענען מער נישט צוגעלאָזט גע־וואָרן צו דער אַרבעט און דער נייער פּאַרוואַלטער האָט זיי אַרויסגעוואָרפן פון זייערע דירות, נישט דערלויבנדיק זיי מיטצונעמען די מינדסטע קלייניקייט פון זייערע זאַכן. דער פריש געבאַקענער דייטש האָט אויך פאַרמסורט דעם אינזשיניער, אַז ער האָט צוגענומען געלט פון דער קאַסע. דער אינזשיניער האָט געהאַט דערפון אַ סך אויסצושטיין און צום סוף געמוזט אַוועק פון שטאָט.

אויף דעם זעלבן אופן זענען אַלע אַנדערע גרויסע און קלענערע פאַבריקן און געשעפט־הייזער צוגענומען געוואָרן דורך די דייטשן און אומעטום זענען באַשטימט געוואָרן נייע אָנפירער, וועלכע האָבן געהאַט דעם טיטל „טרויהענדער״.

דאָס זעלבע איז געשען מיט די פאַבריקן פון אויסלענדישע אייגנטימער, פראַנצויזן, בעלגיער און אַנדערע, מיט וועלכע דייטשלאַנד איז געווען אין קריג־צושטאַנד. די „טרויהענדער״, איבערנעמענדיק זייערע אַמטן, האָבן אָנגעהויבן זייער טעטיקייט מיט קאָנטראָלירן, צי דער געוועזענער אייגנטימער האָט איבערגעלאָזט אַלדינג אין „אָרדענונג״. צי די קאַסע שטימט לויט די ביכער, צי עס איז נישט אַרויסגענומען געוואָרן דאָס געלט פון די בענק, צי דער לאַגער פון דער רוייער און פאַרטיקער סחורה שטימט לויט די ביכער. אויב עס האָט זיך זיי עפּעס אויסגעוויזן נישט אין אָרדענונג, איז דער יידישער אייגנטימער גערופן געוואָרן צום „טרויהענדער״ אין פאַבריק און דאָרט געוואָרן מער־דערלעך געשלאָגן, נאָכדעם איז ער גענומען געוואָרן אויף אַ פאַרהער און געמוזט ענטפערן אויף די געשטעלטע פראַגן. פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן עטלעכע וואָכן פאַר דער מלחמה אַוועקגעשיקט סחורה טיפער אין לאַנד, כדי זיך צו באַוואָרענען אויף יעדן פאַל, האָבן אַלץ געמוזט אַרויסגעבן דעם „טרויהענדער״ און צוריקברענגען די סחורות אויף אייגענע קאָסטן.

דער גרעסטער טייל „טרויהענדער״ זענען געווען פריערדיקע באַאַמטע פון די זעלבע פאַבריקן. זיי זענען געווען נאָך ערגער פון פרעמדע „טרויהענ־דער״. נישט וועלנדיק זיך מער טרעפן מיט די אייגנטימער און געוועזענע אַר־

בעט־קאָלענעז, האָבן זיי באַלד פאַרטריבן אַלע יידן און אַרויסגעהאַנגען ביים אַריינגאַנג אַן אויפשריפט „פיר יודן איזט דער איינטריט פערבאָטן". אין דער יידישער פאַבריק „וואַרטאַ" איז געוואָרן „טרויהענדער" אַ געוועזענער באַאַמטער, וועלכער איז דורך די אייגנטימער געהאַט געשיקט געוואָרן אויף זייערע קאָסטן קיין ענגלאַנד, כדי צו שטודירן דאָס וועבער־פאַך. נאָכן איי־בערנעמען די אָנפירונג מיט דער פאַבריק האָט ער באַלד אין ערשטן טאָג אַרויסגעטריבן די יידן. דער זעלבער פאַרשווין האָט אויך איבערגענומען נאָך אַ יוטע־פאַבריק, וועלכע ער האָט ליקווידירט, פאַרקויפט די סחורות מיט די מאַשינען און פאַרדינט דערביי שווערע מיליאָנען. דער פריערדיקער יידישער דירעקטאָר פון דער פאַבריק, וועלכער איז געבליבן אָן מיטלען צו לעבן, האָט ביי אים געבעטן הילף, אָבער אַנשטאָט הילף האָט ער נאָך ביי אים צוגענומען דעם זייגער און זיך אויסגעלאַכט פון אים.

אַזוי זענען באַהאַנדלט געוואָרן אַלע יידן, סיי אייגנטימער, סיי אָנ־געשטעלטע, סיי אַרבעטער פון די פאַבריקן, וואָס די דייטשן האָבן צוגענו־מען, אַ קלענער אויסנאַם זענען געווען טייל קלענערע פאַבריקן און געשעפטן, ווו די אייגנטימער אַליין זענען געווען פאַכלייט און האָבן אָנגעפירט מיט דער אונטערנעמונג. די נייע פאַרוואַלטער, די „טרויהענדער", האָבן זיך נישט געפילט בכוח אַליין צו פירן די אונטערנעמונגען און זיי האָבן דער־ריבער איבערגעלאָזט די אייגנטימער ביי דער אַרבעט. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַרבעטן אין אַזעלכע באַדינגונגען איז פאַר דעם ייד געווען ביטער, אָבער אָפּזאָגן זיך האָט מען אויך נישט געקאָנט, דערצו נאָך, אויב נישט אין זיין פאַבריק, וואָלט ער געמוזט אַרבעטן צוואַנג־אַרבעט ערגעץ אין אַ וואַלד אָדער אין וואַסער.

אָבער די פאַרדינסטן פון די יידישע אַרבעטער, וואָס זענען שוין יאָ געבליבן אַרבעטן אויף זייערע פּלעצער, זענען געווען מיט 25% ווייניקער, ווי עס האָבן פאַרדינט די נישט יידישע אַרבעטער. חוץ דעם האָבן די נישט יידישע אַרבעטער באַקומען געוויסע פּראָדוקטן, וואָס די יידישע האָבן נישט באַקומען.

די יידישע פאַבריקן האָבן לאַנג געאַרבעט פון די רווישטאָפן, וועלכע די אייגנטימער האָבן איבערגעלאָזט. אַ טייל פאַבריקן האָבן געהאַט רוי־שטאָפן אויף צוויי יאָר. דאָס נייע געלט, וואָס די דייטשן האָבן איינגעפירט,

האָט נישט געוווּנען דעם צוטרוי פון דער באַפעלקערונג, דעריבער האָבן זיך אַלע געוואָלט פאַרזיכערן מיט סחורה. פּוילישע סוחרים האָבן געצאָלט יעדן פּרייז פאַר אַ ביסל סחורה. די „טרויהענדער" אין די פאַבריקן האָבן געדאַרפט פאַרקויפן סחורה צום פאַר־מלחמה־פּרייז, אָבער זיי האָבן גענומען צען מאָל העכערע פּרייזן און אין די ביכער איינגעטראָגן נאָרמאַלע פּרייזן, אַזוי אַז די לייט האָבן אין אַ קורצער צייט געמאַכט מיליאָנען.

די יידן, ביי וועלכע מען האָט צוגענומען די פאַבריקן, און מען האָט זיי אַפילו נישט איבערגעלאָזט אַלס אַרבעטער, האָבן זיך געווענדט מיט אַ בקשה צו דער צענטראַלער מאַכט, מען זאָל זיי געבן אונטערשטיצונג פון די פאַבריק־הכנסות, ווייל זיי האָבן נישט קיין מיטלען צום לעבן. נאָך אַ לאַנגער צייט האָט די מאַכט צוויסן געטון די „טרויהענדער", זיי זאָלן אויסצאָלן די אייגנטימער 200 זלאָטים אַ חודש, אָבער מיטן באַדינג אויב די אונטערנעמונג פאַרדינט אָט די „איבעריקע" הוצאה, ווארום פון קאַפּי־טאַל דאַרף די שטיצע נישט אַראָפּגענומען ווערן. דאָס אויסצאָלן די 200 זלאָטים איז אַזוי אַרום געוואָרן אָפּהענגיק פון „גוטן ווילן" פון דעם „טרויהענדער", וועלכער האָט שוין תמיד געפונען אַ מאָטיוו נישט אויס־צוצאָלן דאָס געלט, הגם אַרום און אַרום איז דאָס געווען אַזאַ סומע, וואָס האָט ביי די הערשנדיקע באַדינגונגען געקאָנט געניגן אויף דריי טעג פּרנסה. די דאָזיקע 200 זלאָטים זענען אַלזאָ — מיט קליינע אויסנאַמען — נישט אויסגעצאָלט געוואָרן. עס האָט זיך בלויז געפונען אַ קליינע צאָל „טרויהענ־דער", וואָס האָבן אויך „געטראַכט אויף שפּעטער", ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, און אויף יעדן פאַל געוואָלט בלייבן גוט מיט די אייגנטימער פון די אונטערנעמונגען. זיי האָבן אויך פאַרשטאַנען, אַז די מיטאַרבעט פון די געוועזענע אייגנטימער וועט זיי בעסער נוצן ווי די פון נייעם פּער־סאָנאַל, וואָס האָט נישט געהאַט קיין אַנונג אין דער אַרבעט. די דאָזיקע אייגנטימער, הגם זיי האָבן געאַרבעט אַלס פּשוטע אַרבעטער, זענען פאַקטיש געשטאַנען אין אַן ענגן קאָנטאַקט מיט דעם „טרויהענדער". זיי האָבן דעם „טרויהענדער" געוויזן דעם גאַנצן מעכאַניזם פון געשעפט און זיך געטיילט מיט די פאַרדינסטן.

מיט דער צייט האָבן די רוישטאָפן, וועלכע די יידישע אייגנטימער האָ־בן געהאַט צוגעגרייט, זיך אויסגעשעפּט. פריש מאַטעריאַל האָט די רעגירונג

צוגעטיילט גאָר ווייניק אָדער בכלל גאָרנישט, ווייל אַלץ איז צוגעשטעלט גע־וואָרן אין די אמוניציע־פאבריקן. די אונטערנעמונגען האָבן זיך ביסלעכווייז אָפּגעשטעלט. די מאכט האָט פאראָרדנט צו פאראייניקן עטלעכע פירמעס צו־זאמען אין איין אונטערנעמונג. אָבער אויך דאָס האָט נישט לאנג געדויערט און די נייע פירמעס האָבן געמוזט ליקווידירט ווערן צוליב דוחק אין רוי־שטאָף. די מאשינען פון די יידישע פאבריקן זענען ערגעץ געוואָרן אוועק־געפירט און א גרויסער טייל איז געגאנגען אויף שמעלץ אין די אייזן־הוטעס, וווּ זיי זענען איבערגעמאכט געוואָרן אויף הארמאטן אָדער אנדער געווער.

* * *

נישט בלויז געשעפטן און פאבריקן, נאָר אויך אַלע הייזער זענען צוגענומען געוואָרן ביי יידן און מען האָט זיי געשטעלט אונטער א „טרויהאנד"־פארוואלטונג. עס איז געגרינדעט געוואָרן אן אמט מיטן נאָמען „טרויהאנדשאפט פיר יידישן גרונדבעזיץ". פון דייטשלאנד איז געבראכט געוואָרן א ספּעץ פאר הייזער־פארוואלטונג, וועלכער איז אין דארטמונד געווען לאנגע יאָרן אדמיניסטראטאָר ביי יידישע הויז־אייגנטימער. דער דאָזיקער פּארשוין האָט באלד איינגעפירט, אז מען זאָל אים טיטולירן דאָקטאָר און זיך איינגעאָרדנט מיטן גאנצן קאָמפאָרט ווי אַלע אנדערע דייטשע ציוויל און מיליטערלייט ביי אונדז אין שטאָט. דאָס ערשטע האָט ער באפוילן, מען זאָל אים צוגרייטן א ווילע, וועלכע דער „יודן־ראט" האָט געמוזט שיין אויסמעבלירן, דערנאָך האָט מען אים געמוזט צושטעלן א גרויס איינגעאָרדנט און געהעריק אויסמעבלירט ביוראָ פון עטלעכע צימערן, און דאן האָט ער אָנגעהויבן זיין „טעטיקייט". זיין פארטרעטער און דאָס איבעריקע פּערסאָנאל זענען געווען פּאָליאקן פון פּויזן — דאָס איז א ספּעציעלער מין פּאָליאקן, וואָס האָבן פון תמיד אָן געשמט מיט זייער אנטיסעמיטיזם. די אדמיניסטראציע פון די יידישע הייזער איז געוואָרן איבערגעגעבן די פּאָלקס־דייטשן און פּאָליאקן. יעדער פון זיי האָט באקומען גאנצע גאסן הייזער און זיי האָבן אָנגעהויבן איינצוקאסירן דירה־געלט. די ביכער פון די הייזער זענען קאָנטראָלירט געוואָרן און די פארלעגענע סו־מעס פאר דירה־געלט פון פאר דער מלחמה האָבן געמוזט איינגעצאָלט

ווערן דורך די לאָקאטאָרן ביזן לעצטן גראָשן. די יידישע הויז־אייגנטימער האָבן געמוזט צאָלן דירה־געלט גלייך מיטן אַלע לאָקאטאָרן.

די פּרעסע האָט אָנגעהויבן שרייבן וועגן דעם שלעכטן צושטאנד פון די יידישע הייזער, וואָס זענען איבערגענומען געוואָרן פון דעם דייטשן „טרויהענדער" מיט זיינע געהילפן. די הייזער האָבן געזאָלט רעמאָנטירט ווערן אונטער דער דייטשער פארוואלטונג. אויסגעלאָזט האָט זיך אָבער פונקט פארקערט. די נייע אדמיניסטראציע האָט בלויז ארויסגעפּרעסט וואָס מער געלט פון די לאָקאטאָרן און די הייזער זענען ערשט אויף אן אמת פארנאכלעסיקט געוואָרן.

די אדמיניסטראטאָרן, די „פאָלקס־דייטשן", האָבן געמאכט רעוויזיעס אין די יידישע וווינונגען און צוגענומען אַלץ, וואָס האָט נאָר געהאט א ווערט, מיטן אויסרייד אז עס פאלט ארונטער אונטער רעקוויזיציע. אזוי פלעגן זיי ארויספירן מאשינען פון קליינע פאבריקלעך און סחורות. זיי האָבן דאָס געטון נאָך אכט אזייגער אין אָוונט, ווען יידן איז פארבאָטן געווען זיך צו געפינען אין גאס און זיי האָבן נישט געקאָנט זען, ווי דאָס אלדינג ווערט אוועקגעפירט. איין דרייסטער ייד, ביי וועלכן דער אדמיניס־טראטאָר האָט ארויסגעפירט ביינאכט דאָס גאנצע פארמעגן, האָט געמאָלדן דער פּאָליציי און אָנגעוויזן אויף א פּוילישער פירמע, צו וועלכער דאָס אלדינג איז געוואָרן אריינגעפירט. די פּוילישע פּאָליציי האָט געפירט די אויספאָרשונג און אויפגעוויזן, אז אַלץ שטימט גענוי, ווי דער ייד האָט געמאָלדן: אז דער פּאָליאק האָט די סחורות מיט די מאשינען פון א גאנצער פאבריק געקויפט אלס גנבה ביים אדמיניסטראטאָר. די דאָזיקע אַלע זאכן זענען געוואָרן פארזיגלט און אזוי ווי דער אדמיניסטראטאָר איז געווען א „פאָלקס־דייטש", האָט די פּוילישע פּאָליציי נישט געקאָנט אנט־שיידן דעם ענין און ער איז איבערגעגאנגען צו דער געשטאַפּאָ. אין עטלעכע טעג ארום האָט דער ייד און זיין זון באקומען אן אויפפאָדערונג זיך צו מעלדן אין געשטאַפּאָ. זיי זענען אהין אוועק מיט א לייכט הארץ, אין דער גאנצער זיכערקייט, אז מען וועט זיי נישט קענען אויפווייזן קיין שום שולד.

אָבער ווי נאָר זיי זענען אריין אין דער געשטאַפּאָ־ביוראָ, זענען זיי אויפגענומען געוואָרן מיט מערדערלעכע קלעפּ און אריינגעשליידערט גע־וואָרן אין א קעלער. נאָכן אָפּליגן דאָרט עטלעכע שעה זענעז זיי פון דאָרט

ארויסגעפירט געוואָרן אויפן צווייטן שטאָק אין א צימער, וווּ עס האָט אויך זיי שוין געוואַרט זייער אדמיניסטראַטאָר. ער צוזאמען מיט נאָך א געשטאפּאָ־פארשוין האָבן אויפסניי אזוי צעשלאָגן דעם טאטן מיטן זון, אז זיי זענען געבליבן ליגן אָן באוווּסטזיין. ווען מען האָט זיי דערמינטערט מיט אן עמער קאלט וואסער, האָט מען זיי דערקלערט, אז „יידישע שווינד־לער טאָרן נישט באשולדיקן מענטשן פון דייטשן פאָלק אין קיין שום זאך".

נאָך א געוויסער צייט איז קוים געלונגען ארויסצוקריגן די צוויי יידן פון דער געשטאפּאָ. זיי זענען א לאנגע צייט געלעגן צו בעט, ביז זיי זענען געקומען צו זיך נאָך די מערדערלעכע קלעפּ. דאָס איז שוין געווען א לעקציע פאר אלע יידן זיך נישט צו באקלאָגן אויף קיין דייטשן און „פאָלקס־דייטשן". דער אדמיניסטראטאָר איז ווייטער געבליבן אויף זיין פּאָסטן און דער ייד האָט אים געצאָלט דירה־געלט פון זיין וווינונג אין זיין אייגענעם הויז.

## XVIII

## „זאָרג פאר קולטור"

דער „יודן־ראט" האָט באקומען אן אויפפאָדערונג פון דער מאכט, אז אין די בנינים, וווּ עס האָט זיך פריער געפונען דאָס יידישע שפּיטאָל, זאָל ווערן איינגעאָרדנט אן אינטערנאט מיט א שולע פאר דייטשע קינדער. אלע לאָקאלן זאָלן דאָרט ווערן רעמאָנטירט, אלע זאלן, צימערן און אריינ־גענג זאָלן ווערן אויפגעפרישט, דער גרויסער גאָרטן זאָל פארשענערט ווערן מיט נייע פלאנצן און אלץ זאָל איינגעאָרדנט ווערן „אזוי ווי עס פּאַסט פאר א דייטשער שולע".

די טעכנישע אָפּטיילונג ביים „יודן־ראט" האָט מאָביליזירט אירע אלע כוחות, דער ארבעט־אמט האָט צוגעשטעלט די געהעריקע צאָל ארבע־טער און מען איז צוגעטרעטן צו בויען דאָס נייע „דייטשע" ווערק, וואָס האָט געדויערט לאנגע וואָכן און האָט דעם „דעם „יודן־ראט" אָפּגעקאָסט זייער א סך געלט.

דעם שטאָט־הויפּטמאַנס פאַרטרעטער האָט אכטונג געגעבן אויף דער אַרבעט. ביי זיינע וויזיטן פלעגט ער די יידן, אַלס באַלוינונג פאַר דער אַרבעט, זידלען מיט די ערגסטע ווערטער. ווען דער רעמאָנט איז געווען געענדיקט, איז אַריינגעפירט געוואָרן שיין מעבל מיט אַלע אַנדערע רעקוויזיטן, וועלכע עס דאַרף האָבן אַ מאָדערנער אינטערנאַט. דער „יודן־ראַט" האָט צוגעשטעלט די געהעריקע מאַנופאַקטור־סחורות, פון וועלכע יידישע שניידערס האָבן געניית מונדירן פאַר די שילער, וועלכע זענען שוין גרייט געווען פאַר דעם אינטערנאַט.

ווען די יידישע פאַכלייט זענען נאָך געווען באַשעפטיקט ביי די לעצטע אַרבעטן און ביים צוגרייטן די דעקאָראַציעס צו דער דערעפענונג־פייערונג, איז באַקאַנט געוואָרן, אַז דער גובערנאַטאָר פון ראַדאָמער דיסטריקט וועט קומען צו דער דערעפענונג. עטלעכע שעה פריער איז אָנגעקומען דער פאַרטרעטער פון שטאָט־הויפּטמאַן מיט אַ שפּיצרוט אין האַנט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, צי אַלץ איז אין אָרדענונג און אויסגערופן: „יודען פערשווינדען!" זיין שפּיצרוט האָט אָנגעהויבן פאַלן איבער די קעפּ פון די יידישע אַרבעטער און ער האָט אַזוי לאַנג געשלאָגן, ביז ער האָט אַלע יידן פאַרטריבן.

ווען דער גובערנאַטאָר איז אָנגעקומען אין שטאָט, האָט געהערשט אַן אימה. יידן זענען נישט אַרויסגעלאָזט געוואָרן פון די הייזער. די גאַסן זענען באַוואַכט געוואָרן דורך פּאָליציי און דאָרט, אין די געביידעס פון געוועזענעם יידישן שפּיטאָל, איז פאָרגעקומען דער גרויסער יום־טוב. אויפן אַנדערן טאָג האָבן מיר געלייענט אין די צייטונגען, אַז דער גובערנאַטאָר האָט געהאַלטן אַ פייערלעכע רעדע און געדאַנקט די דייטשע אָנפירער פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פאַר דעם נייעם שיינעם ווערק, וואָס זיי האָבן אויסגעבויט אין נעבן־לאַנד פון דייטשן רייך.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז דער פּרעזעס פון „יודן־ראַט" גערופן געוואָרן צום שטאָט־הויפּטמאַן, וועלכער האָט אים דערקלערט, אַז יעדע אינסטיטוציע און פירמע פון אונדזער שטאָט גיט אַן איינמאָליקע גרעסערע געלט־אונטערשטיצונג פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון אינטערנאַט און דער „יודן־ראַט" דאַרף זיך אויך באַשטייערן פאַר דעם צוועק. דער פּרעזעס פון „יודן־ראַט" האָט פאַרשטאַנען, אַז דער דאָזיקער „פרייוויליגע־



דער יידישער פּאָליציי־אַמט אין קליינעם געטאָ



יידן אין גרויסן געטאָ

כער אָנבאָט" טאָר נישט אָפּגעזאָגט ווערן און דערקלאַרירט 50 טויזנט זלאָטים פאַר דעם אינטערנאַט פון די היטלער־קינדער. דעם פּרעזעס איז דערביי דורכגעלאָפן דער געדאַנק, ווו וועט מען ווידער נעמען דאָס געלט, אָבער דער „שטאָט־הויפּטמאַן" האָט זיך געפילט באַליידיקט, וואָס דער פּרעזעס האָט דערקלאַרירט אַזאַ קליינע סומע פאַר אַזאַ וויכטיקן צוועק. דער פּרעזעס האָט זיך געפּרוּווט פאַרענטפערן מיט געלט־מאַנגל און צוגעזאָגט די סומע צו פאַרגרעסערן און דער „יודן־ראַט" האָט געהאַט געגוג אַרבעט צו פאַרשאַפן די סומע פאַר דער דאָזיקער „פרייוויליקער באַשטייערונג".

* * *

עס איז נישט אַוועק קיין סך צייט און דער „יודן־ראַט" האָט באַקומען אַ באַפעל איינצואָרדענען אַ שווים־באָד פאַר דער דייטשער באַפעלקערונג אין אונדזער שטאָט. אויך אַ ספּאָרט־פּלאַץ מיט אַלע מאָדערנע איינריכטונגען זאָל געשאַפן ווערן. חוץ דעם זאָל אויסגעפּאַרטיקט ווערן דאָס שטאָטישע טעאַטער, וואָס איז געבויט געוואָרן נאָענט פאַר דער מלחמה.

ווידער האָבן די בעסטע יידישע פאַכלייט געאַרבעט לאַנגע חדשים; די בעסטע יידישע ספּאָרטלער מיט הונדערטער אַרבעטער האָבן זייער שווייס פאַרגאָסן ביי די אַרבעטן אויף די פעלדער. ביי די דערעפענונגען פון יעדער אינסטיטוציע באַזונדער זענען פאָרגעקומען גרויסע פייערלעכקייטן ביי דער אָנוועזנהייט פון דייטשע הויכגעשטעלטע פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן אין פייערלעכע רעדעס געלויבט די גרויסע און שווערע לייסטונגען, וועלכע די דייטשן מיט זייערע פאַכמענישע פעאיקייטן פירן דורך אין דעם „פאַרנאַכלעסיקטן לאַנד". פאַר די גרויסע אָנשטרענגונגען האָבן די פּאַרטיי־לייט מיט די באַאַמטע פון דער „שטאָט־הויפּטמאַנשאַפט" באַקומען אויסצייכענונגען און אורלויבן, זיי זאָלן זיך אַביסל אָפּרוען נאָך דער שווערער אַרבעט.

XIX

## אויסראָטונג

די געשטאַפּאָ־לייט האָבן געגישטערט אין די פאַרבליבענע אַרכיוון און געפאָרשט אַלע מאַטעריאַלן, פון וועלכע זיי האָבן זיך נאָר געקאָנט

דערוויסן די נעמען פון „פּאָליטיש פאַרדעכטיקע" אָדער אַנטי־פאַשיסטן, סיי דאָס זענען געווען יידן, סיי פּאָליאַקן. הויפּטזאַכלעך האָבן זיי געזוכט אינטעליגענטן. יעדן טאָג און יעדע נאַכט זענען פאָרגעקומען אַרעסטן. מענטשן זענען איינגעזעצט געוואָרן אין תפיסה און אין אַ קורצער צייט אַרום זענען זיי בכלל פאַרשוווּנדן געוואָרן. די איינוווינער פון דאָרף „אָלשטין", נישט ווייט פון אַ וואַלד, האָבן געוווּסט צו דערציילן, אַז אין די פרימאָרגן־שעהען ווערן אַרויסגעפירט מענטשן פון תפיסה אין וואַלד אַריין; דאָרט צווינגט מען זיי צו גראָבן גריבער, אין וועלכע זיי ווערן דערנאָך אַריינגעשלײדערט און דאָרט דערשאָסן.

אין תפיסה ווערט צוויי מאָל אַ וואָך אָנגענומען שפּייז, וואָס עס ברענגען די קרובים פון די אַרעסטירטע. אָפט טרעפט, אַז מען גיט צוריק די משפּחה־לייט דאָס געבראַכטע עסנוואַרג מיט אַ דערקלערונג, אַז זייערע נאָענטע געפינען זיך מער נישט אין תפיסה. די פרויען פון אַזעלכע פאַרשוווּנדענע מענער הייבן דאַן אָן צו גיין פון איין אַמט אין אַנדערן, כדי זיך צו דערוויסן וועגן גורל פון די פּלוצלינג פאַרשוווּנדענע. סוף כל סוף באַקומען זיי אַ שטרענגן ענטפער, אַז זיי זאָלן זיך אויפהערן צו אינטערעסירן מיט דעם, ווו זייערע מענער זענען. תמיד דעריבער, ווען פרויען אָדער קינדער זענען געקומען צו דער תפיסה מיט עסנוואַרג פאַר די מענער אָדער טאַטעס, פלעגן זיי שטיין אין איין שרעק און וואַרטן, צי מען וועט זיי דאָס עסן צוריקברענגען אָדער נישט. די סודות פון אָלשטינער וואַלד זענען שוין מער נישט געווען קיין סוד און צוריקגעגעבענע שפּייז האָט באַדייט, אַז דער נאָענטער לעבט שוין נישט.

אין תפיסה־געסל פלעגט דעריבער אָפט זיך פונאַנדערטראָגן אַ האַרצרייסנדיק יאָמערן. פרויען און קינדער אָדער עלטערן פון די פּלוצלינג פאַרשוווּנדענע האָבן זיך פאַרצווייפלט געוואָרפן צו דער ערד, זיך געריסן די האָר און געשריגן מיט ווילדע קולות. דער זשאַנדאַרם האָט זיי באַלד פאַריאָגט מיט דער ביקס־קאָלבע. די משפּחה־לייט פון די אַרעסטירטע פלעגן גאַנצע נעכט אָפּוואַרטן די אויטאָס, וואָס האָבן זייערע טײַערע אוועקגעפירט אין אָלשטינער וואַלד. פונדערווייטנס — ווייל נאָענט האָט מען נישט צוגעלאָזט — פלעגן זיי שטיין און זעען, ווי פאַרטאָג ווערט פּלוצלינג דאָס טורמע־געסל אַרומגערינגלט דורך געשטאַפּאָ־לייט און אין צוגעפאָרענע

אויטאָס הארט צום טויער ווערן אויפגעלאָדן מענטשן. ווען די אויטאָס זענען פארבייגעפאָרן דעם וועג, וווּ די קרובים פון די ארעסטירטע זענען געשטאַנען, פלעגט אויסברעכן א געוויין און די קרובים האָבן נאָכבאגלייט די אויטאָס אזוי ווי מען גייט נאָך א לוויה.

יעדע פּאָר טעג פלעגן ארויסגעשיקט ווערן פון תפיסה מענטשן אויך אין די קאָנצענטראַציע־לאגערן אריין. נאָך יעדן טראנספּאָרט האָט מען די תפיסה אויפסניי אָנגעפילט מיט נייע ארעסטירטע, און אזוי איז כסדר גע־גאַנגען די פּראָצעדור פון ארעסטירן און אוועקשיקן. מען האָט זיך דער־וווּסט, אז אין שטעטל אָשוויענטשים, נישט ווייט פון קראָקע, זענען פאראן קאָנצענטראציע־לאגערן, וווּהין מען ברענגט כסדר מענטשן אין די טויזנ־טער, און אין א קורצער צייט ארום ווערן זיי אומגעבראַכט. די פאמיליעס פון די אהין פארשיקטע מענטשן באקומען פון דאָרט טעלעגראַמעס, אז זייער קרוב איז „פערשטאָרבן". נאָך א געוויסער צייט ווערט די פאמיליע גערופן אין געשטאַפּאָ, וווּ עס ווערט זיי איבערגעגעבן א טייל מלבושים נאָך די פארשטאָרבענע.

די קרובים פון די אוועקגעשיקטע קיין אָשוויענטשים באמיען זיך אין די פארשידענע אמטן צו ראַטעווען זייערע נאָענטע פון אָשוויענטשים, אָבער אינגיכן ווערט מען געוווּיר, אז די, פאַר וועלכע מען באמיט זיך, זיי זאָלן באפרייט ווערן, ווערן נאָך גיכער אומגעבראַכט און די משפּחה באקומט באַלד א טעלעגראַמע „פערשטאָרבן".

דאָך געפינען זיך ביי אונדז אין שטאָט א צוויי, דריי מענטשן, וואָס זענען צוריקגעקומען פון אָשוויענטשימער לאגער. מען האָט זיך פאַר זיי ספּעציעל באמיט דורך מענטשן מיט גרויס איינפלוס. ווי אזוי זיי זענען באפרייט געוואָרן און בכלל, וואָס דאָרט אין לאגער קומט פּאָר, איז פאר־בליבן א סוד, ווייל זיי דערציילן נישט קיין איין וואָרט וועגן דעם אלעם. זיי זענען געוואָרנט געוואָרן, אז אויב זיי וועלן עפּעס זאָגן, וועט מען זיי אהין צוריק שיקן.

אין זומער 1940 זענען ביי אונדז אין שטאָט ארעסטירט געוואָרן אלע יידישע אדוואָקאַטן. זיי זענען ארייננגעזעצט געוואָרן אין דער טורמע־קאַמער, וווּ מען פלעגט ארייננזעצן די באשטימטע אוועקצושיקן קיין אָש־וויענטשים. די משפּחות פון די אדוואָקאַטן האָבן געמאַכט אלע אָנשטרענ־

גונגען זיי אַרויסצוראַטעווען, אויך דער „יודן־ראַט" האָט זיך באַמיט עפּעס צו טון און וויינריב האָט זיך שטאַרק פאַרנומען מיט דער זאַך. תחילת איז די אַקציע געפירט געוואָרן געמיינזאַם, אַז אַלע זאָלן ווערן אָפּגעראַטעוועט, שפּעטער האָט יעדע פאַמיליע אָנגעהויבן צו טון וואָס עס האָט זיך געלאָזט באַזונדער, מחמת מורא, זיי זאָלן נישט דערוויי־ל ווערן אוועקגעשיקט און די הילף זאָל נישט אַמאָל קומען צו שפּעט.

אין עטלעכע טעג אַרום איז באַקאַנט געוואָרן, אַז די געשטאַפּאָ האָט אַרעסטירט נאָך יידן פון פאַרשידענע שיכטן. אויך זייערע פאַמיליעס זענען געלאָפן אין „יודן־ראַט" און צו וויינריבן בעטן, מען זאָל פאַר זיי עפּעס טון. זיי האָבן געוואָלט אוועקגעבן אַלץ, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, אָבער קיינער האָט פאַר זיי גאָרנישט געוואָלט טון. אין עטלעכע טעג אַרום זענען זיי פאַרשיקט געוואָרן קיין אָשוויענטשים.

באַלד נאָכדעם זענען די אַדוואָקאַטן באַפרייט געוואָרן. עס איז געווען אַ פאַרדאַכט, אַז די אַדוואָקאַטן זענען געראַטעוועט געוואָרן אויפן חשבון פון די אַנדערע אַרעסטירטע, פאַר וועלכע קיינער האָט זיך נישט געוואָלט איינשטעלן. אויב עס איז טאַקע אַזוי געווען, איז פאַרבליבן אַ סוד. יעדנפאַלס, זענען די משפחות פון די פאַרשיקטע אַרומגעגאַנגען מיט באַשווערטע הערצער און מיט אַ כעס אויפן „יודן־ראַט", וועלכן זיי האָבן חושד געווען אין מאַכן דעם דאָזיקן שרעקלעכן אויסטויש. דער פאַרדאַכט איז געווען שטאַרק אויך צוליב דעם, ווייל די אַדוואָקאַטן האָבן דעם „יודן־ראַט" געגעבן זייער אַ סך געלט, וואָס איז נויטיק געווען פאַר דער באַפרייאונג. דערוויי־ל אָבער זענען ווייטער געמאַכט געוואָרן אַלץ נייע אַרעסטן, עס זענען ווייטער געגאַנגען נייע טראַנספּאָרטן קיין אָשוויענטשים און עס זענען ווייטער אָנגעקומען טעלעגראַמעס פון אָשוויענטשימער לאַגער צו פרויען, אַז זייערע מענער זענען „פאַרשטאָרבן".

## XX

## געטאָ

עס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז עס וועט ביי אונדז איינגעפירט ווערן אַ געטאָ, מיט באַזונדערע שטאָט־טיילן פאַר יידן

און באזונדערע פאר „אריער", אזוי ווי דאָס איז שוין זינט א צייט גע־האט איינגעפירט געוואָרן אין ווארשע און אין אנדערע שטעט.

די דאָזיקע קלאנגען האָבן ארויסגערופן א פאניק און מען איז געלאָפן אין „יודן־ראט" זיך דערוויסן וועגן דער זאך. דער פרעזעס און די אנדערע מיטגלידער פון „יודן־ראט" האָבן בארואיקט און פארזיכערט, אז „ביי אונדז קאָן אזא זאך נישט פאסירן, ווייל מיר גיבן דאָך די דייטשן אלדינג, וואָס זיי פארלאנגען פון אונדז", אָבער גאָר אינגיכן האָבן זיך די קלאנגען ארויסגעוויזן פאר ריכטיק.

ביי אונדז אין שטאָט איז געווען א דייטשער אמט מיטן נאָמען „קווארטיר־אמט", וועלכער האָט געהאט די אויפגאבע צו שאפן פאר די דייטשן, וואָס קומען אהער, וווינונגען. אָנפירער פון דאָזיקן אמט איז גע־ווען איינער א דייטש מיטן נאָמען לינדערמאן. דער דאָזיקער לינדערמאן איז געווען אָן איינגייער צו יידישע האנטווערקער, וועלכע פלעגן פאר אים און פאר זיין פרוי מאכן פארשידענע ארבעטן אומזיסט אָדער האלב אומ־זיסט, ווי זיי פלעגן עס טון פאר אנדערע דייטשע באאמטע, פון וועלכע זיי האָבן געקאָנט דערווארטן עפעס א טובה.

איז אָט האָט איינמאָל א יידישער שניידער ביים אָנמעסטן דעם אָנפירער פון קווארטיר אמט א שיינעם אָנצוג פאָרזיכטיק א פרעג געטון, ווי עס האלט ביי אונדז מכוח דעם געטאָ. דער דייטש האָט געענטפערט, אז „עס האלט זייער גוט" אז אינגיכן דארף פאָרקומען א זיצונג אין דער הויפטמאנשאפט וועגן „איינאָרדענען פאר אייך יידן א ספעציעלן וווין־באצירק".

ווען די דאָזיקע נייעס איז באקאנט געוואָרן, איז די פאניק געוואָרן נאָך גרעסער. מענטשן האָבן באצייטנס זיך געוואָלט פארזאָרגן מיט א דאך איבערן קאָפ. עס האָבן אָנגעהויבן זיך באוועגן קליינע וועגעלעך מיט פארשידענע מעבל און זאכן פון די עלעגאנטערע גאסן אין די אָרימערע שטאָט־טיילן, דאָרט ווו יידן האָבן משער געווען, אז עס וועט איינגעאָר־דנט ווערן דאָס געטאָ. אנדערע וועגעלעך ווידער זענען פון די יידישע גאסן געפאָרן מיט זאכן אין די פוילישע געגנטן אריין — דאָס האָבן טייל יידן אריבערגעפירט זייערע זאכן צו די „פוילישע פריינט" אויף צו באהאלטן „ביז די צייטן וועלן זיך ענדערן".

אינגיכן אָבער האָט דער שטאַט־הויפּטמאַן ארויסגעגעבן א פאַר־אָרדענונג, אז עס טאָר נישט איבערגעפירט ווערן קיין מעבל אָדער אנדערע זאכן פון איין אָרט צום אנדערן אָן א ספּעציעלער דערלויבעניש. פון דער דאָזיקער פאַראָרדענונג איז נאָך קלאָרער געוואָרן, אז באלד וועט איינגעפירט ווערן דאָס געטאָ. די בהלה איז דעריבער געוואָרן נאָך שטארקער, מען האָט געוואָלט ראטעווען פון דעם פארמעגן וואָס עס וועט זיך לאָזן: מענער, פרויען און קינדער זענען צענדליקער מאָל געגאנגען הין און צוריק צו די יידישע גאסן און אוועקגעטראָגן צו די קרובים מלבושים, אָנגעטוענע אויף זיך, און אנדערע זאכן, וואָס מען האָט געקאָנט מיטנעמען מיט זיך. פּונקט אזוי ווידער פלעגן אנדערע אוועקטראָגן זאכן פון די יידישע געגנטן צו די פּוילישע צו באקאנטע פאַליאקן.

יידישע טישלער האָבן באקומען א באפעל צו מאכן גרויסע הילצערנע שילדן, אויף וועלכע עס דארפן געמאכט ווערן אויפשריפטן, אז יידן טאָרן נישט גיין ווייטער, אונטער דער דראָאונג פון טויט־שטראָף.

באלד איז באקאנט געוואָרן, אז אין וווינונג־אמט ביים „יודן־ראט" וועלן צוגעטיילט ווערן וווינונגען פאר יידן, וועלכע ווערן איבערגעטראָגן פון „ארישע" שטאָט־טיילן אין „יידישן וווין־באצירק". דאָס יידישע געטאָ איז שוין געוואָרן באשטימט און צום אריבערטראָגן זיך איז געגעבן געוואָרן א טערמין פון 5 טעג.

ביי די אויסגענג פון די גאסן, וועלכע זענען באשטימט געוואָרן פארן געטאָ, זענען אוועקגעשטעלט געוואָרן פּוילישע פּאָליציאנטן. מען האָט שוין נישט ארויסגעלאָזט די יידן אין די ארישע גאסן אריין. עס איז אויפגענומען געוואָרן די צאָל וווינונגען אין די געטאָ־גאסן און די צאָל פון די „אריער", וועלכע מוזן פארלאָזן דאָס געטאָ. פאר דער פּוילישער באפעלקערונג פון די געטאָ־גאסן איז געשאפן געוואָרן א וווינונגס־אמט, וואָס האָט איינגעטיילט וווינונגען אין דעם „ארישן" שטאָט־טייל, אין הייזער, ווו עס האָבן ביז איצט געוווינט יידן.

פארן יידישן וווינונג־אמט איז געווען א גרויס געדראנג. די ארויסגעטריבענע פון דער „ארישער זייט" האָבן געוואָלט האָבן א שטיקל דאך איבערן קאָפּ. דאָס צוטיילן די וווינונגען איז צוגעגאנגען זייער פּאמעלעך. אלס אָנפירער פון יידישן וווינונג־אמט איז באשטימט געוואָרן איינער

א יונגערמאַן מיטן נאָמען קוילנברענער. דער דאָזיקער קוילנברענער איז אהערגעקומען פון גדיניע און דאָ באוויזן צו שליסן באקאנטשאפט מיט דייטשע באאמטע, וועלכע האָבן באפוילן דעם „יודן־ראט" צו געבן דעם דאָזיקן יונגנמאן א באשעפטיקונג. ער איז אזוי ארום געוואָרן „שעף" פון וווינונג־אמט און ביי אים אין האנט איז געלעגן דאָס אויסטיילן וווינונגען. קיין באשטימטע אמט־שעהען האָט דער דאָזיקער „הער שעף" נישט געהאט און ער האָט זיך קיינמאָל נישט געאיילט, ווען יידן זענען אין לאנגע רייען געשטאנען און געווארט צו באקומען עפּעס א שטיקל דאך איבערן קאָפּ.

סוף כל סוף איז איינגעשטעלט געוואָרן דאָס געטאָ. יידישע ארבעטער האָבן אין אלע עקן פון געטאָ אויסגעגראָבן גריבער און אריינגעגראָבן גרויסע שילדן אין געלן קאָליר, ביי וועלכע יידישע מאלער זענען געשטאַנען און אויסגעמאָלט אין דייטש, פּויליש און יידיש די אויפשריפט: „יידן, וועלכע פארלאָזן דעם יידישן וווין־באצירק, ווערן באשטראָפט מיט טויט־שטראָף; אריער, וועלכע וועלן אריין אין יידישן וווין־באצירק מיטן צוועק צו האנדלען אָדער קויפן ביי יידן, ווערן באשטראָפט מיט תפיסה".

אין חודש אפּריל 1941, צוויי טעג פאר דעם קריסטלעכן יום־טוב פּסח, האָבן אלע יידן אין אונדזער שטאָט טשענסטאָכאָוו אָנגעהויבן לעבן צוזאמען, אָן „אריער", אין געטאָ. אָבער אונדזער געטאָ איז נאָך געווען אנדערש ווי די געטאָס אין אנדערע שטעט. עס זענען נישט געווען קיין מויערן און קיין אָפּצוימונגען. די פּוילישע באפעלקערונג האָט נישט געטאָרט האנדלען מיט יידן, אָבער דורכגיין דאָס געטאָ איז געווען דערלויבט. אונדזער שטאָט איז געווען אזוי געבויט, אז די 40 טויזנט יידן האָבן נישט געקאָנט אָפּגעשלאָסן ווערן אזוי, אז די „אַרישע" באפעלקערונג זאָל נישט קענען צוקומען צו די געטאָ־גאסן. דאָס האָט אונדז געגעבן די האָפענונג, אז ביי אונדז וועט דאָס געטאָ נישט זיין גאנץ אָפּגעשלאָסן און מיר וועלן דעריבער נישט זיין אויסגעשטעלט אויף הונגער ווי אין אנדערע שטעט.

ווען אלע יידן האָבן שוין געוווינט אין געטאָ, זענען נאָך עטלעכע יידן אויף א קורצער צייט פארבליבן אויף דער „אַרישער זייט". דאָס זענען געווען די יידישע אויסדערוויילטע בעלי־מלאכות, וואָס האָבן גע־

ארבעט פאר די דייטשן. אזוי ווי עס איז גראד געווען פאר דעם קריסטלעכן יום טוב, זענען די יידישע בעלי־מלאכות געווען שטארק פארוואָרפן מיט ארבעט פאר די דייטשן. זיי האָבן געמוזט אויספארטיקן מלבושים אויף יום טוב און דאָס אריבערקלייבן זיך אין געטאָ וואָלט די ארבעט פארהאלטן. דעריבער האָט מען די יידישע ווערקשטאטן ווייטער דערלויבט דערוויילע צו בלייבן אויף דער „ארישער זייט״. דאָס איז געטון געוואָרן פארשטייט זיך צוליב דער באקוועמלעכקייט פון די דייטשן און נישט צוליב דער טובה פון יידן. ווען א זשאנדארם איז אריין אין מאָדע־געשעפט „רענא״ און באפוילן צו שליסן דעם לאָקאל אזוי ווי אלע אנדערע יידישע געשעפטן אין יענער געגנט, האָט די אייגנטימערין באלד געוואָלט אויספירן דעם באפעל; די דייטשע פרויען אָבער, וועלכע האָבן דאָרט געווארט אויף זייערע היטן, זענען אוועק צו זייערע מענער, הויכע באאמטע פון דער שטאָט־הויפטמאנשאפט, און געמאכט א טומל: וואָס הייסט, זיי וועלן זייערע היטן נישט האָבן פארטיק אויף יום טוב! איז דעריבער געקומען א באפעל, דאָס געשעפט זאָל בלייבן אָפן, ביז די דייטשן וועלן געבן אן אנדערן לאָקאל. דאָס איינציקע יידישע געשעפט, מיט גרויסע מגן דודס אין די פענסטער ארויסגעהאנגען, איז ווייטער געבליבן אָפן אין דער שענסטער געגנט פון דער שטאָט. עס איז באלד באקאנט געוואָרן, אז די מאכט האָט באשטימט פאר די אויסדערוויילטע יידישע בעסטע בעלי מלאכות, וועלכע ארבעטן פאר די דייטשן, א באזונדער הויז, נאָענט ביים געטאָ, כדי די דייטשע קליענטן זאָלן נישט זיין געצוווּנגען אריינצוקומען אין געטאָ.

* * *

דער ערשטער פרימאָרגן אין געטאָ:

גאנץ פרי זענען די מענטשן ארויס אין גאס, צו ארומזען זיך, וואו מען געפינט זיך. מען הייבט אָן גיין איבער די גאסן, אָבער עס איז נישטאָ קיין סך פרייער שטח. אומעטום גרעניצן: גרויסע שילדן מיט אויפשריפטן, ביי וועלכע עס שטייען יידישע „אָרדנונגסמענער״, אָנגעטון אין רויטע היטלען מיט גלאנציקע דאשקעס. די ווייסע „יודן־באנד״ אויפן רעכטן אָרעם, די „אָרדנונגסבאנד״ אויפן לינקן אָרעם, באוואָפנט מיט גומענע שטעקעלעך, אזוי ווי די ריכטיקע פּאָליציאנטן. א סך דורכגענג צו די פאר־

שידענע גאסן געהערן נישט צום געטאָ און מען הייבט זיך אָן אָריענטירן, וווּהין מען מעג און ווּ מען טאָר נישט גיין. די באַוועגונג ווערט שטאַרקער און אין די גאסן ענגער. איינער שטויסט דעם אַנדערן ביים גיין אויף די טראָטואַרן און אין מיטן גאס דערלויבן נישט די פּאָליציאַנטן צו גיין. די אַרבעטער איילן צו זייערע זאַמל־פּלעצער. זיי קלאַפּן מיט די הילצערנע שיך אויף די שטיינער און מאַכן אָן א רעש. זיי מאַרשירן גרופּעסווייז מיט זייערע בריגאַדיערן צו די נייע גרעניצן פון געטאָ. דער יידישער פּאָליציאַנט ווייזט מיט זיין גומי־שטעקעלע, אַז זיי זאָלן בלייבן שטיין. דער בריגאַדיער מיט זיין מחנה בלייבט שטיין און ווערט נישט דורכגעלאָזט ווי אַלעמאָל. דאָס זעלבע געשעט ביי אַלע גרעניצן פון געטאָ. דער יידישער אַרבעט־אַמט גיט אַרויס צייטווייליקע פּאַסירשיינען, אַז די אַרבעטער זאָלן ווערן דורכגעלאָזט מחוץ דעם געטאָ צו די אַרבעט־פּלעצער. דער פּאָליציאַנט ציילט יעדע גרופּע און לאָזט זי דורכגיין.

די פּוילישע באַפעלקערונג גייט אַריין און אַרויס פון געטאָ און דער יידישער פּאָליציאַנט האָט איבער איר גאָרנישט צו באַפעלן. די פּאָליאַקן טאָרן זיך נישט אָפּשטעלן אין די יידישע גאסן, וועלכע זענען פאַר זיי נאָר א מין טראַנזיט. זיי באַטראַכטן די נייע סיטואַציע, און כאַפּן קורצע שמועסן מיט זייערע יידישע באַקאַנטע. עפּעס האָט נאָך איינער מיטן אַנדערן צו דערליידיקן, דאָ און דאָרט בעט א ייד זיין פּוילישן באַקאַנטן א טובה, ער זאָל אים עפּעס פאַרשאַפן אין דער „אַרישער" זייט.

יידן שטייען ביי די געטאָ־גרעניצן און קוקן אַריבער צו די אַרישע גאסן, צו די גליקלעכע מענטשן, וואָס קענען זיך פריי באַוועגן, גייען וווּהין זיי ווילן, פאָרן מיט באַנען, מיט אויטאָס, וווּהין זיי ווילן. אויך די פּוילישע באַפעלקערונג קוקט אַריבער צו אונדז מיט מאָדנע בליקן. מען קוקט מיט אַזעלכע מינעס, ווי מיר וואָלטן געווען אָנגעשטעקט מיט אַן עפּידעמישער קראַנקהייט און געמוזט ווערן איזאָלירט, אָדער ווי מיר זאָלן זיין האַלב־ווילדע מענטשן. מיר פילן, ווי שטאַרק די דייטשן האָבן אונדז דערנידעריקט אין די אויגן פון די פּאָליאַקן.

יידן פירן איבער די גאסן ציגל, קאַלך און זאַמד, כדי צו פאַרמויערן די הייף, וועלכע געהערן ביז אין דער העלפט צו דער אַרישער זייט. עס ווערן געעפנט מויערן און טויערן, כדי צו שאַפן נייע דורכגענג, מענטשן

קריכן דורך לעכער און בערגער, ביז זיי קאָנען אריינקומען אין זייערע ווינונגען.

פאַר דעם ווינונגס־אַמט שטייען לאַנגע רייען מענטשן. זיי זענען נישט צופרידן מיט די נייע ווינונגען, אַנדערע קענען נישט דורכקומען מיט די נייע שכנים; עס איז ענג, די שטוב איז אַ נאַסע, עס רעגנט אַריין און נאָך אַזעלכע סיבות האָבן די מענטשן דאָ אהערגעבראַכט. סוחרים, וועלכע האָבן פאַרלוירן זייערע געשעפט־לאָקאַלן אין דעם אַרישן שטאָט־טייל, שטייען אָפּ שעהען אין „יודן־ראַט" און באַמיען זיך צו באַקומען אַ לאָקאַל אין געטאָ, וואָס די „אַריער" האָבן איבערגעלאָזט. דער „יודן־ראַט" פאַרלאַנגט פאַר אַ לאָקאַל אַ סך געלט. עס ווערט אַ געשריי, אַ טומל; „היתכן — שרייט אַ סוחר, — פונוואַנען זאָל איך נעמען? איך בין דאָך רואינירט, אָפּגעגעבן דאָס געשעפט, איצט ווין איך אין אַ קליין שטיבל אָן מעבל און אָן ווירטשאַפט, אייערע שטייערן מוז איך צאָלן און איצט פאַרלאַנגט איר פרישע טויזנטער פאַר אַ געוועלב! אויב איך וועל נישט האָבן קיין געוועלב, וועל איך דאָך די שטייערן אויך נישט קענען צאָלן". אין „יודן־ראַט" אָבער איז מען שוין צוגעוווינט געווען צו אַזעלכע טענות און מען האָט אפילו שוין נישט געענטפערט אויף זיי. עס איז באַלד אונ־טערגעקומען אַ צווייטער, אַ דריטער, די צאָל געוועלבער איז געווען אַ באַגרענעצטע און בעלנים זענען געווען אַ סך.

אינגיכן זענען געעפנט געוואָרן קליינע געוועלבלעך אין גרעסערע לאָקאַלן, אין וועלכע עס זענען פריער געווען גרויסע געשעפטן. איצט איז דאָרט געווען אַ ביסל גאַלאַנטעריע, קנעפּלעך, עלעקטרישע זאַכן, אַ ביסל שפּייז־פּראָדוקטן, צוקערוואַרג. די אַמאָל גרויסע סוחרים האָבן זיך צוגע־ווינט צו די קליינע קרעמלעך, פאַר וועלכע דער „יודן־ראַט" האָט גענומען גרויסע געלטער.

טיפער אין געטאָ, ווייטער אַראָפּ ביים אַלטן מאַרק, איז אַ רעש, אַ טומל: יידישע קינדער, יינגלעך און מיידלעך שרייען אויס מיט שוין הייד־זעריק געוואָרענע העלדזער זייערע סחורות: סאַכאַרין, דערזאַץ־טיי, גאַרן צום נייען, זייף א. א. וו. איין קינד וויל איבערשרייען דאָס אַנדערע. פאַר־בייגייענדיקע יידן און פּאָליאַקן קויפן גייענדיקערהייט, ווייל עס איז נישט דערלויבט דאָ צו האַנדלען. עס שטייט אַ יידישער פּאָליציאַנט, וואָס טרייבט

לייכט פונאנדער די „סוחרים", ווען עס דערנענטערט זיך א פוילישער פּאָליציאַנט, ווערט דער יידישער ענערגישער. די הענדלער צעלויפן זיך שנעל אין די דערבייאיקע טויערן אריין און די פּאָליאַקן גייען זיך ווייטער, ווי זיי וואָלטן דאָ גאָרנישט געקויפט אָדער פארקויפט. ביי דער געלעגנהייט גייען טייל קונים אוועק מיט די נאָך נישט באצאָלטע סחורות, די קליינע סוחרימלעך יאָגן זיי נאָך, קומט דערווייל אונטער א זשאנדארם און יאָגט די הענדלער, ווערט א בהלה און א לויפעניש פון אלע זייטן, אלע אנטלויפן, אָבער דאָך איינעם כאַפּט דער זשאנדארם, ער נעמט צו די גאנצע סחורה און „באצאָלט" פאר איר מיט גוטע קלעפּ. אָבער ווי נאָר דער זשאנדארם גייט אוועק, הויבט זיך ווידער אָן דער „האנדל". די „סוחרים" שטעלן זיך פאר קיין זאך נישט אָפּ. די נויט און דער הונגער טרייבט, און קיין אנדערע מעגלעכקייט צו פארדינען אויף א ביסן ברויט איז נישטאָ. מען שטעלט אוועק אין אלע עקן פון דעם האנדל־פּלאַץ קינדער, וואָס קענען יעדן זשאנדארם און פוילישן פּאָליציאַנט, אפילו ווען זיי זענען ציוויל געקליידט. יעדער איינער פון די פּאָליציאַנטן און זשאנדארמען האָט א ספּעציעלן צונאָמען ביי די קינדער. אָט צעשרייט זיך מיטאמאָל דאָס יינגל, וואָס שטייט „אויף דער וואך": „גאָרגל גייט, צי אָפּ!" דאָס הייסט, אז דער הויכער זשאנדארם, וואָס האָט א לאנגן האלדז, גייט און מען דארף „אָפּציען", דאָס הייסט — אנטלויפן. נאָך אזא סיגנאל ווערט דער גאנצער פּלאַץ אין משך פון סעקונדן אָפּגעליידיקט. אין א שטיקל צייט ארום שארן זיך ווידער די „סוחרים" ארויס פון די באהעלטענישן. עס דויערט אָבער נישט לאנג, הערט זיך ווידער א סיגנאל: „דאָס פעסעלע גייט!" דאָס הייסט, אז דער נידעריקער זשאנדארם מיטן דיקן בויך גייט. שפּעטער ווידער הערט זיך א געוואלד: „דער ווייסער קאָפּ — ווער א האָז!" דאָס הייסט, אז עס גייט דער זשאנדארם מיטן ווייסן קאָפּ האָר און מען מוז ווערן „א האָז", דאָס הייסט: אנטלויפן. דערנאָך ווידער אן אליארם: „דער רויטער פוקס — מאך פיס!" „דער רויטער פוקס" איז דער צונאָמען פון א פוילישן פּאָלי־ציאַנט מיט א רויט פּנים. פון אים האָבן די יידישע קינדער גרויסע צרות. ער שלאָגט זיי מיט דעם גומענעם שטעקעלע און פירט זיי דערנאָך אין פּאָליציי־קאָמיסאריאט, ווו זיי ווערן אויפסניי געפּייניקט פון אנדערע רוצחים ווי ער.

צווישן נאָך א סך אנדערע איז פאראן איינער א זשאנדארם, אויף וועלכן די יינגלעך שרייען: „דער מערדער איז דאָ!” דאָס איז א ציוויל־גע־קליידטער פארשוין מיט אן אמתדיק מערדערלעכער צורה. ער כאפט מיט איין האנט איין הענדלער און מיט דער צווייטער אן אנדערן און קאָפּעט זיי ביידע מיט די פיס, דערוויילע אנטלויפן די אנדערע.

אויף אזא שטייגער האָבן יידישע קינדער ביי אונדז אין געטאָ זיך אויסגעהיטן פון זייערע פארפאָלגער.

## XXI

## פארבלאָנדזשעטע נשמות

אין די געטאָ־גאסן פון אונדזער שטאָט האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן פארשידענע טיפן:

מען פלעגט אָפט זען א מאן אין די פופציקער יאָרן, מיט א בכבודיק אויסזען. ער פלעגט תמיד גיין אליין, מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ, אויפן רעכטן אָרעם א ווייסע באנד. ער איז באקאנט געווען אונטערן נאָמען לאוועגדעל. עס האָט זיך אים זיכער קיינמאָל נישט געחלומט, אז אים וועט אויסקומען צו זיין צווישן יידן. ער איז בכלל נישט געווען קיין ייד. זיין שייכות מיט יידישקייט איז געווען בלויז אויף אזוי פיל, וואָס זיין זיידע איז געווען א משומד. ביי אונדז אין שטאָט האָט קיינער פריער נישט געוווּסט, אז ער שטאמט פון יידן. דער דאָזיקער לאוועגדעל איז לאנגע יאָרן געווען פראָקורענט פון דער בעלגישער עלעקטריציטעט געזעלשאפט און איז תמיד געווען א שטרענגער און אומסימפּאטישער מענטש ביים דערליידיקן אינטערעסאנטן אין זיין ביוראָ. און אָט האָט מען אויך אים פארטריבן אין געטאָ צוזאמען מיט אלע יידן, ווו ער האָט נישט קיין שום באקאנטע און פילט זיך פרעמד און איינזאם. אויף זיין תמיד פארטראכט און פארחושכט פנים דערקענט מען די טראגעדיע, וואָס דער מענטש לעבט איבער. מען ווייסט אויך צו דערציילן, אז זיינע באאמטע, וועלכע האָבן אונטער זיין אָנפירונג געארבעט לאנגע יאָרן, האָבן אָנגעוויזן אויף זיין יידישער אָפּ־שטאמונג.

דער ריכטער פון קרייז־געריכט מיטן נאָמען גייזלער. ער איז א זון פון א רייכן יידישן גוט־באזיצער. דער ריכטער גייזלער האָט זיך מיט עט־לעכע יאָר צוריק אָפּגעשמדט מיט זיין פרוי און קינד, כדי צו קענען ווערן ריכטער אין פוילישן געריכט. מיט דער יידישער געזעלשאפט האָט ער שוין לאנג איבערגעריסן און איז אריין אין דער „בעסערער" פוילישער געזעלשאפט. די דייטשן אָבער האָבן אים אריבערגעשיקט פון דער „ארי־שער" זייט אין געטאָ, ווו ער האָט מיט גיכע טריט געשפאנט פון איין געטאָ־גרענעץ צו דער אנדערער און איבערגעלייענט אומעטום אויף די גרויסע שילדן די זעלבע אויפשריפטן. ער איז אויף א מינוט שטיין געבליבן פאר דער שילד, אויסגעשפיגן און ווידער אָנגעהויבן שפאנען צוריק. ער האָט געמאכט דעם איינדרוק פון א פוקס, וואָס איז אריינגענארט געוואָרן אין א שטייג, פון וועלכער ער קאָן זיך נישט ארויסבאקומען.

* * *

מיט דעם „יודן־באנד" אויפן אָרעם זעט מען אָפט גיין איבער די גאסן פון געטאָ די פרוי פון היגן באקאנטן פוילישן אדוואָקאט גראָטשינסקי. די פרוי גראָטשינסקי האָט מיט צוואנציק יאָר צוריק זיך געשמדט, כדי חתונה צו האָבן מיט דעם פּאָליאַק. ווי נאָר די דייטשן זענען אריין אין אונדזער שטאָט, האָט דער אדוואָקאט פארשטאנען, אז ענדלעך איז געקו־מען דער ריכטיקער מאָמענט פּטור צו ווערן פון דער יידישקע און ער האָט זי ארויסגעטריבן פון זיין הויז. ער האָט חתונה געהאט מיט א ייגנערער און שענערער עכטער „אריערין" פון א רייך פויליש הויז. די געוועזענע פרוי פון אדוואָקאט, פארטריבן פון איר מאן און פון דער „ארישער זייט", דרייט זיך ארום איינזאם און פארצווייפלט איבער די געטאָ־גאסן, טייל־מאָל שטעלט זי אָפּ אירע אמאָליקע באקאנטע יידישע פרויען, ביי וועלכע זי זוכט א ביסל מיטגעפיל. אויך אירע יידישע עלטערן געפינען זיך דאָ אין געטאָ, אָבער זי ווינט נישט מיט זיי צוזאמען, נאָר ביי אַן אמאָליקער פריינדין פון די קינדער־יאָרן. די אמאָל שיינע פרוי האָט א פארחושכט, פאראומערט פּנים, מיט אויגן, פון וועלכע עס שרייט ארויס צער און שרעק. זי טראָגט ארום אין א קיישל שטיקלעך זייף און אנדערע קלייניקייטן, וועלכע זי פארקויפט די יידישע פרויען, וואָס האָבן מיט איר מיטלייד און

מיט די פאַרדינסטן באַמיט זי זיך אויסצוקומען, כדי נישט אוסצוגיין פון הונגער.

א דייטשע פרוי פון אַפּשטאַמונג, וועלכע פירט שוין צוויי און צוואַנציק יאָר א פרידלעך פאַמיליע־לעבן מיט א ייד. זיי האָבן שוין לאַנג געמוזט פאַרלאָזן זייער וווינונג. איר מאַן איז אין געטאָ און זי אויף דער „אַרישער זייט". זי ברענגט אים יעדן טאָג אביסל עסן, אָבער זי האָט מורא צו אים אַרויפצוגיין אין דער דירה. זי דרייט זיך הין און הער, ביז עס מאַכט זיך א פּאַסיקער מאָמענט, טוט זי זיך א כאַפּ אַרויף אויף די טרעפּ, וואָס פירן צו איר מאַנס וווינונג. זיי פאַרמאָגן א פאַבריק און אזוי ווי עס איז געווען א געפאַר, אַז זי זאָל אַלס יידיש אייגנטום רעקווירירט ווערן, האָבן זיי פאָרמעל דורכגעפירט א גט און זי, די ריינע „אַריערין", איז געוואָרן די אייגנטימערין פון דער פאַבריק מיט דעם איבעריקן פאַרמעגן. זי העלפט דעם „אָפּגעגטן" מאַן, מיט וואָס זי קאָן, אָבער זי מוז זיך היטן, מען זאָל זיך דערפון נישט דערוויסן.

* * *

מיר זעען אָפט אין גאַס דעם עלטערן, גרויען, אָבער זייער עלעגאַנטן אַבראַמסאָן. צענדליקער יאָרן איז ער געווען פאַרטרעטער פון די גרעסטע אויסלענדישע רוי־מאַטעריאַל־פאַבריקן. ער איז געווען זייער באַליבט ביי דער יידישער באַפעלקערונג און ביי די פאַבריקאַנטן, מיט וועלכע ער האָט געפירט געשעפטן. מיט דרייסיק יאָר צוריק האָט ער חתונה געהאַט מיט א דייטשער פרוי פון ווין, וועלכע איז איבערגעגאַנגען צום יידנטום. זיי האָבן געהאַט צוויי זין. נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן אין אונדזער שטאָט איז זייער לעבן צעבראָכן געוואָרן. אַבראַמסאָן האָט נישט געוואָלט, אַז זיין פרוי און די זין זאָלן צוליב אים ליידן און איז אוועק אין געטאָ אַליין, איבערלאָזנדיק די פאַמיליע אַלס דייטשע אויף דער „אַרישער" זייט. אויך דאָס איז זיי נישט גרינג אָנגעקומען. זיין פרוי קומט יעדן טאָג אין געטאָ מיט א טעפּעלע עסן פאַר איר געליבטן מאַן. אויך יעדער זון באַזונדער גנבעט זיך אַריין אויף א ווײַלע צום אַלטן טאַטן, שטאַרק היטנדיק זיך, אַז קיינער זאָל נישט באַמערקן.

* * *

אין דער ערשטער אַלעע ביי דער גרענעץ פון געטאָ שטייט דער

אינזשיניער פיינקינד יעדן אָוונט נאָך דער ארבעט אין דער טעכנישער אָפּטיילונג ביים „יודן־ראט". ער וואַרט אויף זיין קריסטלעכער פרוי, מיט וועלכער ער האָט געלעבט לאנגע יאָרן צוזאמען. איצט איז ער אין געטאָ און זי אויף דער „ארישער" זייט. זי קומט צו אים יעדן פארנאכט און זיי רעדן זיך אראָפּ פון הארץ אינמיטן גאס. ווען עס דערנענטערט זיך א פּאָליציאנט, צעשיידן זיי זיך ווי פרעמדע.

* * *

א מאן פון א יאָר 50 האָט מיך איינמאָל אָפּגעשטעלט אין גאס מיט א „גוט מאָרגן" אין דער דייטשער שפראך. איך האָב זיך איינגעקוקט און דערזען א באקאנט פנים. איך האָב מיך דערמאָנט, אז מיר האָבן זיך צוזאמענגעטראָפן אין די קאזארמעס, ווען די דייטשן האָבן געכאפּט יידן אויף דער גאס און זיי דאָרט פארשפּארט.

עס האָט זיך פארבונדן צווישן אונדז א שמועס וועגן דער לאגע, און דער מענטש האָט מאָדנע שווער אָפּגעזיפצט. איך האָב אים געפרעגט, וואָס אים איז, און ער האָט מיר געענטפערט, אז עס איז אים אזוי שווער אויפן געמיט, אז ער מוז זיך פאר עמעצן אראָפּרעדן פון הארץ.

און ער האָט מיר דערציילט זיין געשיכטע:

„מיט פיר און צוואנציק יאָר צוריק בין איך פון אונדזער שטאָט טשענסטאָכאָווע אוועק קיין דייטשלאנד, אין דער שטאָט קעלן אַם ריין. איך בין א גוטער מעטאל־גראווירער און האָב דאָרט באלד באקומען ארבעט, גוט פארדינט און געלעבט זייער שיין.

איך האָב זיך באקאנט מיט א שיין דייטשיש מיידל, מיט איר חתונה געהאַט און געפירט זייער א שיין לעבן. אונדזערע צוויי זין האָבן מיר געגעבן א גוטע דערציאונג און אזוי האָבן מיר געלעבט גליקלעך און צופרידן, ביז היטלער איז געקומען צו דער מאכט. איך האָב זיך דעמאָלט ארומגעזען, אז איך וועל שוין מער נישט קענען מיט מיין פאמיליע לעבן רואיק אין דייטשלאנד און באשלאָסן צוריקצופאָרן אין מיין געבורט־שטאָט, קיין טשענסטאָכאָווע. איך בין דאָ אהערגעקומען מיט מיין פאמי־ליע, איינגעאָרדנט מיין גראווירער־ווערקשטאט און גוט פארדינט. איך האָב ווייטער געלעבט גליקלעך מיט מיין פאמיליע, ביז די דייטשן זענען דאָ צו אונדז אהערגעקומען".

דער מענטש האָט פּלוצלינג פאַרלוירן די קאָנטראָלע איבער זיך און זיך צעוויינט אינמיטן גאַס. ווען ער האָט זיך אַביסל בארויִקט, האָט ער ווייטער דערציילט:

„ווען די דייטשן האָבן דורכגעפירט ביי אונדז אין שטאָט דעם בליץ־טיקן מאַנטיק, בין איך צוזאַמען מיט מיין עלטערן זון געטריבן געוואָרן מיט אַלע צוזאַמען אין די קאַזאַרמעס אַריין און נאָך צוויי טעג באַפרייט געוואָרן פון דאָרט צוזאַמען מיט אַנדערע. ווען עס איז אַרויס די פאַר־אָרדענונג, אַז יידן זאָלן טראָגן שאַנד־בענדער, האָב איך מיט מיינע זין זיי געטראָגן אַזוי ווי אַלע אַנדערע יידן. מיין פרוי האָט דאָס פאַרשאַפט אַ סך ווייטיק. מיינע קינדער האָבן מיטאַמאָל דערפילט, אַז זיי זענען יידן און זייער מוטער איז אַ דייטשקע, אַ קינד פון דעם פאָלק, וואָס שטעלט זיי אויס צו שאַנד און שפּאָט. ווען עס איז איינגעפירט געוואָרן דאָס געזעץ וועגן צוואַנג־אַרבעט, האָט דער „יודן־ראַט" אַוועקגעשיקט מיין עלטערן זון קיין טשעשאַנאָוו אין אַרבעט־לאַגער. דאָרט איז ער פון די דייטשע מערדער שרעקלעך געשלאָגן געוואָרן ביי דער אַרבעט און איז נעפאַלן טויט אין וואַלד. דער „יודן־ראַט" האָט אונדז מיטגעטיילט, אַז אונדזער זון לעבט נישט מער. מיין ווייטיק איז געווען גרויס, אָבער איך קאָן נישט אויסמאָלן די ליידן פון מיין פרוי, וועלכע איז דערשיטערט געוואָרן נישט נאָר דורך דעם שווערן קלאַפּ פון פאַרלירן אַ קינד, נאָר פון דעם משונהדיקן תהום, וואָס האָט זיך פאַר איר פּלוצלינג געעפנט: זי, אַ דייטשקע, פאַרלירט איר קינד דערפאַר, ווייל ער איז אַ ייד, און דערמאָרדעט ווערט ער דורך דייטשן — אירע פאָלקס־ברידער. אַ שטיק צייט האָט זי זיך געפונען אין אַ צושטאַנד, וואָס איז נאָענט צו משוגעת. זי פלעגט גאַנצע טעג און נעכט אַרומגיין און שרייען, אַז זי זעט תמיד איר דערמאָרדעט קינד פאַר די אויגן, און זי האָט זיך געקלאַמערט אָן דעם צווייטן יינגל און עס געדריקט צום האַרץ. דערנאָך איז זי אַריינגע־פאַלן אין אַ מעלאַנכאָליע. אַ שווערער טרויער האָט זיך באַזעצט אין אונדזער שטוב. מיר פלעגן גאַנצע טעג שווייגן און נישט אַרויסרעדן קיין וואָרט איינער צום אַנדערן.

אין אַ געוויסן טאָג איז אומגעריכט אַריין צו אונדז אין וווינונג אַ דייטשער זשאַנדאַרם. עס איז געווען מיין פרויס ברודער. ער האָט צו מיר



יידן מיט געטאָ־בענדער אויף דער װאַרשעװער גאַס



אין קלײנעם געטאָ

קוים א לייכטן שאָקל געטון מיטן קאָפּ און אוועקגערופן זיין שוועסטער אין א זייט. זיי האָבן גערעדט ארום א האַלבער שעה, דערנאָך איז ער אוועק, נישט געזעגנענדיק זיך מיט מיר. מיין פרוי האָט מיר געזאָגט, אז ער איז א זשאַנדארם און דינט אין ווארשע.

פון דעם טאָג אָן פלעגט מיין פרוי אָפט ארויסגיין אין גאַס. מענטשן האָבן מיר דערציילט, אז מען זעט זי אָפט מיט דייטשע באַן־באַאמטע. אויך איר ברודער האָט זי אָנגעהויבן אָפט באזוכן, ווען איך בין נישט געווען אין שטוב. ביז אין א געוויסן טאָג האָט זי מיר דערקלערט, אז זי קאָן נישט מער לעבן מיט מיר און זי פאָרט צו איר ברודער קיין ווארשע. איך בין אָן איבערראשטער צוגעלאָפן צו איר און זי געבעטן מיך נישט צו פארלאָזן נאָך 25 יאָר צוזאמענלעבן. אויך מיין עלף־יעריק ייִנגעלע האָט זיך פון זיין מוטער, דער דייטשקע, נישט געקאָנט אָפּרייסן און מיר האָבן זיך ביידע איר געוואָרפן צו די פיס מיט א געוויין. אויך זי האָט זיך צעוויינט און אירע טרערן זענען אראָפּגערונען אויף אונדזערע קעפּ. זי האָט זיך אראָפּגעבויגן צו דער ערד, ווו איך מיט מיין זון זענען געלעגן און מיר האָבן זיך אַלע דריי הארציק ארומגענומען, זיך באַגיסנדיק מיט הייסע טרערן. אזוי האָבן מיר זיך געוואַלגערט אויף דער ערד אין ליבשאפט און ווייטיק, ביז אונדזער קינד איז פון מידקייט איינגעשלאָפן. דאן האָט זי זיך פּלוצלינג א ריס געטון פון אָרט מיט א ווילד געשריי „בלייבט געזונט" און איז ארויסגעלאָפן פון שטוב.

איך האָב פארלוירן מיין געליבטע פרוי און מיין קינד זיין מוטער. איצט דריי איך מיך דאָ ארום אין געטאָ ווי א חיה, פארשלאָסן אין א שטייג און ווייס נישט וואָס צו טון מיט זיך און מיט מיין קינד".

* * *

איינצלנע יידן, וועלכע זענען געווען באשעפטיקט אין דער „אריישער" זייט ביי דער מאכט אלס דעקאָראטאָרן, מאָלער, זייגערמאכער און אנדערע פאכלייט, „יודן־ראט"-באאמטע, אָנגעשטעלטע אין „ארישע" פירמעס, האָבן באקומען פון דער שטאָט־פארוואלטונג אינדיווידועלע פאסירשיינען אויף צו קענען פארלאָזן דאָס געטאָ אין באשטימטע שעהען פון טאָג, כדי צו גיין צו זייערע ארבעט־פּלעצער. די פאסירשיינען זענען

געווען גילטיק אויף איין חודש און דערנאָך פאַרלענגערט געוואָרן אויף א צווייטן חודש, אויב די פירמע, ביי וועלכע דער ייד איז געווען באַשעפטיקט, האָט ארויסגעגעבן א באַשטעטיקונג, אַז ער וועט דאָרט ווייטער זיין באַשעפטיקט. שפּעטער האָט די שטאָט־פאַרוואַלטונג באַגרענעצט די צאָל פּאַסירשיינען, האָבן זיך באַלד געפונען מענטשן, וועלכע האָבן פאַרשאַפט די פּאַסירשיינען פאַר א סך געלט. יידן, וועלכע האָבן געהאַט צו דערליידיקן זייערע ענינים אויף דער אַרישער זייט, האָבן זיך פאַרשאַפט אַזעלכע פּאַסירשיינען און אַזוי אַרום האָט אָנגעהויבן אויפלעבן דער האַנדל אין געטאָ. יידישע סוחרים האָבן זיך אין געהיים פאַרבונדן מיט פּאָליאַקן, זיי געשיקט אין אַנדערע שטעט קויפן און פאַרקויפן פאַרשיידענע סחורות, זיי האָבן אויף „אַרישע" נעמען געגרינדעט פירמעס מחוץ דעם געטאָ און אויך אין אַנדערע שטעט. די פּאָליאַקן זענען געוואָרן שותפים צו די פאַרדינסטן. אויבן־אויף האָט אַלץ אויסגעזען „אַריש", אָבער פאַקטיש איז דער האַנדל אין א גרויסער מאָס געפירט געוואָרן מיט יידיש געלט און יידישע סחורות. פּאָליאַקן פלעגן זאָגן, אַז זיי באַוווּנדערן די יידן, וואָס נישט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן און שטערונגען, האָבן זיי דאָך דורכגעפירט זייער טעטיקייט מיט קאַלטקייט און פעאיקייט.

* * *

דער דייטשער „אָבערטרויהענדער" פון יידישן אומבאַוועגלעכן פאַרמעגן האָט איבערגעגעבן עטלעכע יידן דאָס רעכט צו אַדמיניסטרירן די יידישע הייזער אין געטאָ. אַלע יידישע הייזער זענען פאַרטיילט געוואָרן אין די הענט פון א 5־6 יידן, וועלכע דער „אָבערטרויהענדער" האָט געקענט פאַר מענטשן, וואָס „פאַרשטייען געשעפט".

דער יונגערמאַן קוילנברענער האָט באַקומען אונטער זיין אַדמיניסטראַציע די שענסטע הייזער און אויך די קאָנצעסיע אַרויסצופירן דאָס מיסט פון אַלע הייף אין געטאָ, דערפאַר זענען אַלע איבעריקע יידישע אַדמיניסטראַטאָרן געצוווּנגען געווען אים צו צאָלן א חודשלעכן אָפּצאָל. ער האָט איינגעאָרדנט זיין ביוראָ אין איינעם פון די דורך אים אַדמיניסטרירטע הייזער און אַלע לאָקאַטאָרן האָבן פּינקטלעך געצאָלט דאָס דירה־געלט פאַר די וווינונגען, פאַר וואַסער, פאַר די קאַנאַלן וואָס זיי באַנוצן, פאַר אַרויספירן דאָס מיסט, כאָטש עס איז תמיד געלעגן אין די הייף.

אויך די אנדערע יידישע אדמיניסטראטאָרן האָבן איינגעאָרדנט זייערע ביוראָס, וווּהין יידן האָבן געמוזט צו דער געהעריקער צייט אריינ־טראָגן דאָס דירה־געלט, וואָס איז ווי א גאָלד־שטראָם כסדר אריינגעפלאָסן צום דייטשן „טרויהענדער". די יידישע אדמיניסטראטאָרן פארשטייען שוין אזוי צו באארבעטן זייער דייטשן שעף, אז קיינער פון די צדדים זאָל זיך נישט האָבן צו באקלאָגן אויף די פארדינסטן. דערפאר אָבער מוזן די לאָקאטאָרן כסדר נאָכלויפן מיט בקשות, מען זאָל פאררעכטן דעם דאך, ווייל עס רעגנט אריין אין דער וווינונג, מען זאָל פאררעכטן דעם סופיט, ווייל עס דראָט א סכנה, ער זאָל אראָפפאלן אויף די קעפּ. אָבער די אדמי־ניסטראטאָרן נעמען זיך נישט דאָס צום הארץ, זיי האָבן א דייטשן שעף, וועלכער שיצט זיי און זיי האָבן פאר קיינעם קיין מורא נישט. יעדער לאָקאטאָר מוז דערווייל אליין פאררעכטן זיין דירה און די יידישע הייזער ווערן אזוי ארום וואָס אמאָל אלץ מער פארנאכלעסיקט.

## XXII

## יידישע פּאָליציי

די יידישע „אָרדנונגסמענער", וועלכע האָבן אין אָנהייב זיך פארנו־מען מיט אָפּהיטן די גאסן־באוועגונג, האָבן ביסלעכווייז אויסגעברייטערט זייער טעטיקייט. זיי האָבן געכאפּט יידן צו דער ארבעט פאר די דייטשן און זיי זענען וואָס אמאָל געוואָרן שטרענגער צו יידן. די יידישע באַ־פעלקערונג, וועלכע איז תחילת געווען צופרידן מיט דער טעטיקייט פון די „אָרדנונגסמענער", האָט וואָס אמאָל קלאָרער באמערקט, אז די יידישע „אָרדנונגסלייט" זענען אָנגעשטעקט און פארדאָרבן געוואָרן דורך די דייטשן. דער טאָן צו זייערע ברידער־יידן האָט זיך אָנגעהויבן ענדערן. א טייל בעסערע יונגעלייט, וואָס האָבן זיך נישט געקאָנט צופּאסן צום נייעם קורס, האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון זייערע פּאָסטנס. זינט עס איז איינ־געפירט געוואָרן דאָס געטאָ, האָט די יידישע באפעלקערונג אָנגעהויבן רופן די „אָרדנונגסדינסט" — „יידישע פּאָליציי". סוף כל סוף זענען די „יידישע פּאָליציאנטן" דערגאנגען דערצו, אז זיי האָבן ביי יעדער געלע־גנהייט געלאָזט פאלן זייערע גומענע שטעקעלעך איבער יידישע קעפּ.

דער קאָמאַנדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי, דער הער גאָלדסטער, האָט זיך אָנגעטון א היטל, ארומגעניים מיט א ווייסער אָפיציר־באַנד און פיר ווייסע שטערנדלעך. זיינע הויזן זענען געווען ארומגעניים מיט לעדער, ווי עס טראָגן רייטער, די הויכע אָפיצירישע שטיוול זענען געווען אויסגעפּוצט אויף א גלאַנץ ווי לאַקירט, אין דער רעכטער האַנט האָט ער תמיד געטראָגן א שפּיצרוט, מיט וועלכער ער האָט נאָך יעדע פּאָר טריט א פעסטן קלאַפּ געטון אין זיין שטיוול. ווען מען האָט אין גאַס געהערט הינטער זיך דעם קנאַק, האָט מען שוין געוווּסט, אז דער אָנפירער פון דער יידישער פּאָליציי גייט.

אדוואָקאַט קאַצינעל, זיין פריינט, איז באַשטימט געוואָרן אלס זיין גענעראַל־סעקרעטאַר. ער האָט באַקומען א פּאָליציי־היטל מיט דריי ווייסע אָפיציר־שטערנדלעך.

דער קאָמאַנדאַנט האָט נאָך אַנדערע פריינט זיינע באַשטימט פאר פּאָליציי־אָפיצירן, און אָרגאַניזירט דעם גאַנצן פּאָליציי־צוזאַמענשטעל. ווען אַלץ איז געווען פאַרטיק, האָט דער יידישער פּאָליציי־קאָמאַנדאַנט אויפן באַפעל פון דער דייטשער מאַכט צוזאַמענגענומען זיינע מענטשן און זיך פּרעזענטירט פאר די פאָרשטייער פון דער דייטשער מאַכט. דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע־אָפיציר האָט א שמייכל געטון צום יידישן פּאָליציי־קאָמאַנדאַנט, כלומרשט ווי איין אָפיציר צום צווייטן, דאַן האָט ער א ווינק געטון צו זיינע קאָלעגן, די אַנדערע דייטשע אָפיצירן, מיט אַן איראָניש שמייכעלע אויף די ליפּן און באַלד מיט אַן ערנסטער מינע זיך געווענדט צו דער יידישער פּאָליציי און זיי אָנגעזאָגט, אז זיי מוזן פּינקטלעך אויספירן אַלע זיינע באַפעלן. „אויב נישט", האָט ער צוגעגעבן און אָנגעוויזן דערביי אויף א געשטאַפּאָ־מאַן, וואָס האָט זיך צוגעקוקט צום ספּעקטאַקל, „וועט דער הער מיט דעם טויטן־קאָפּ אויפן היטל זיך מיט אייך פאַרנעמען און מיט אַלע יידן אין שטאָט".

די יידישע פּאָליציי איז אוועק פון דעם ספּעקטאַקל נישט אין קיין גאָר געהויבענער שטימונג, אָבער דאָך האָט דאָס זיי נישט געשטערט איינצואָרדענען א פאַרוויילונג לכבוד דער וויכטיקער געשעעניש ווי דאָס אָרגאַניזירן א „יידישע פּאָליציי", און זיי האָבן געטרונקען און געהוליעט ביז שפּעט אין דער נאַכט אריין.

עס זענען געעפנט געוואָרן צוויי פּאָליציי־קאָמיסאַריאַטן. איינער אין דער ערשטער אַלעע אונטער דער אָנפירונג פון קאָמאַנדאַנט גאַלסטער אַליין און דער צווייטער אין דער קאַזשע־גאַס אונטער דער אָנפירונג פון איטשע לאַנדוי. אין די שעהען, ווען יידן האָבן געהאַט דאָס רעכט צו גיין אין די געטאָ־גאַסן, איז די פּאָליציי געשטאַנען ביי אַלע אַרויסגענג פון די געטאָ־גרעניצן און קאָנטראָלירט, צי די פּאַסירשיינען זענען אין אָרדענונג. זיי האָבן אויך אַכטונג געגעבן, אַז יידן זאָלן חלילה נישט פירן קיין האַנדל אין גאַס. זיי האָבן גענומען זייער אַמט שטאַרק ערנסט און נאָכגעיאָגט די אָרימע הענדלער, שלאָגנדיק אפילו מיט זייערע גומענע שטעקעלעך. בלויז אַ קליינער טייל פּאָליציאַנטן האָט זיך אויפגעפירט אָרנטלעך און מיט מיטלייד צו די געפּלאָגטע מענטשן.

דער יידישער אַרבעט־אַמט האָט אָפּט איבערגעשיקט ליסטעס מיט נעמען פון אַזעלכע, וואָס האָבן זיך נישט צוגעשטעלט צו דער צוואַנג־אַרבעט. פלעגט די יידישע פּאָליציי באַפאַלן די מענטשן ביינאַכט, זיי אַרויסנעמען פון די בעטן און זיי איינזעצן אין קעלער פון זייער קאָמיסאַריאַט. צומאָרגנס זענען די דאָזיקע מענטשן אָפּגעפירט געוואָרן צו די ערגסטע אַרבעטן.

די דייטשע פירמע „וואַסערווירטשאַפט" האָט אויפגעפאָדערט דעם אַרבעט־אַמט צו ווערבירן פאַר איר יידישע אַרבעטער אין דעם שטעטל „נידעל", קרייז ראַדאָמסקאַ. די פירמע האָט באַדאַרפט אַ סך אַרבעטער, אָבער קיינער האָט אַהין נישט געוואָלט פאָרן, ווייל די אַרבעט־באַדינגונגען זענען געווען אומדערטרעגלעך; מען האָט געמוזט שטיין און אַרבעטן אין וואַסער, דאָס עסן איז געווען שלעכט און קיין אָרט צו שלאָפן איז נישט געווען. ווער עס האָט נאָר געקאָנט, האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען נישט צו פאָרן אַהין. דער אַרבעט־אַמט האָט אויפגעפאָדערט אַ סך יונגעלייט זיך צוצושטעלן צו דער אַרבעט, און ווען דער טערמין פון אוועקפאָרן איז געקומען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ סך האָבן זיך נישט צוגעשטעלט. די יידישע פּאָליציי פלעגט דעריבער יעדעס מאָל, ווען עס איז באַשטימט געווען אַוועקצושיקן אַ גרופּע, מיט עטלעכע טעג פריער כאַפּן יונגע מענטשן אין גאַס און זיי האַלטן אַרעסטירט. די רייכערע

פלעגן זיך אויסקויפן ביים „יודן־ראט", וועלכער האָט תמיד באַדאַרפט האָבן געלט און בלויז די אָרימע זענען אוועקגעשיקט געוואָרן אויף אַרבעט.

דער אַרבעט־אַמט פלעגט אָפט באַקומען אויפפאָדערונגען פון דייטשע פירמעס אָדער פון דער מאַכט צוצושטעלן אַרבעטער. דעמאָלט פלעגט די יידישע פּאָליציי זיך אַרויסלאָזן אויף געיעג, אָפּשליסן גאַסן, פאַרמאַכן טויערן און מיט די גומענע שטעקלעך צונויפטרייבן די געפאָדערטע צאָל מענטשן און זי צושטעלן אויף די דייטשע אַרבעט־פּלעצער.

דער „יודן־ראַט" פלעגט זיך אויך באַנוצן מיט דער יידישער פּאָליציי אויף איינצומאָנען די שטייערן ביי נישט פּינקטלעכע שטייער־צאָלער, אָדער ביי אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געקאָנט צאָלן און דער „יודן־ראַט" האָט זיי נישט געוואָלט פאַררעכענען פאַר אָרימע, וואָס זענען פריי פון שטייערן. אויך אַזעלכע מענטשן פלעגט די יידישע פּאָליציי באַפאַלן ביי נאַכט, אַרויסנעמען פון די געלעגערס און ברענגען זיי אין די פּאָליציי־קעלערס. דאָרט פלעגן זיי זיצן אַזוי לאַנג, ביז זייערע פאַמיליעס האָבן אַריינגעטראָגן די געפאָדערטע סומעס אין „יודן־ראַט". אויב עס האָבן זיך געפונען „עקשנים", וואָס האָבן נאָך אַלץ נישט דערלייזט די שטייער־חשבונות, פלעגט מען זיי דורך קלעפּ „וווייכער מאַכן". אויב דאָס האָט אויך נישט געהאָלפן, האָט זיך אונדזער „יודן־ראַט" נישט געשעמט אי־בערצוגעבן די מענטשן אין די הענט פון דער דייטשער פּאָליציי, וועלכע האָט זיך שוין מיט די „עקשנים" אַן עצה געגעבן.

אויך די געשטאַפּאָ האָט זיך באַנוצט מיט דער יידישער פּאָליציי ביים אויסגעפינען מענטשן, וועלכע זי האָט געוואָלט באַקומען אין די הענט אַריין. זי פלעגט זיך ווענדן מיט אַן אויפפאָדערונג צו דער יידישער פּאָליציי צוצושטעלן די געזוכטע פּערזאָנען און די יידישע פּאָליציי האָט שוין אָנגעווענדט אַלע מיטלען אויסצופירן דעם געשטאַפּאָ־באַפעל.

א ספּעציעלע אַרבעט האָט די יידישע פּאָליציי געהאַט פונאַנדערצו־טרייבן די מענטשן פון די גאַסן. פערצן טויזנט מענטשן זענען צונויפגע־טריבן געוואָרן אויף אַ שטח פון עטלעכע גאַסן. דאָס געטאָ האָט געהאַלטן אין דער לענג און אין דער ברייט צו פיר הונדערט מעטער. די פאַרביי־גייער האָבן זיך אָנגעשטויסן איינער אָן אַנדערן און אין די זומער־פאַר־נאַכטן, ווען די אַרבעטער זענען צוריקגעקומען פון דער אַרבעט און אַרויס

אין גאס, כדי אביסל פרייער אָפּצועטעמען, נישט קענענדיק איינזיצן אין די קליינע שטיבלעך, וווּ עס האָבן געוווינט צו עטלעכע פאמיליעס, זענען זיי צוריק פארטריבן געוואָרן אין די הינטער־געסלעך, כדי זיי זאָלן זיך נישט ווארפן אין די אויגן. די דייטשן האָבן שטענדיק אויפמערקזאם גע־מאכט דעם „יודן־ראט" און די פּאָליציי, אז די יידן דרייען זיך צופיל ארום אין די גאסן פון געטאָ. ווען דאָס פונאנדערטרייבן איז געוואָרן שווער, בעיקר אין די זומער־טעג, האָט די פּאָליציי געפונען א מיטל דערצו. זי האָט די שפּאצירנדיקע פארנומען אין די פּאָליציי־קאָמיסאריאטן און פון דאָרט גרופּעסווייז אָפּגעפירט צו דער באַן אָדער אין געוויסע פאבריקן צום אויסלאָדן קוילן פון די וואגאָנען א גאנצע נאכט.

באזונדערס שווער איז אָנגעקומען דאָס פונאנדערטרייבן פון די גאסן שבת און זונטיק. אין די צוויי טעג פלעגן די דייטשן ספּעציעל אכ־טונג געבן. די פּאָליציי האָט דעריבער אוועקגעשטעלט א לאסט־אויטאָ און אהין אויפגעכאפּט די שפּאצירנדיקע, דערנאָך זיי אוועקגעפירט צו דער ארבעט אין די יומטובדיקע מלבושים. דאָס האָט דערפירט דערצו, אז מענטשן האָבן מיט אלע מעגלעכקייטן אויסגעמיטן צו גיין איבער די הויפּט־גאסן פון געטאָ. די מענטשן, וועלכע זענען געווען געצוווּנגען דאָרט צו גיין, ווייל זיי האָבן דאָרט געוווינט, פלעגן זיך שנעל און אומבאמערקט דורכגנבענען צו זיך אהיים.

די יידישע פּאָליציי איז באנוצט געוואָרן אויך דורכן וווינונג־אמט. אויב דער אמט האָט עמעצן ארויסגעגעבן אַן אויפפאָדערונג זיך אריבער־צוקלייבן אויף אַן אנדער אָרט און יענער האָט דאָס נישט אויסגעפירט צום טערמין, אָדער אויב עמעצער האָט זיך נישט ווי געהעריק געטיילט מיט א ווינקל אין זיין שטוב מיט א צווייטן, האָט די יידישע פּאָליציי אינטערווענירט.

אזוי האָט די יידישע פּאָליציי אויסגעפירט איר ארבעט און זיך גע־פילט פעסט און זיכער. דער אָנפירער איז שטענדיק ארומגעגאנגען אין א גוטער שטימונג און איז זעלטן געווען ניכטער. אין די פּאָליציי־קאָמיסאר־יאטן האָט אויסגעזען ווי אין אן אמתן פּאָליציי־אמט, גלייך ווי יידן וואָלטן שוין געהאט אויטאָנאָמיע. אָבער אין א געוויסן טאָג האָט זיך פארשפּרייט אין געטאָ א ידיעה, אז אלע אָנפירער פון דער יידישער פּאָ־

ליציי זענען ארעסטירט און אוועקגעפירט געוואָרן אויף צוואנג־ארבעט אין דייטשן קווארטיר־אמט, ווו זיי ארבעטן אויפן שאָסיי.

א גרויסער עולם האָט זיך געטון א לאָז צום קווארטיר־אמט צו זען, ווי די וואָס האָבן ביז איצט געטריבן יידן צו צוואנג־ארבעט, ארבעטן איצט אליין. ביים פארקאן פון קווארטיר־אמט האָבן זיך פארזאמלט א סך מענטשן און זיך צוגעקוקט צום ספעקטאקל.

קיינער האָט נישט געוווּסט, פארוואָס די אָנפירער פון דער יידישער פּאָליציי האָבן פּלוצלינג פארלוירן דעם חן ביי די דייטשן. זיי זענען פארבליבן אין קווארטיר־אמט ביי דער צוואנג־ארבעט עטלעכע וואָכן. גע־ווינט האָבן זיי אין הילצערנע באראקן. נאָך גרויסע באמיאונגען מצד דעם „יודן־ראט" זענען זיי פרייגעלאָזט געוואָרן, אָבער אויף זייערע אמטן האָבן זיי שוין נישט צוריקגעקערט.

די דייטשן האָבן די אָנפירונג פון די צוויי יידישע קאָמיסאריאטן איבערגעגעבן צוויי פּוילישע אונטעראָפיצירן פון דער פּאָליציי. די פּוילישע אָנפירער האָבן זיך געשטעלט אין קאָנטאקט מיטן „יודן־ראט" דורך צוויי יידן אלס פארבינדונגס־מענער.

## XXIII

# דאָס לעבן גייט ווייטער...

די גאס ערשטע אלעע ביז צו דער באן־בריק איז אויך צוגעטיילט געוואָרן צום געטאָ. דאָס דאָזיקע איז אויסגעפּועלט געוואָרן דורך גרויסע באמיאונגען. עס זענען אויסגענוצט געוואָרן צו דעם צוועק אלע באקאנט־שאפטן מיט איינפלוסרייכע דייטשן. דער „יודן־ראט", די בעסטע יידישע האנטווערקער און נאָך אנדערע יידן האָבן געטון, וואָס זיי האָבן געקאָנט, אז די ערשטע אלעע זאָל איינגעשלאָסן ווערן אין געטאָ, ווייל דאָס איז פאר יידן געווען פון גרויס וויכטיקייט. עס איז געווען די איינציקע באַ־קוועמע גאס אין געטאָ, ווו עס זענען געווען גרעסערע הייזער, וועלכע האָבן געקאָנט אויפנעמען א סך לאָקאטאָרן. אויך די דירות זענען דאָ געווען בעסערע. יידן האָבן געוווּסט, אז אָן דער ערשטער אלעע וועט דאָס

געטאָ זיין זייער אָרים. אין דער דאָזיקער גאַס האָט זיך געפונען דער צענ־טער פון יידישן האנדל. ווען די ערשטע אַלעע זאָל געווען בלייבן מחוץ דעם געטאָ, וואָלט פארשווונדן געוואָרן צוויי דריטל פון דעם יידישן פאר־מעגן. די פּוילישע סוחרים און די פּוילישע שטאָט־פארוואלטונג מיט דעם בירגערמייסטער בראש האָבן געטון אַלץ, אז מיר זאָלן נישט באקומען די אַלעע. אָבער נאָך גרויסע באמיאונגען און פאר א זייער הויכן פּרייז איז די דאָזיקע גאַס געוואָרן צוגעטיילט צום געטאָ און די גאַלע טאָוולען, וועלכע האָבן באצייכנט די געטאָ־גרענעץ, זענען איינגעגראָבן געוואָרן אויףביידע זייטן דאָרט, ווו די ערשטע אַלעע האָט זיך געענדיקט.

דאָס לעצטע הויז פון דער ערשטער אַלעע, וואָס האָט געטראָגן דעם נומער 14, איז צום געטאָ נישט צוגעטיילט געוואָרן. עס האָט געהערט צו דער ארישער זייט. דאָס הויז האָט געהערט צו די שענסטע בנינים אין אונדזער שטאָט. עס האָט פארמאָגט גרויסע און ברייטע אריינגענג מיט מארמאָרנע טרעפּ; שיינע, גרויסע און זוניקע וווינונגען מיט גרויסע בעטאָן־באַלקאָנען און אנדערע באקוועמלעכקייטן. דער הויז־אייגנטימער, א פאָלקס־דייטש, אינזשיניער ארטור פראנקע, איז גערופן געוואָרן צום שטאָט־הויפּטמאַן, ווו עס איז אים דערקלערט געוואָרן, אז אין זיין הויז, וואָס שטייט הארט ביים געטאָ, וועלן וווינען 23 יידישע האנטווערקער. דאָס הויז איז צוגעפּאסט פאר די האנטווערקער דערפאר, ווייל דאָרט זענען פארהאן די געהעריקע אריינגענג און וווינונגען, וואָס פּאסן פאר די דייטשע קליענטן, וואָס וועלן ווייטער באזוכן די יידישע האנטווערקער. דאָס הויז איז געוואָרן אָפּגערייניקט פון די פּוילישע לאָקאטאָרן און אויף זייער אָרט האָבן זיך דאָרט אריינגעצויגן די יידישע האנטווערקער.

באַלד נאָך דעם דייטשן יום טוב „אָסטערן”, ווען דאָס געטאָ האָט זיך שוין געפונען אין זיין טראגישן צושטאנד, איז אריבערגעפירט גע־וואָרן דאָס מעבל מיט אַלע זאכן פון די 23 האנטווערקער, ביי וועלכע די דייטשן האָבן גאָרנישט צוגענומען. די גרויסע שפּיגלען צו פּאסן זייערע קליידער און די פּאָטעלן צום זיצן זענען פארבליבן, כדי די דייטשן זאָלן אויך ביים יידישן האנטווערקער האָבן באקוועם.

די דייטשע קליענטן האָבן באַלד פארלאנגט ארבעט און די יידישע

האַנטוועלקער האָבן זיי ווייטער צופרידנגעשטעלט אין די נייע שיינע וווינונגען.

יעדער מייסטער פון אַ ווערקשטאַט האָט באַקומען פון דער שטאָט־הויפּטמאַנשאַפט אַ געהעריקן פּאַסירשיין, וואָס האָט אים דערמעגלעכט זיך צו באַוועגן אין דער גאַנצער שטאָט, ווייל די מייסטערס האָבן באַדאַרפט באַזוכן די קליענטן אין זייערע וווינונגען אויף זייער פאַרלאַנג צו מעסטן די קליידער. די יידישע איינוווינער פון האַנטוועלקער־הויז און די אַרבעטער־געזעלן, וועלכע האָבן דאָ געאַרבעט, האָבן באַקומען פּאַסירשיינען, וועלכע האָבן דערלויבט צו גיין אין געטאָ און צוריק.

די האַנטוועלקער פון דעם הויז אַלעע נומער 14 האָבן זיך דאָ זייער באַקוועם איינגעאָרדנט און פאַרהעלטניסמעסיק גוט געלעבט. חוץ דייטשן זענען אין דעם הויז אויך אַריינגעקומען פּוילישע קליענטן, וואָס האָבן זיך גערן אָנגעטון ביי די בעסטע יידישע האַנטוועלקער. ביי די דאָזיקע קליענטן האָבן די האַנטוועלקער גענומען גוטע פּרייזן.

די האַנטוועלקער האָבן אויסגענוצט זייער באַקאַנטשאַפט מיט די דייטשן, כדי אַרויסצוהעלפן איינצלנע יידן, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין שוועריקייטן ביי דער מאַכט. גאָר אָפט זענען אַזוי אַרום יידן אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון דער געשטאַפּאָ. די יידן אין געטאָ זענען געווען צופרידן מיט דעם האַנטוועלקער־הויז אויף אַלעע נומער 14.

דייטשע דירעקטאָרן פון די היגע טעקסטיל־פאַבריקן, וועלכע האָבן זיך אויך געקליידט אין דעם הויז, האָבן זיך געניייטיקט אין שניידערס אויפצונייען מענער און פרויען־קליידונג פון פּאַפּיר־שטאָף; מען האָט דעריבער צוגעשטעלט גרויסע סכומען סחורות, וועלכע זענען פונאַנדערגעטיילט געוואָרן צווישן די אָרימע יידישע שניידערס אין געטאָ. שפּעטער האָבן אויך נישט־שניידערס זיך גענומען צו דער אַרבעט און פאַרדינט אויף חיונה. מיט דער אַרבעט האָבן זיך באַשעפטיקט הונדערטער יידן, וועלכע האָבן שוין געהאַט פאַרקויפט זייער גאַנץ האָב און גוטס און נישט געהאַט קיין שום מיטלען צו לעבן.

XXIV

# די נייע מלחמה

אין 22סטן יוני 1941 האָבן מיר פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט געזען פאַרבייציען טויזנטער אויטאָס מיט געווער־לאַדונגען אין דער ריכטונג צו דער דייטש־רוסישער גרענעץ, וועלכע איז איינגעשטעלט גע־וואָרן אין 1939.

אין דער פּרעסע איז דערשינען א ידיעה, אז עס האָט אויסגעבראָכן א מלחמה צווישן דעם גרויסן און שטאַרקן דייטשן רייך און דעם שוואַכן רוסישן קאָמוניזם, צו וועלכן עס געהערן אַלע יידן פון דער וועלט און ממילא אויך מיר פון פּוילן.

מיר האָבן טאַקע באַלד אויף א ספּעציעלן אופן דערפילט די מלחמה צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד: אין עטלעכע טעג נאָכן מלחמה־אויס־ברוך איז די געשטאַפּאָ ביינאַכט באַפאַלן יידישע וווינונגען, זוכנדיק לויט א צוגעגרייטן נעמען־רעגיסטער מענטשן, וואָס האָבן פאַר דער מלחמה געהערט צו סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. א סך פון די געזוכטע האָבן שוין לאַנג נישט געלעבט, אנדערע ווידער זענען געווען אין רוסלאַנד, די געשטאַ־פּאָ־לייט האָבן אָבער נישט אזוי שטאַרק מדקדק געווען אויף די נעמען, נאָר ארעסטירט יעדן איינעם, וואָס זיי האָבן אָנגעטראָפן אין דער באַפאַ־לענער וווינונג. הונדערטער מענטשן זענען אויף אזא אופן ארעסטירט געוואָרן אין יענע טעג. נאָכן צונויפזאַמלען א גרעסערע צאָל מענטשן האָט מען אַלע אוועקגעשיקט קיין אָשוויענטשים.

עס זענען פונאַנדערגעקלעפּט געוואָרן אין געטאָ גרויסע פּלאַקאַטן, אין וועלכע עס איז אָנגעזאָגט געוואָרן, אז עס וועלן פאַרבייגעפירט ווערן דורך די גאַסן רוסישע געפאַנגענע, צו וועלכע קיינער טאָר זיך נישט דער־נענטערן, קיין וואָרט נישט אויסשרייען, נישט דערלאַנגען קיין שום זאַך אָדער עסנווארג, און ווער עס וועט אויף דעם עובר זיין וועט דערשאָסן ווערן אויפן אָרט.

אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג האָבן מיר געזען אָנקומען מיט דער

באַן קליינע גרופּעס דייטשע מיליטער־לייט, וועלכע האָבן מיטגעפירט מיט זיך גרויסע הינט. עס איז באַקאַנט געוואָרן, אַז די דאָזיקע אָפּטיילונגען וועלן באַוואַכן די רוסישע געפאַנגענע, וועלכע דאַרפן אהער אָנקומען.

אין די הייסע זומער־טעג זענען מיט דער באַן אָנגעקומען טויזנטער געפאַנגענע. גרויסע אָפּטיילונגען דייטשיש מיליטער זענען געגאַנגען פאַראויס, צונויפטרייבנדיק אַלע „אַרישע" פאַרבייגייער אויף די טראָטואַרן. אַלע פאַרבייגייענדיקע „אַריער" זענען געצוווּנגען געוואָרן צו וואַרטן, ביז די גרויסע מאַסע געפאַנגענע איז פאַרבייגעפירט געוואָרן דורך די „אַרישע" גאַסן.

גאָר אַנדערש האָט אָבער אויסגעזען אין די געטאָ־גאַסן, ווען מען האָט דורך זיי דורכגעפירט די זעלבע געפאַנגענע. פאַר דעם דורכמאַרש פון די געפאַנגענע האָבן דייטשע מיליטער־אָפּטיילונגען פאַרטריבן די יידישע דורכגייער אין די הייזער אַריין. די טויערן זענען געוואָרן פאַרשלאָסן און מען האָט געשאָסן אין די פענסטער אַריין, אויב עס האָט זיך דאָרט עמיצער באַוויזן. ווען די געפאַנגענע זענען אַריין אין געטאָ, זענען די גאַסן געווען ליידיק, די פענסטער פאַרמאַכט, די טויערן פאַרשלאָסן, עס האָט אויסגעזען ווי אַן אויסגעשטאָרבענע שטאָט.

דאָך, באַהאַלטן הינטער די פענסטער־פאָרהאַנגען, האָבן איינציקע יידן אַרויסגעקוקט און געזען דעם שרעקלעכן צושטאַנד פון די געפאַנגענע, וואָס האָבן פאַרבייגעצויגן אין לאַנגע רייען. זיי האָבן אויסגעזען פאַרוווּנדערט פון דער פּוסטקייט אין די גאַסן, בעת מיט עטלעכע מינוט פריער זענען זיי דורכגעגאַנגען דורך באַלעבטע גאַסן. אויף די פיס האָבן זיי געטראָגן הילצערנע שיך, וואָס האָבן ביים גיין אויף די שטיינער הילכיק געקלאַפּט. אויף זייערע פּנימער איז געווען צו דערקענען, אַז זיי זענען פאַרהאָרעוועט און אויסגעהונגערט. די פאַרחלשטע און גאָר שוואַכע זענען געפירט געוואָרן דורך זייערע קאָלעגן אין די רייען. די אינגאַנצן דערשעפּטע זענען אַנידערגעפאַלן אויף די שטיינער און ווער עס איז נישט באַלד אויפגעשטאַנען, האָט באַקומען געשלאָגן מיט די קאָלבעס פון די ביקסן און איז אַרויפגעשליידערט געוואָרן אויף פורן, וועלכע זענען נאָכגעפאָרן פון הינטן.

אַ דייטשער זעלנער האָט זיך פּלוצלינג צעשריגן אויף אַ געפאַנגענע־

נעם, וועלכער איז געגאַנגען באָרוויס און געטראָגן די הילצערנע שיך אין דער האַנט. דער זעלנער האָט אים באַפוילן אָנצוטון די שיך, דער געפאַנגענער האָט מיט א פאַרטיידיקונג־זשעסט אָנגעוויזן אויף זיינע פאַרוווּנדעטע פיס. א קלאַפּ מיט דער ביקס־קאָלבע האָט דעם געפאַנגענעם געצווּנגען אָנצוטון די שיך.

א ווײַלע שפּעטער האָט זיך אָפּגעשפּילט פאָלגנדיקע סצענע: א מענטש, וואָס האָט זיך באַהאַלטן אין א שמאָלן דורכגאַנג צווישן צוויי הייזער און געמיינט, אז ער איז נישט פון קיינעם באַמערקט, האָט אריבערגעוואָרפן צו די געפאַנגענע א קליין פּעקעלע מיט עסנוואַרג, א זעלנער אָבער האָט עס דערזען און אים דערשטאָכן מיט זיין באַגנעט.

## XXV

# די מאַסע הונגערט

אין ווינטער פון 1941־1942 איז די לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין געטאָ געוואָרן נאָך שווערער. דער גרעסטער טייל פון דער באַפעלקערונג איז געווען שלעכט געקליידט און האָט נישט געהאַט קיין מיטלען צו קויפן קוילן און קאַרטאָפל. אין די גאַסן זענען געשטאַנען הונדערטער האַלב־נאַקעטע אָרימעלייט און געבעטן נדבות, אָבער קיינער האָט זיך אויף זיי נישט אומגעקוקט.

דער ווינטער איז אויסגעפאַלן זייער א שווערער. עס זענען געווען גרויסע פרעסט און טיפער שניי. די טויזנטער אָפּגעריסענע אַרבעטער פלעגן פאַרטאָג לויפן אין די הילצערנע שיך צו זייערע אַרבעט־פּלעצער. דורך די צעריסענע מלבושים זייערע האָבן אַרויסגעקוקט שטיקער נאַקעט לייב. די יונגטלעכע, קינדער נאָך, וואָס האָבן געאַרבעט גאַנצע טעג אונטער פראָסט און ווינט, האָבן פאַרבונדן זייערע קעפּלעך מיט צעריסענע טיכלעך. די עלטערן, פרויען און קינדער פון די אַרבעטנדיקע זענען פאַרבליבן אין דער היים אין די נאָרעס, זיי האָבן געהונגערט און געפרירט דאָרט. אין די אזילן זענען געזעסן די היימלאָזע מענטשן אויף זייערע פינסטערע געלעגערס, צוגעדעקט מיט אַלטע זעק און שמאַטעס. אין די גאַסן האָבן

די הענדלער געפּרירט און נישט געזען קיין קונים אויף זייער אָרים ביסל סחורה, דערצו זענען זיי נאָך געיאָגט און געפּלאָגט געוואָרן דורך פאַר־שידענע פאַרפאָלגער, ציווילע מוסרים, דייטשע, פּוילישע און יידישע פּאָליציי.

דער הילף־קאָמיטעט האָט געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען, כּדי צו לינדערן די נויט, אָבער די נויט איז געווען אַזוי גרויס, אַז עס איז נישט מעגלעך געווען אַלעמען צו העלפן.

אין די נעכט פלעגן זשאַנדאַרמען באַפאַלן די יידישע הייזער, אַרויסנעמען אַלע מענער, זיי צעשלאָגן און אַוועקפירן הינטער דער שטאָט אַפּצורייניקן די שאָסייען פון שניי. אַ גאַנצן טאָג זענען זיי דאָרט געהאַלטן געוואָרן און ערשט שפּעט ביינאַכט זענען זיי צוריקגעקומען מידע, הונגעריקע, צעבלוטיקטע און נידערשלאָגענע. דאָס באַפאַלן מענטשן ביי־נאַכט און פאַרשלעפּן זיי צו רייניקן דעם שניי האָט אַזוי געדויערט אַ גאַנצן ווינטער.

חוץ דעם זענען אונטערגעקומען פרישע צרות: די הייזער, וואָס האָבן זיך געפונען ביים סאַמע גרענעץ פון געטאָ, זענען ביינאַכט באַפאַלן געוואָרן דורך דייטשע זשאַנדאַרמען, וועלכע האָבן אַרויסגעטריבן די יידישע איינוווינער אַזוי שנעל, אַז מען האָט קוים באַוויזן זיך אָנצוטון און עפּעס מיטנעמען. דאָס האָט מען אויף אַזאַ אופן איינגעשלאָסן די „יידן־ריין" געמאַכטע הייזער צו דער אַרישער זייט און דאָס געטאָ קלע־נער געמאַכט. עס זענען ווידער צוגעקומען הונדערטער נייע היימלאָזע, וועלכע מען האָט געמוזט אַריינקוועטשן צווישן די יידן אין דעם שוין גענוג ענגן געטאָ. עס פלעגט אַלעמאָל צוקומען אַ נייער צעטל פון אָרימע נויטבאַדערפטיקע און אין קיך־קעסל האָט מען געמוזט כּסדר דערגיסן עטלעכע ליטער וואַסער מער.

אַ גרויסן חלק אין ברענגען הילף האָט געהאַט דער „טאָז". די דאָזי־קע געזעלשאַפט, אונטער דער אָנפירונג פון דעם אין טשענסטאָכאָוו באַ־קאַנטן טוער ראַזינער, האָט זיך באַמיט ביי דער מאַכט מיט דער צוהילף פון „יודן־ראַט" צו באַקומען אַ דערלויבעניש איינצואָרדענען עטלעכע טעאַטער אימפּרעזעס אין געטאָ. נאָך אַ סך שוועריקייטן איז ענדלעך גע־לונגען דורכצופירן די טעאַטער־אונטערנעמונגען, וועלכע האָבן אַריינגע־

בראכט א געוויסע סומע פאר דעם הילף־פאָנד. אמאטאָרן, וועלכע האָבן אמאָל געשפּילט טעאטער, האָבן אָנטייל גענומען אין די פאָרשטעלונגען. דער היימלאָזער חזן פון פּויזנער געגנט האָט אָרגאַניזירט א געמישטן באָר פון די אמאָליקע מעלאמאַנען מיט סאָלאָ־געזאַנג. אויך די אָרימע יידישע קינדער פון יתומים־הויז זענען אויפגעטרעטן. מען האָט אריינגע־לייגט א סך מי, אז די קליידונג פון די אָנטיילנעמער און די אויסשטאטונג זאָלן זיין וואָס שענער. יידן האָבן זיך געריסן אין טעאטער אריין. ערשטנס האָט יעדער געוואָלט מיטשטייערן פאר דעם הילף־פאָנד און צווייטנס איז דאָס טעאטער אין געטאָ געווען ממש אן אטראקציע, ווייל שוין דריי יאָר ווי די געטאָ־איינוווינער האָבן נישט געטאָרט באזוכן קיין קינאָ, קיין טעא־טער, נישט הערן קיין ראדיאָ. דער זאַל איז דעריבער געווען איבערפולט יעדעס מאָל, ווען עס איז פאָרגעקומען א פאָרשטעלונג און יעדעס פּראָגראם האָט געמוזט איבערגעחזרט ווערן א סך מאָל.

* * *

אין טאָג פון „ווייכאכטן" אין 1941 זענען אין אלע עקן פון די געטאָ־גאסן אוועקגעשטעלט געוואָרן זשאנדארמען, וועלכע האָבן אָפּגע־שטעלט יעדן יידישן מאן, פרוי און קינד און אראָפּגענומען פון אלעמען די פוטערנע מאנטלען און בכלל יעדן מאנטל, אויב עס האָט זיך נאָר אויף אים געפונען א שטיקל פוטער. אויף אלע עקן פון די גאסן זענען שנעל אויפגעזאמלט געוואָרן בערגלעך פוטער: טייערע באנגדאדן, קאראקולן, פוקסן און אנדערע ביליקערע סאָרטן פוטער. דאָס אלץ איז שפּעטער אוועקגעפירט געוואָרן מיט לאסט־אויטאָס. די יידישע פרויען און קינדער זענען שטיין געבליבן אויף דער גרויסער פראָסט, וואָס איז גראָד דעמאָלט געווען, אָן מאנטלען, אין לייכטע קליידער. זיי זענען שנעל געלאָפן אהיים. אויך די מענער זענען געבליבן אין לייכטע אָנצוגן, טייל אויך אָן היטלען, אויב זיי האָבן געהאט אויף זיך פוטער. ביי א סך מענטשן איז דאָס פוטער געווען זייער לעצטע ווערט־זאך, וואָס זיי האָבן באהאלטן אויף א שוואר־צער שעה.

צומאָרגנס אינדערפרי זענען אויף אלע טויערן פון געטאָ אויפגע־קלעפּט געוואָרן באקאנטמאכונגען פון „יודן־ראט", אז די דייטשע מאכט

פּאָדערט־אויף אַלע יידן צוצושטעלן אין משך פון טאָג אַלע פוטערס, וואָס אײינער פארמאָגט. אויב עס וועט נאָך דעם טערמין געפונען ווערן ביי אַ ייד פוטערוואַרג, וועט ער דערשאָסן ווערן.

די באַקאַנטמאַכונג האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע בהלה. אַ סך יידן האָבן פאַרקויפט די פּאָליאַקן טייערע פוטערס פאַר קליינגעלט ממש, מען האָט געטראַכט — בעסער עפּעס איידער גאָרנישט. אַנדערע ווידער האָבן נעגעבן זייערע פּוילישע באַקאַנטע די פוטערס צו „באַהאַלטן”, ביז די שלעכטע צייט וועט אַריבער. אָבער דער גרעסטער טייל באַפעלקערונג האָט דאָך מורא געהאַט פאַר דער דראָאונג און צוגעשטעלט די פוטערס פאַר די דייטשן. אין יעדן הויז זענען באַשטימט געוואָרן צוויי מענטשן צונויפצו־נעמען ביי אַלע לאָקאַטאָרן דאָס פוטערוואַרג און עס צושטעלן דעם „יודן־ראַט”. די גרויסע צימערן פון „יודן־ראַט” זענען באַלד פול געוואָרן מיט די צונויפגעבראַכטע זעק מיט פוטערוואַרג און עס איז אוועקגעשטעלט געוואָרן דייטשע און פּוילישע פּאָליציי אויף דער וואַך. פון „יודן־ראַט” האָט מען דערנאָך די זאַכן אַריבערגעפירט אויף דער אַרישער זייט אין אַ גרויסן לאָקאַל, וווּ מען האָט אוועקגעזעצט אַלע יידישע קירזשנער, וועלכע דער „יודן־ראַט” האָט געמוזט צושטעלן. חדשים לאַנג האָבן די יידישע פאַכלייט איבערגעאַרבעט די פוטערס אויף פאַרשידענע מלבושים פאַר די דייטשע זעלנער, וואָס האָבן געקעמפט אויף די רוסישע פראָנטן אין די גרויסע פרעסט.

די דייטשן איז זייער געפעלן געוואָרן די אַרבעט פון די טשנסטאָ־כאָווער יידישער קירזשנער און עס זענען אָנגעקומען גרויסע טראַנספּאָרטן יידיש פוטערוואַרג אויך פון אַנדערע שטעט און זיי זענען ביי אונדז אי־בערגעאַרבעט געוואָרן.

די יידן אָבער זענען אַרומגעגאַנגען אין זייערע לייכטע זומערדיקע מלבושים. אויף טייל מלבושים, פון וועלכע מען האָט פון די קעלנער אין אַרבל אַראָפּגענומען די פאַר יידן פאַרבאָטענע פוטער־באַפּוצונגען, האָט זיך אַרויסגעזען די שטייף־לייוונט און שפּעטער האָט מען אַרויפגענייט עפּעס אַ שטיקל סחורה, וואָס איינער האָט געהאַט. אַזוי איז אין פאַרלויף פון איין טאָג נישט געווען צו זען אין געטאָ קיין שום ייד, מאַן, פרוי און קינד מיט אַ מינדעסט שטיקל פוטער אויף זיך. אויב עס איז ביי די־

פאַרשידענע רעוויזיעס, וואָס מען האָט געמאַכט ביי יידן, געפונען געוואָרן; עפּעס א שטיקל פוטער, איז דער אייגנטימער צוזאַמען מיט אַנדערע, וואָס האָבן דערפון געוווּסט אָדער געהאַט דערמיט עפּעס א שייכות, אוועקגע־פירט געוואָרן אויפן בית עולם און דאָרט דערשאָסן געוואָרן.

אין דער זעלבער צייט, ווען אין געטאָ האָט געהערשט נויט און דחקות, איז דורך עטלעכע פּאַכלייט אין גאַסטראָנאָמיע איינגעאָרדנט גע־וואָרן אין ערשטן הויז ביי דער געטאָ־גרענעץ א רעסטאָראַן, ווו עס איז געווען צו באַקומען פיינע געשמאַקע מאכלים, כמעט ווי אין די פאַר־מלחמהדיקע צייטן. עס איז נישט געווען צו פאַרשטיין, פון וואַנען די אייגנטימער האָבן געקאָנט מאַכן אַזעלכע גוטע עסנס פון פּראָדוקטן, וואָס זענען אין ערגעץ נישט געווען צו באַקומען. די פּרייזן זענען געווען הויכע און דער לאָקאַל איז באַזוכט געוואָרן פון אַזעלכע יידן, וואָס האָבן זיך געקאָנט דערלויבן אויסצוגעבן א סך געלט. עס האָבן אויך אָנגעהויבן אריינצוקומען אהין פּאָליאַקן, וואָס האָבן זיך געוואָלט טרעפן מיט זייערע יידישע באַקאַנטע, כדי דורכצופירן פאַרשידענע ענינים. די יידישע פּאָלי־ציאַנטן פלעגן דאָ זיך פאַרווײלן אין די נעבן־צימערלעך פון לאָקאַל, אָבער תמיד נאָך אכט אַזייגער אין אָוונט, ווען אַלע יידן האָבן געמוזט זיצן אינ־דערהיים און נאָר זיי אליין איז געווען דערלויבט צו גיין אין גאַס. עס זענען געווען אויך אַנדערע יידן, וואָס האָבן געהאַט נאַכט־פּאַסירשיינען, — מיטגלידער פון „יודן־ראַט", עטלעכע העכערע באַאַמטע פון יודן־ראַט און אַנדערע יידישע יונגעלייט מיט פּריווילעגיעס, וואָס קיינער האָט נישט געווּסט ווי אַזוי זיי זענען באַקומען געוואָרן. די אַלע מענטשן פלעגן אויסגעבן אין דעם נייעם רעסטאָראַן גרויסע סומעס און די לאָקאַל־אייגנ־טימער האָבן געמאַכט גוטע געשעפטן.

מיט דער צייט איז דער לאָקאַל באַקאַנט געוואָרן אויך אויף דער „אַרישער" זייט; מען האָט אין דעם נייעם געטאָ־רעסטאָראַן באַקומען אַזעלכע מאכלים, וואָס זענען אפילו אויף דער „אַרישער" זייט נישט גע־ווען בנמצא. עס האָבן דעריבער אָנגעהויבן צו קומען אויך פּוילישע געסט, וועלכע האָבן זיך אריינגעגנבעט ביינאַכט דורך הינטער־טירן און דאָרט געגעסן און געשכורט ווי אין די אַמאָליקע צייטן.

קעגנאיבער דעם רעסטאָראַן האָט זיך איינגיכן געעפנט א נײַ קאַפע־הויז, װוּ מען האָט געקאָנט באַקומען דאָס בעסטע געבעקס און פײַנסטן קוכן מיט גוטער קאַווע. אויך דער דאָזיקער לאָקאַל איז זייער גוט באַזוכט געוואָרן און מיט דער צייט זיך דערוואָרבן שטענדיקע געסט. די זשאַנ־דאַרמעריע פלעגט פון צייט צו צייט אַרײַנפאַלן אין די דאָזיקע יידישע לאָקאַלן און אַרויסטראָגן פון דאָרט אין זייערע אויטאָס אַריין געבראָטענע גענדז מיט הינער, אַנדערע עסנוואַרג און אַלקאָהאָל און וויין. די אייגנטי־מער זענען דערביי געוואָרן געזידלט און געשלאָגן. די דייטשן האָבן נישט געקאָנט פאַרשטיין, פונוואַנען די יידן האָבן גענומען די אַלע גוטע זאַכן. זיי האָבן אַרעסטירט איינעם פון די אייגנטימער און אים אײַנגעזעצט אין תפיסה. ערשט אין עטלעכע וואָכן אַרום איז זײַנע שותפים און גוטע באַ־קאַנטע געלונגען אויסצופועלן זײַן באַפרייאונג. אויך נאָכן אַרעסט האָט דער רעסטאָראַן נישט אויפגעהערט צו עקזיסטירן. די פּאָליציי פלעגט אויך פון די לאָקאַלן כאַפּן יידן צו דער אַרבעט. אָבער דאָס האָט אויך די מענ־טשן נישט אָפּגעשראָקן און באַלד נאָכן אוועקפירן מענטשן צו דער אַר־בעט, פלעגן אָנקומען אַנדערע געסט אין די לאָקאַלן.

## XXVI

# פאַררעטער

דאָס געטאָ האָט אַרויסגעוואָרפן פון זיך אַן אָפּשוים פון יידן־שווינדלער און „מאַכערס", וואָס פלעגן זיך אונטערנעמען פאַר געלט צו דערלייידיקן ביי דער מאַכט פאַרשידענע ענינים. זיי פלעגן צוזאָגן אַרויס־צובאַקומען אַרעסטירטע דורך דער געשטאַפּאָ און דערוווייל אַרויסציען ביי דער פאַמיליע פון אַרעסטירטן גרויסע סומעס, וועלכע האָבן כלומרשט נעדאַרפט געגעבן ווערן, כדי דורכצופירן די באַפרייאונג. נאָכן באַקומען דאָס געלט האָט שוין דער „מאַכער" געפונען אַן אופן זיך אַרויסצודרייען און דאָס געלט איז געבליבן ביי אים.

עס האָט זיך באַוויזן ביי אונדז אַ פרעמדער יונגערמאַן מיטן נאָמען בעסער. ער און זײַן פרוי האָבן געעפנט אַ קליינעם רעסטאָראַן, וווּ די דאָ־זיקע טונקעלע געשעפטן זענען דורכגעפירט געוואָרן.

די זאַכן פלעגן אָפּגעטון ווערן אַזוי:

ווען עס איז אַרעסטירט געוואָרן אַ ייד, וואָס האָט נאָך געהאַט עפּעס אַ פאַרמעגן, האָבן זיך שוין געפונען אַזעלכע לייט, וואָס האָבן געקענט זיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט דער משפּחה אָדער פּרוּוו פון דעם אַרעס־טירטן און אין אַ שמועס „צופעליק" דערציילן, אַז עס איז דאָ פאַראַן אַ זייער אָרנטלעכער מענטש מיטן נאָמען בעסער, וועלכער האָט שוין אַ סך מענטשן אַרויסבאַקומען פון דער געשטאַפּאָ און נאָר ער קען דאָ העלפן. די נאָענטע פון דעם אַרעסטירטן האָבן געוווּסט, אַז אויב מען ווערט נישט באַפרייט באַלד אין די ערשטע טעג נאָכן אַרעסט, ווערט מען אַוועקגעשיקט קיין אָשוויענטשים, פונוואַנען מען קומט שוין נישט צוריק. די אומגליק־לעכע האָבן זיך דעריבער אָנגעכאַפּט אָן יעדער שיין פון האָפענונג און אַזוי אַרום אַריינגעפאַלן צו די שווינדלער אין די הענט אַריין.

נאָך אַן אַפּעריסט איז דאָ געווען „טעטיק" — איינער מיט נאָמען שעפּטעל; אַגב אַ טשענסטאָכאָווער תושב. ער איז געווען אַ מסור נאָך בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. לויט מען האָט דערציילט, האָט ער זיך אויסלעגיטימירט פאַר די היטלעריסטן נאָך מיט יענע פּאַפּירן, אָבער דאָס מאָל האָט זיין „טעטיקייט" אָנגענומען אַ ברייטערן פאַרנעם. הייינט האָט ער געמסורט, כדי דערנאָך צו קענען ווידער „גוט מאַכן", אַזוי אַרום האָט ער ביי יעדער „טראַנזאַקציע" צוויי מאָל געמאַכט אַ גוט געשעפט.

אָט ווי אַזוי דאָס „געשעפט" פלעגט גיין:

יידן איז נישט דערלויבט געווען צו האָבן גאָלד, דעוויזן און פאַרשי־דענע סחורות. דער הויפּט־דעוויזן־אַמט אין קראָקע האָט אָרגאַניזירט אַ קאָנטראָל־בריגאַדע, וועלכע האָט געמאַכט אַ בליץ־רייזע איבער שטעט, ווו זיי האָבן דערוואַרט עפּעס צו געפינען און אינאַיינוועגס האָט זי שוין אויך קאָנטראָלירט די אָרטיקע דעוויזן־אַמטן. דער מסור שעפּטעל האָט אין דער דאָזיקער קאָמיסיע געהאַט זיינע באַקאַנטע דייטשן און ער האָט זיי שוין אָנגעוויזן, צו וועמען אַריינצופאַלן אויף אַ רעוויזיע.

די רעוויזיעס אויף שעפּטעלס אָנווייזונג זענען געמאַכט געוואָרן אַזוי גרינטלעך, אַז מען איז נישט אַוועק פון דער באַפאַלענער וווינונג, ביז מען האָט נישט עפּעס געפונען. מען האָט פּשוט איבערגעקערט די וווינונג: אויפגעריסן די פּאָדלאָגעס, צענומען די אויוונס, דורכגענישטערט יעדעס

ווינקל צענדליקער מאָל, ביז מען האָט געמוזט געפינען. אויב שעפּטעל האָט אָנגעוויזן — מוז, הייסט עס, געפונען ווערן! דעם באַלעבאָס פון דער וווינונג האָט מען ארעסטירט און געפּייניקט אזוי לאנג, ביז ער האָט אויסגעגעבן זיינע שותפים, וועלכע מען האָט אויך ארעסטירט. אזא שטיקל ארבעט האָט מען דערקענט איז שעפּטעלס און דעריבער קאָן בלויז ער ווי־דער „גוט מאכן".

די פרויען און די קרובים פון די ארעסטירטע פלעגן דאן לויפן צו שעפּטלען, וועלכער איז גלייך גרייט געווען צו טון א טובה די אומגליקלעכע מענטשן. ער פלעגט פארזיכערן, אז אויב ער אליין וועט נישט קענען די זאך דערליידיקן, וועט ער שיקן זיין זון און אויב דער זון וועט אויך נישט קענען העלפן, וועט ער שיקן די טאָכטער. שעפּטעלס „גוט מאכן" פלעגט זיך געוועגלעך ענדיקן אזוי: פאר דער היפשער סומע, וואָס ער האָט ארויסבאקומען פון די אומגליקלעכע, זענען אייניקע באפרייט געוואָרן און די אנדערע האָט מען אוועקגעשיקט. שעפּטעל האָט צו פארשטיין געגעבן, אז דאָס קאָן אנדערש נישט זיין, מחמת די קאָמיסיע־לייט, אויב זיי פירן דורך א רעוויזיע, מוזן זיי דערנאָך אָנווייזן, אז זיי האָבן געפונען שולדיקע.

נאָך א ריי אנדערע שווינדלער האָבן גראסירט ביי אונדז אין די ביטערע, שווארצע טעג. דאָס האָט געדויערט אזוי לאנג, ביז געשטאַפּאָ־לייט זענען אין א געוויסן טאָג באפאלן די שווינדלער, צוגענומען ביי זיי א סך געלט, גאָלד און אנדערע ווערט־זאכן, דערנאָך זיי ארעסטירט און אוועקגעשיקט קיין אָשוויענטשים. ווי עס איז שפּעטער באקאנט געוואָרן, האָבן די דייטשן זיי אָפּגערוימט דערפאר, ווייל זיי האָבן געוווּסט צופיל סודות און זענען געוואָרן אומבאקוועם פאר די געשטאַפּאָ־לייט.

* * *

עס איז ארויס א פאראָרדענונג פון דער מאכט, אז אלע נישט־דייטשע איינוווינער פון „גענעראל־גוווערנעמענט" דארפן זיך מעלדן אויף צו באַ־קומען „קענקארטן".

די „קענקארטן" פאר פּאָליאקן זענען געווען פון א גרויער קאָליר, פאר יידן און ציגיינער — פון געלער. אויסער דעם האָט אויף די יידישע „קענקארטן" באלד אויפן ערשטן בלעטל זיך געפונען א J, ד. ה.

„יודע", כדי ווי נאָר מען וועט דעם דאָקומענט נעמען אין האנט אריין, זאָל מען באלד זען מיט וועמען מען האָט צו טון.

פּוילישע באאמטע זענען געווען אין געטאָ באשעפטיקט מיט די צו־גרייטונג־ארבעטן ארויסצוגעבן די „קארנעטן". זיי האָבן איינקאסירט דעם אָפּצאָל און געשיקט די יידן פאָטאָגראפירן. פאר נישט צופּאסן זיך צום באפעל האָט געדראָט א גרויסע שטראָף. אַלע יידן, מענער און פרויען פון צוועלף יאָר אָן זענען ארונטערגעפאלן אונטער דעם דאָזיקן געזעץ און מען האָט עס אויסגעפירט פּונקט ווי אלע פריערדיקע געזעצן.

* * *

דער דייטשער ארבעט־אמט האָט ארויסגעגעבן א פאראָרדענונג, אז אַלע יידן אין עלטער פון צוועלף ביז זעכצן יאָר זאָלן זיך מעלדן אין ארבעט־אמט מיט אלע דאָקומענטן. דאָרט האָט מען יעדן אויסגעפרעגט און עס איז פארשריבן געוואָרן, מיט וואָס ער האָט זיך באשעפטיקט פון קינדוווייז אָן. יעדער האָט באקומען א צעטל, אויף וועלכן עס איז געווען געשריבן, אז ער איז ווערבירט געוואָרן פון דייטשן ארבעט־אמט צו צוואנג־ארבעט.

אין א צייט ארום האָט דער „יודן־ראט" באקומען א באפעל צו רע־מאָנטירן א לאָקאל פאר א יידישער אָפּטיילונג ביים דייטשן ארבעט־אמט. דער לאָקאל איז אויסרעמאָנטירט געוואָרן און עס איז איבער אים ארויס־געהאנגען געוואָרן א שילד מיט דער אויפשריפט: „יודן איינזאץ". באלד נאָכדעם האָט זיך אין געטאָ באוויזן אן אויפפאָדערונג, אז אלע יידן זאָלן זיך מעלדן אין נייעם ביוראָ פון „יודן איינזאץ". דאָרט האָט יעדער באַ־קומען אן ארבעט־ביכל, וואָס האָט זיך גערופן „מעלדעקארטע", ווו עס איז אָנגעמערקט געוואָרן, ווו מען איז באשעפטיקט. די „מעלדעקארטע" האָט געדינט אויך ווי א דאָקומענט צום אויסלעגיטימירן זיך.

ווען דאָס ארויסגעבן די „מעלדעקארטן" איז געווען פארענדיקט, האָט דער דייטשער ארבעט־אמט, אָפּטיילונג „יודן איינזאץ" גענומען אונ־טער זיין אויפזיכט די יידישע ארבעטער.

דער אָנפירער פון „יודן איינזאץ" איז געווען א דייטש פון א יאָר 50 מיטן נאָמען „פרענצל", א גרויסער שכור. אלע פאָדערונגען אויף יידישע ארבעטער זענען געווען געווענדט צו אים און דער הער פרענצל

האָט געהאט די מאכט צו באפעלן, מען זאָל כאפּן יידן אויף די גאסן צו ארבעט און בכלל געקאָנט אָנטון א סך צרות, אויב ער זאָל דאָס נאָר געוועלט וועלן. דער יידישער ארבעט־אמט איז אינגאנצן געווען אונטער זיין רשות, דעריבער פלעגן די באאמטע פון יידישן ארבעט־אמט אים אָפט מכבד זיין מיט א גוטער כוסה און אזוי ארום אים געמאכט פאר אן „אייגענעם”, ווי זיי פלעגן דאָס אָנרופן.

אין א זומער פרימאָרגן פון 1942 האָבן יידישע פּאָליציאנטן אויפגעוועקט אלע מענער אין געטאָ און באפוילן אין נאָמען פון דער דייטשער מאכט זיך צו שטעלן אויפן גרויסן נייעם מארק. ווער עס וועט זיך אויסבאהאלטן, וועט דערשאָסן ווערן. אלע זענען ארויס אויפן מארק, ווו עס האָבן זיך שוין געפונען העכערע דייטשע באאמטע, דער שטאָט־הויפּטמאן, דייטשע אָנפירער פון אמוניציע־פאבריקן, דער אָנפירער פון „יודן איינזאץ” פרענצל און אין א זייט זענען געשטאנען באאמטע פון יידישן ארבעט־אמט מיט פּאפּירן אין די הענט. פרענצל האָט אויסגערופן נעמען פון יידן, וועלכע זענען געווען באשעפטיקט אין דייטשע אמוניציע־פאבריקן און אין אנדערע אונטערנעמונגען. די אויסגערופענע זענען באלד אָפּגעפירט געוואָרן צו זייערע ארבעט־פּלעצער. די יידישע באאמטע האָבן כסדר אונטערגערוקט פרענצלען נייע נעמען־ליסטעס. דער ציל פון דער דאָזיקער פארזאמלונג איז באלד געוואָרן קלאָר. די דייטשע באאמטע האָבן דורכגעפירט א קאָנטראָלע, כדי צו זען, אויב אלע יידן זענען באשעפטיקט ביי אן ארבעט און אויב פרענצל פירט אויס זיין אמט ווי געהעריק. עס האָט זיך ארויסגעשטעלט, אז פון דער צאָל פון פערצן טויזנט יידן זענען געבליבן אויפן פלאץ אלס אומבאשעפטיקטע בלויז צוויי טויזנט. עס האָט אויסגעזען, אז די קאָנטראָל איז אויסגעפאלן גוט. די צוויי טויזנט יידן זענען אָפּגעפירט געוואָרן אין א פאבריק־בנין, וואָס איז געשטאנען ליידיק און מען האָט אוועקגעשטעלט א וואך פון פּוילישער פּאָליציי זיי צו היטן. קיינער האָט נישט געוווּסט, וואָס עס דערווארט די דאָזיקע מענטשן. עס זענען פארביי טעג און די מענטשן זענען אלץ געבליבן אונטער ארעסט ביי זייער שלעכטע באדינגונגען. געשלאָפן זענען זיי אויף דער הוילער ערד, עסן האָבן זיי באקומען בלויז פון דער „יודן־ראט”־קיך און קיינער איז צו זיי נישט געוואָרן צוגעלאָזט.

דער „יודן־ראט" האָט באארבעט דעם הער פרענצל, ער זאָל אינ־טערוועניר̈ן, מען זאָל די מענטשן באפרייען; ער זאָל אָנגעבן, אז ער דאַרף די מענטשן צו אן ארבעט. נאָך א סך טעג און לאנגע באמיאונגען האָט עס זיך געענדיקט מיט באצאָלן עטלעכע הונדערט טויזנט זלאָטעס פאר זייער באפרייאונג.

* * *

דער „יודן־ראט" האָט באקומען א באפעל פון דער מאכט צו שאפן „געמיינשאפט־ווערקע", ד. ה. א שאפּ, וווּ עס זאָלן איינגעאָרדנט ווערן פארשידענע האנטווערקער־ווערקשטאטן, וואָס זאָלן אויספירן ארבעטן פארן מיליטער. פאר דעם זכות צו קענען איינאָרדענען אזעלכע ווערקשטאטן האָט דער „יודן־ראט" געדארפט איינצאָלן אין קאסע פון דער שטאָט־הויפּטמאנשאפט א האלבן מיליאָן זלאָטעס. עס איז געוואָרן צוגעטיילט א לאָקאל פון דער אָפּגעשטעלטער יידישער פאבריק „מעטאלורגיע", פאר וועלכן מען האָט די דייטשן באדארפט צאָלן צוואנציק טויזנט זלאָטעס א חודש דירה־געלט. אלע יידישע האנטווערקער מיט זייערע מאשינען האָבן זיך באדארפט שטעלן צו דער דיספּאָזיציע פון שאפּ.

כדי צו באקומען דאָס געפאָדערטע געלט, האָט דער „יודן־ראט" געעפנט א רעגיסטראציע פון מענטשן, וועלכע ווילן ארבעטן אין שאפּ, וווּ עס וועט געארבעט ווערן פארן דייטשן מיליטער און וווּ עס איז די זיכערסטע שטעלע. יעדער ייד האָט געוואָלט האָבן א דאָקומענט, אז ער איז באשעפטיקט און איז א נוצלעכער מענטש. פאר דעם זכות צו ווערן איינגעשריבן אלס באאמטער, פאכמאן אָדער ארבעטער אין שאפּ האָט יעדער געמוזט איינצאָלן עטלעכע טויזנט זלאָטעס. א ספּעציעלע קאָמיסיע האָט אָפּגעשאצט, וויפל יעדער איינער דאַרף איינצאָלן. מענטשן האָבן זיך שטארק געיאָגט נאָך אן אָרט אין שאפּ און עס האָט זיך געשאפן א וואָרט — „יעדער מוז זיין געדעקט", ד. ה. האָבן אן ארבעט־פּלאץ. עס האָט אלעמען ארומגעכאפּט א פּאניק, יעדער האָט געוואָלט זיין „געדעקט". אין „יודן־ראט" זענען אריינגעפלאָסן גרויסע סומעס, מענטשן האָבן פארקויפט אלץ פון שטוב און פון זיך אראָפּ, כדי צו זיין „געדעקט" אין שאפּ, וועל־כער האָט זיך געהאלטן אין אָרגאניזירן. יעדער וואָס איז ארויס פון „יודן־ראט" מיט א צעטל, אז ער איז איינגעשריבן אין שאפּ, האָט זיך געפילט

גליקלעך. די רעגיסטראציע פון די שאפ־ארבעטער האָט זיך קיינמאָל נישט געענדיקט. דער „יודן־ראט" האָט איינגעזען, אז די רעגיסטראציע איז א גוטער קוואל פון הכנסה און עס זענען שטענדיק געווען פרישע בעלנים אויף שאפ־שטעלעס.

ענדלעך זענען די אָרגאניזאטאָרן צוגעטרעטן איינצואָרדענען דעם שאפ. געוועזענע אייגנטימער פון פאבריקן זענען באשטימט געוואָרן אלס דירעקטאָרן פון שאפ. אָנגעזעענע אינזשיניערן זענען געוואָרן לייטער פון די איינצלנע ווערקשטאטן. פאר די ביוראָס און מאגאזינען זענען באשטימט געוואָרן האנדלס־אינזשיניערן, געוועזענע גרויסע אונטערנעמער און גרויסע סוחרים. כדי צו באקומען די דאָזיקע העכסטע אמטן אין שאפ, האָבן אויך די דאָזיקע מענטשן באצאָלט גרויסע סומעס.

די ערשטע טעטיקייט פון דעם ניי־אָרגאניזירטן שאפ איז באשטאַנען אין צונעמען די מאשינען ביי די האנטווערקער. די קלענערע באאמטע פון שאפ זענען ארומגעפאָרן מיט פערד און וואָגן פון איין בעל מלאכה צום אנדערן און הויפטזאכלעך פון איין שניידער צום אנדערן, כדי צוצונעמען די מאשינען. עס האָבן זיך דערביי אָפגעשפילט שרעקלעכע סצענעס: עס זענען פאָרגעקומען געשלעגן צווישן די באאמטע און די בעלי מלאכות. די מאשין ביים שניידער איז דאָך געווען זיין פרנסה־קוואל. ער האָט זיך אין פארלויף פון זיין גאנץ לעבן מיט איר איינגעלעבט ווי מיט זיין רעכטער האנט, ער האָט זיך נישט געקאָנט שיידן מיט איר. ער האָט געוווּסט, אז דאָס זיין „געדעקט" וועט אים נאָך קיין פרנסה נישט געבן. אויב ער וועט א גאנצן טאָג ארבעטן אין שאפ פאר א ביסל זופ פון דער קיך, וועט זיין פאמיליע מוזן הונגערן מיט אים צוזאמען.

דער „יודן־ראט" האָט נישט געהאט קיין אנדער אויסוועג. ער האָט זיך נישט געטאָרט שטעלן אויף דער זייט פון די יידן. ער האָט דאָך עקזיסטירט, כדי אויסצופירן די דייטשע באפעלן, און די דייטשע באפעלן האָבן געצילט צו רואינירן דאָס יידישע לעבן ביזן גרונט. דער שניידער, ביי וועלכן מען האָט צוגענומען די מאשין, איז געווען טאָפלט פארביטערט, וואָס דווקא א ייד נעמט זי ביי אים צו. אזוי איז געווען אין ענלעכע פאלן. עס האָט ביי יידן ארויסגערופן א באזונדערן ווייטיק דער פאקט, וואָס יידישע באאמטע נעמען צו ביי זיי דאָס לעצטע אויפן באפעל פון די דייטשן. דער

זוייטיק איז געווען א סך גרעסער, ווי ווען דאָס וואָלט געטון געוואָרן דורך די דייטשן אליין. דער דייטש, האָט מען געוווּסט, איז אונדזער שונא, אָבער א ייד זאָל שאַרן דאָס פייער מיט זיינע הענט פאַר די דייטשן! אָבער אין דעם אייגנטלעך האָט טאַקע געשטעקט די ראַפינירטע נידערטרעכטיקייט צו אָרגאַניזירן די זאַכן אזוי, אז איין ייד זאָל ביים אנדערן צונעמען דאָס לעצטע און ברענגען עס צום שונא.

די יידישע פּאָליציאַנטן האָבן דורך זייערע גומענע שטעקעלעך זיך אָן עצה געגעבן מיט די האַרטנעקיקע האַנטווערקער, זיי האָבן צוגענומען די מאַשינען און צוגעשטעלט אין שאָפּ.

דער קירזשנער־ ווערקשטאַט אויף דער ארישער זייט, וועלכער האָט איבערגעארבעט יידישע פּעלצן פאַר דעם מיליטער, איז אויך געוואָרן אי־בערגעטראָגן אין שאָפּ. עס זענען דאָרט געוואָרן איינגעאָרדנט אנדערע ווערקשטאַטן פאַר שלאָסער, טישלער א. א. וו. אין מיטן זומער 1942 האָט דער שאָפּ אָנגעהויבן צו ארבעטן.

דאָס רוב מענטשן, וואָס האָבן באַצאָלט גרויסע סומעס פאַר אריינ־באַקומען זיך אין שאָפּ, זענען גאָר קיין בעלי מלאכות נישט געווען, אזוי אז די ווערקשטאַטן וואָלטן מיט זיי אליין נישט געקאָנט עקזיסטירן, דערי־בער האָט מען אויפגעפּאָדערט די האַנטווערקער, ביי וועלכע מען האָט אויף כוח צוגענומען די מאַשינען, זיי זאָלן קומען אין שאָפּ ארבעטן. מען האָט זיי פּשוט געצוווּנגען צו ארבעטן. ארום יעדן בעל מלאכה האָט מען ארומגעשטעלט א צאָל נישט ארבעטנדיקע מענטשן, אָבער נישט געקוקט אויף דעם, האָט מען דאָך נישט געקאָנט באַשעפטיקן די טויזנטער מענטשן, ביי וועלכע דער „יודן־ראַט" האָט גענומען געלט. עס האָט זיך אָנגעהויבן א סיסטעם פון פּראָטעקציע: פרויען פון „יודן־ראַט"־מיטגלידער און אנ־דערע פּריווילעגירטע זענען געזעסן אין שאָפּ ביי א טיש און כלומרשט עפּעס דערלאַנגט דעם שניידער צו דער האַנט, דאַקעגן ווירקלעכע ארבעטער־פרויען זענען מיט די קוויטונגען אויף די איינגעצאָלטע סומעס געבליבן מחוץ דעם שאָפּ. דער „יודן־ראַט" האָט געוווּסט אויך זיי צו באַרואיקן מיט דער דערקלערונג, אז עס געניגט שוין, ווען מען האָט א קוויטונג אויף דער איינ־געצאָלטער סומע און עס איז נישט נויטיק דווקא צו ארבעטן אין שאָפּ.

א סך דייטשע באאמטע האָבן אָפּט באזוכט די „געמיינשאפטס־ווערקע" און זיך צוגעקוקט צו דער אָרגאניזאציע, צו די מענטשן און דער ארבעט. זיי האָבן זיך געלאָזט געבן דערקלערונגען פון די שאָפּ־אָנפירער, וועלכע האָבן זיך באמיט אלדינג פאַרצושטעלן ווי אמבעסטן. די דייטשן האָבן צו אלעם צוגעווינקען גוט... גוט... די באשעפטיקטע אין שאָפּ זענען געווען צופרידן, וואָס די דייטשן האָבן זיך איבערצייגט אין זייער נוצלעכקייט, דאקעגן די, וואָס זענען געבליבן מחוץ דעם שאָפּ, האָבן מקנא געווען יענע, וואָס זענען „געדעקט".

דאָס אָנווענדן אלע מיטלען, כדי צו זיין „געדעקט" האָט אָנגענומען א פּאַנישן כאראקטער, בעת עס זענען צו אונדז דערגאנגען ידיעות פון אנדערע שטעט וועגן דער עקזיסטענץ פון א „יודן אויסראָטונג קאָמאנדאָ", וואָס האָט די אויפגאבע אוועקצושיקן אין אויסראָטונג־לאגערן די אלע יידן, וואָס האָבן נישט קיין באשעפטיקונג.

דער יידישער ארבעט־אמט איז געוואָרן באלאגערט פון מענער און פרויען. יעדער האָט געוואָלט באקומען ארבעט. דער ארבעט־אמט האָט אָבער נישט געהאט ווו צו באשעפטיקן אזויפיל מענטשן. עס האָט זיך אָנגעהויבן א מסחר מיט ארבעט־שטעלעס, וואָס האָבן געהייסן „פּלאצוווקעס". פאר א „פּלאצוווקע" האָט מען אָנגעהויבן צאָלן גאָר גרויסע סומעס און עס איז דערגאנגען דערצו, אז מען האָט ארויסגעשטופּט מענטשן פון זייערע ארבעט־פּלעצער, פאר וועלכע זיי האָבן שוין געהאט באצאָלט. עס זענען פאָרגעקומען גרויסע סקאנדאלן אויפן באָדן פון פארכאַפּן ארבעט־פּלעצער. עס האָט אלעמען באהערשט איין פּאַנישער פארלאנג: „מען מוז זיין געדעקט!" האָט מען געצאָלט גרויסע סומעס פאר א „פּלאצוווקע" אין די אמוניציע־פאבריקן אָדער פאר א שטעלע אלס באאמטער אין „יודן־ראט". די בריגאדירען פון יידישן ארבעט־אמט האָבן פארקויפט „פּלאצוווקעס" און פארדינט דערביי א סך געלט. די פּרייזן פאר „פּלאצוווקעס" זענען כסדר געשטיגן און עס איז דערגאנגען דערצו, אז פאר א „בעזים" האָט מען געצאָלט טויזנטער. „א בעזים" האָט געהייסן די ארבעט פון א גאסן־קערער. יעדן אינדערפרי און אין אָוונט האָבן גרופּעס יידן מיט בעזימער אויף די אָרעמס מארשירט צו די גרויסע שטאָטישע פּלעצער און פאר די רעגירונג־אמטן און דאָרט גערייניקט די גאסן. דאָס איז געווען די לייכטסטע

אבעט און נאָך גרויסע באמיאונגען איז זי געוואָרן צוגעטיילט צו די אינ־טעלעקטואלן. פּראָפעסאָרן, אדוואָקאטן, געוועזענע דירעקטאָרן און אנדערע האָבן מארשירט אין רייען צוויי מאָל א טאָג אונטער דער אָנפירונג פון א בריגאַדיער מיט די בעזימער אויף די אָרעמס. אזוי זענען זיי דורכגעגאנ־גען די שענסטע גאסן פון שטאָט, ביז זיי זענען אָנגעקומען צו זייערע אר־בעט־פּלעצער. דאָרט האָבן זיי גערייניקט און צוזאמענגענומען דאָס מיסט, וואָס מענטשן, פערד, אנדערע בהמות און דייטשן האָבן איבערגעלאָזט נאָך זיך. בעתן דורכמארש איבער די „ארישע״ גאסן האָבן זיי אָפט באַ־געגנט זייערע אמאָליקע פּוילישע פריינט און באקאנטע. טייל פלעגן נאָכ־קוקן מיט מיטגעפיל, אנדערע ווידער פלעגן זיי אויפן קול אויסלאכן מיט חוזק. די „גאסן־קערער״ זענען אָבער געווען צופרידן, וואָס זיי האָבן א באשטעטיקונג פון דער שטאָט־פּארוואלטונג, אז זיי זענען באשעפטיקט און אזוי ארום באשיצט פון אוועקגעשיקט ווערן, ווער ווייסט וווּהין.

די ערשטע זאָרג איז ביי יעדן איינעם געוואָרן „צו זיין געדעקט״ — ד. ה. געשיצט דורך ארייננבאקומען זיך ערגעץ אויף אן ארבעט־פּלאַץ. אז באקאנטע האָבן זיך באגעגנט, איז די ערשטע פראגע געווען, צי איז מען שוין „געדעקט״ און צי מען ארבעט אין א „באטריב A״, ד. ה. אן אונ־טערנעמונג, וואָס פירט אויס ארבעט דירעקט פאר מלחמה־צוועקן, וואָס דאָס איז באטראכט געוואָרן פאר דעם זיכערסטן שוצמיטל קעגן „אויס־זידלונג״.

ווען איך האָב זיך דערוווּסט, אז די „אויסזידלונג״ איז חל קודם כל אויף עלטערע מענטשן און קינדער, האָב איך שטארק מורא געקריגן פאר דעם גורל פון מיינע עלטערן און האָב אָנגעהויבן זוכן עצות זיי צו ראַ־טעווען. אזוי ווי מיין פרוי האָט זיך גערעכנט פאר דער בעסטער מאָדיסטין אין שטאָט און געארבעט היטן פאר דייטשע פרויען, האָט זי דערקלערט אירע קליענטקעס, אז מען קאָן נישט באקומען קיין הוט־שטאָפן אין די קאָלירן, וועלכע זיי פארלאנגען. עס איז אָבער פאראן דערצו אן עצה: ביי אונדז אין שטאָט געפינט זיך אן עלטערער מענטש, וועלכער איז א גוטער פארבער, און אויב זי זאָל קענען באקומען דעם דאָזיקן מענטש פאר אן אָנגעשטעלטן ביי זיך, וועט מעגלעך זיין צו האָבן היטן־שטאָף אין אלע קאָלירן. צוליב זיין הויכער עלטער — איין און זיבעציק יאָר — איז זייער

שוועך געווען אויסצופּועלן פאר מיין פאָטער אן ארבעט־פּלאַץ, אָבער דאָך איז נאָך לאנגע באמיאונגען געלונגען צו באקומען די דערלויבעניש אים איינצואָרדענען ווי אן אָנגעשטעלטן ביי מיין פרוי אלס פארבער פון הוט־שטאָפן. פאר מיין מוטער האָב איך שוין אזא שטעלע נישט געקאָנט באקו־מען, ווייל א פרוי פון פיר און זיבעציק יאָר קאָן נישט זיין באשעפטיקט אין א מאָדע־סאלאָן, איך האָב דעריבער איר און אויך מיינעם א ברודער פארשאפט שטעלעס ביי אן אדמיניסטראטאָר פון יידישע הייזער. דער ברודער איז געוואָרן אן אינקאסענט און די מאמע א וועכטערין. אלע מיינע באקאנטע האָבן מיך מקנא געווען, וואָס מיר איז געלונגען מיין פאמיליע צו „דעקן".

## XXVII

# פארשארפטער טעראָר

עס האָבן זיך באוויזן סימנים פון פארשארפטן טעראָר לגבי דער יידישער באפעלקערונג:

א געשטאפּאָ־מאן האָט איינמאָל פארהאלטן א יידישן יונגנמאן מחוץ דעם געטאָ, אים ארייגעפירט אין א הויף און דאָרט אין א ווינקל דער־שאָסן. אין צוויי שעה ארום האָט די יידישע פּאָליציי באקומען א טעלע־פאָנישע מעלדונג, מען זאָל קומען מיט פערד און וואָגן און אוועקנעמען „דאָס דרעק" (עס הייסט דעם יונגנמאן), וואָס געפינט זיך אויפן אָנגעווי־זענעם אדרעס.

עטלעכע טעג שפּעטער זענען אין געטאָ פארהאלטן געוואָרן צוויי יונגעלייט נאָך אכט א זייגער אין אָוונט דורך געשטאפּאָ־לייט אין א דורכ־פאָרנדיקן אויטאָ. די יידישע יונגעלייט האָבן זיך אויסלעגיטימירט מיט נאכט־פּאסירשיינען, וועלכע די געשטאפּאָ־לייט האָבן ביי זיי צוגענומען און באפוילן זיך ארייינצוזעצן אין אויטאָ. זיי האָבן די יונגעלייט אוועקגע־פירט אויפן בית עולם, דאָרט ביי זיי צוגענומען אלץ, וואָס זיי האָבן געהאט ביי זיך און דערשאָסן.

ווידער אין עטלעכע טעג ארום איז פאָרגעקומען א פאל, וואָס האָט געלאָזט דערקענען דעם נייעם פארשארפטן קורס:

דער יידישער ד״ר וואָלבערג, אָנפירער פון סאניטאר־וועזן אין געטאָ, איז גערופן געוואָרן אין דער שטאָט־הויפּטמאנשאפט. מוזנדיק א לאנגע צייט ווארטן אין קאָרידאָר, האָט דער ד״ר גענומען לייענען א דייטשע ציימונג. מיטאמאָל איז פארבייגעגאנגען דער פארטרעטער פון שטאָט־הויפּטמאן, מיט וועלכן דער דאָקטאָר איז געווען גוט באקאנט, און מיט רוגזה ארויסגעריסן די ציימונג. דער דייטש האָט נאָך דעם דאָקטאָר דער־לאנגט עטלעכע פּעטש און געזאָגט, אז א ייד דארף נישט לייענען קיין ציימונג און דערצו נאָך א דייטשע.

דער „יודן־ראט״ האָט באקומען א באפעל פון דער מאכט, אז אין משך פון צוויי טעג זאָל ער זיך ארויסציען פון הויז אויף אלעע נומער 11 און איינאָרדענען זיינע ביוראָס אויף דער גארנצארסקע גאס אין הויז, ווו עס האָט זיך צענדליקער יאָרן געפונען די יידישע האנטווערקער־שול, פון וועלכער עס זענען ארויסגעפירט געוואָרן אלע מאשינען מיט אלע מכשירים פון דער שלאָסער, טישלער און עלעקטריציטעט־אָפּטיילונגען און אוועק־געגעבן געוואָרן דער פּוילישער האנטווערקער־שולע. דער „יודן־ראט״ האָט געמאכט אלע אָנשטרענגונגען אויסצופירן דעם באפעל אין באשטימטן טערמין און איבערגעגעבן דאָס הויז צו דער מאכט. מיט צוויי טעג שפּע־טער איז אויפן באקאנטן אופן געמאכט געוואָרן „יודן־ריין״ דאָס דערנע־בנדיקע הויז אויף אלעע נומער 9. די איינוווינער פון דער ערשטער אלעע האָבן מורא געהאט, אז אלע הייזער פון דער דאָזיקער גאס וועלן געמאכט ווערן „יודן־ריין״ און זיי האָבן אָנגעהויבן ארויסצוטראָגן פון די וווינונגען, וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט, צו באקאנטע אין די ווייטערע געטאָ־גאסן. אנדערע ווידער האָבן אוועקגעטראָגן צו באקאנטע פּאָליאקן סחורות און ווערט־זאכן צו באהאלטן. יעדן טאָג האָט מען זיך געריכט, אז זשאנדארמען וועלן קומען און ארויסטרייבן פון די וווינונגען, אזוי האָט מען געלעבט אין שרעק און אומזיכערקייט.

די פּאניק איז געוואָרן נאָך גרעסער, ווען עס זענען אָנגעקומען סוף אויגוסט שרעקלעכע ידיעות פון ווארשעווער געטאָ. עס האָבן זיך פארשפּרייט קלאנגען, אז די „יודן־אויסראָטונגס־קאָמאנדאָ״ זאָל קומען קיין טשענסטאָ־כאָווע. א סך האָבן אָנגעהויבן איינאָרדענען אין די קעלערס און בוידעמער געהיימע באהעלטענישן.

## שלמה וואגא

* * *

דער „יודן־ראט" האָט באַקומען אַ באַפעל פון שטאָט־הויפּטמאַן איינצוצאָלן אַ קאָנטריבוציע אין דער הויך פון פינף הונדערט און פופציק טויזנט זלאָטים אָן אַ מאָטיוו פאַרוואָס. אויף אַ זיצונג פון „יודן־ראט" איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די סומע דאַרף ווערן איינגעצאָלט, אַזוי ווי אַלע פריערדיקע קאָנטריבוציעס. אייניקע האָבן אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז אויב עס וועט זיך איינגעבן די סומע שנעל איינצוצאָלן, וועט דאָס אָפּראַטעווען די יידישע באַפעלקערונג פון דער סכנה, וואָס דערנענטערט זיך צו אונדז. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט די פראַגע: פונוואַנען נעמען אַזויפיל געלט אויף דער גיך? באַשטייערן אַ גרויסע צאָל מענטשן וועט דויערן לאַנג. עס איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן אויפצופאָדערן די מער פאַרמעגלעכע יידן, זיי זאָלן באַלד אויסבאָרגן דעם „יודן־ראט" די דאָזיקע סומע און נאָכן איינקאַסירן פון דער באַפעלקערונג, וועט מען זיי צוריקגעבן 70 פּראָצענט פון דעם אויסגעבאָרגטן געלט.

די פאַרמעגלעכע יידן פון געטאָ זענען גערופן געוואָרן אין „יודן־ראט", וווּ דער פּרעזעס האָט זיי געשילדערט די נאָענטע געפאַר, וואָס דראָט אַלע יידן, אויב די סומע וועט נישט איינגעצאָלט ווערן אין געהעריקן טערמין. דער גרעסטער טייל פון די פאַרזאַמלטע האָט באַלד געגעבן געהעריקע סומעס און די איבעריקע האָבן איינגעצאָלט צומאָרגנס. יענע ווידער, וואָס האָבן נישט דערפילט די פאָדערונג פון „יודן־ראט", זענען דורך דער פּאָליציי איינגעזעצט געוואָרן אין קעלער, ביז זיי האָבן איינגעצאָלט די באַשטימטע סומעס.

דאָס געלט איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם שטאָט־הויפּטמאַן. עס ווייזט אויס, אַז דער פּרעזעס האָט געמוזט באַקומען קאָמפּלימענטן פון שטאָט־הויפּטמאַן, ווייל פון יענעם טאָג אָן האָט דער „יודן־ראט" פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ביי אונדז וועט נישט געשען דאָס וואָס אין וואַרשע, ווייל מיר דערפילן די פאָדערונגען פון דער מאַכט; אַז ווען די „יודן־אויסראָטונגס־קאָמאַנדאָ" וועט קומען צו אונדז, וועט די דייטשע מאַכט אין טשענסטאָכאָוו אויפווייזן, אַז די טשענסטאָכאָווער יידן אַרבעטן און דערפילן אַלע זייערע פליכטן לגבי דער מאַכט און אַזוי אַרום וועט די יידישע באַפעלקערונג געראַטעוועט ווערן.

דער „יודן־ראט" האָט פונאנדערגעשיקט אויפפאָדערונגען צו אַלע, וועלכע מען האָט חושד געווען, אז זיי פארמאָגן נאָך עפּעס. עס איז געשאפן געוואָרן א ספּעציעלע קאָמיסיע, וואָס האָט באשטימט די סומעס, וואָס יע־דער דארף איינצאָלן. דער גרעסטער טייל האָט איינגעצאָלט און די הארט־נעקיקע זענען ווידער געצוווּנגען געוואָרן דורך פּאָליציי. אָבער דער געלט־באדארף פון „יודן־ראט" איז געווען אזוי גרויס, אז דאָס פריש־איינקאַ־סירטע געלט איז צעשוווּמען געוואָרן אונטער די הענט און די עטלעכע צענדליק רייכערע מענטשן האָבן זייער אויסגעבאָרגט געלט שוין מער נישט צוריק געזען.

* * *

א היגער, אין שטאָט גוט באקאנטער ייד האָט באקומען דורך א פּארטרוילעכער געלעגנהייט א בריוו פון זיין טאָכטער פון בערלין. זי האָט מיט יאָרן צוריק חתונה געהאט מיט א דייטש, וועלכער איז א וויכטיקע פיגור אין דייטשלאנד. איר איז געלונגען צו פארבלייבן ביי איר מאן. זי שרייבט צו אירע עלטערן, וועלכע זענען ביי איר תמיד געווען דאָס טייער־סטע אויף דער וועלט, אז זי ווייסט באשטימט פון זיכערע דייטשע קוועלן וועגן דער אויסראָטונג פון די יידן אין די לענדער, וועלכע די דייטשן האָבן אָקופּירט. זי גיט דעריבער די עלטערן אן עצה, זיי זאָלן באגיין זעלבסט־מאָרד. זי ווייזט זיי אָן פארשידענע כעמישע מיטלען צום סמען זיך, וועל־כע פארשאפן נישט קיין שמערצן. זי שרייבט, די עלטערן זאָלן דאָס טוען וואָס פריער, ווייל די צייט איז קורץ.

אויב עס וועט איר און איר זון היינריך באשערט זיין לעבן צו בלייבן, ווייל זי קענען אמאָל קומען אויף זייער קבר. בלויז אויב זיי וועלן באגיין זעלבסטמאָרד, וועט זי קענען געפינען זייער קבר, און אויב זיי וועלן דאָס נישט טוען, נאָר ווארטן אויף דער אלגעמיינער אויסראָטונג, וועלן זיי מוזן זייער פיל ליידן. אויב אָבער זי און איר זון וועלן די שרעקלעכע צייטן נישט איבערלעבן, און דאָס איז גאנץ מעגלעך, אויב מען וועט זיך דערוויסן, אז זי איז א יידישע, וועט דאָס איר מאן טוען און וועט אויך שרייבן צו איר שוועסטער ליזא אין פּאַלעסטינע, זי זאָל וויסן, ווו אירע עלטערן נאָכן טויט צו געפינען. זי געזעגנט זיך אין בריוו מיט די עלטערן מיט רירנדיקע ווערטער. אויך איר זון געזעגנט זיך מיט זיין זיידע־באָבע

אויף א הארציקן אופן. אויך איר מאן שרייבט א ווארעמען בריוו צו די שווינגער־עלטערן און פארזיכערט זיי, אז ער טוט אלץ וואָס איז מעגלעך צו דערהאלטן ביים לעבן זיין געליבטע פרוי און איינציקן זון.

דאָס פּאַפּיר, אויף וועלכן די אויסטערלישע און טראגישע ווערטער זענען געשריבן געוואָרן פון דער טאָכטער צו אירע עלטערן, איז ערטער־ווייז געוועזן אויסגעבויגן, ווי אויפגעלאָפן. דאָס פּאַפּיר איז נאָס געוואָרן פון דער טאָכטערס טרערן, בעת זי האָט געשריבן דעם בריוו און שפּעטער האָט זיך דאָס פּאַפּיר אויסגעטרוקנט. זי האָט געשריבן, אז זי וואָלט גערן געוואָלט די טרערן איבערשיקן נאָסערהייט און הייסע גלייך פון אירע אויגן ארויס, אָבער זי בעט זיי צוצונעמען פון דעם צעקנייטשטן פּאַפּיר אראָפּ, אזוי ווי זי פלעגט אמאָל שיקן אין די בריוו צו די עלטערן פאַר־טרוקנטע בלומען.

דער אינהאלט פון דעם דאָזיקן בריוו האָט געשוועבט איבערן געטאָ ווי א געשפּענסט. ער האָט אָנגעוואָרפן אן אימה אויף אלע, וואָס האָבן פון אים געהערט אָדער אים געלייענט. מען האָט זיך אָפּגעגעבן א רעכע־נונג פון דער לאגע, אויב א טאָכטער פועלט ביי זיך צו געבן אזא עצה אירע עלטערן. דער בריוו האָט ביי די מענטשן פארגרעסערט די שרעק און פארשטארקט די פּאניק.

* * *

יום כפּור אינדערפרי, דעם 21סטן סעפּטעמבער פון 1942, האָבן די גאסן פון געטאָ אויסגעזען ווי יעדן געווענלעכן טאָג. די ארבעטער־גרופּעס זענען געגאנגען צו זייערע ארבעט־פּלעצער, די יידישע פרויען זענען נישט געגאנגען דאווענען, נאָר געוואשן די דילן, פענצטער און טירן אין די פאַר־שידענע דייטשע ביוראָס, די לערער, אדוואָקאטן און אלע אנדערע אינטע־לעקטואלן האָבן מארשירט אין רייען מיט בעזימער אויף די אקסלען צו זייערע ארבעט־פּלעצער. אלע אנדערע יידן, וואָס האָבן נאָר געהאט ווו צו ארבעטן, זענען מיט גיכע טריט דורכגעלאָפן די גאסן, אויסקלאפנדיק דעם שקלאפן־טאקט מיט זייערע הילצערנע שיך.

בלויז דאָ און דאָרט האָט מען געזען געשטאלטן זיך שארן ביי די ווענט, ווי היטנדיק זיך צופיל באמערקט צו ווערן. דאָס זענען עלטערע

# BEKANNTMACHUNG

**Betrifft:**
Beherbergung von geflüchteten Juden.

Es besteht Anlass zu folgendem Hinweis: Gemäss der 3. Verordnung über Aufenthaltsbeschränkungen im Generalgouvernement vom 15.10.1941 (VO. Bl. GG. S. 595) unterliegen Juden, die den jüdischen Wohnbezirk unbefugt verlassen, der Todesstrafe.

Gemäss der gleichen Vorschrift unterliegen Personen, die solchen Juden wissentlich Unterschlupf gewähren, Beköstigung verabfolgen oder Nahrungsmittel verkaufen, ebenfalls der Todesstrafe.

Die nichtjüdische Bevölkerung wird daher dringend gewarnt:

1.) Juden Unterschlupf zu gewähren,

2.) Juden Beköstigung zu verabfolgen,

3.) Juden Nahrungsmittel zu verkaufen.

Tschenstochau, den 24. 9. 42.

# OGŁOSZENIE

**Dotyczy:**
przetrzymywania ukrywających się żydów.

Zachodzi potrzeba przypomnienia, że stosownie do § 3 Rozporządzenia o ograniczeniach pobytu w Gen. Gub. z dnia 15. X. 1941 roku (Dz. Rozp. dla GG. str. 595) żydzi, opuszczający dzielnicę żydowską bez zezwolenia, podlegają karze śmierci.

Według tego rozporządzenia, osobom, które takim żydom świadomie udzielają przytułku, dostarczają im jedzenia lub sprzedają artykuły żywnościowe, grozi również kara śmierci.

Niniejszym ostrzega się stanowczo ludność nieżydowską przed:

1.) udzielaniem żydom przytułku,

2.) dostarczaniem im jedzenia,

3.) sprzedawaniem im artykułów żywnościowych.

Częstochowa, dnia 24. 9. 42.

**Der Stadthauptmann**
**Dr. Franke**

מעלדונג וועגן טויט־שטראַף פאַר יידן פאַר פאַרלאָזן דאָס געטאָ

מענטשן נעגאַנגען אין די שולן אריין, כדי דאָרט צו פאַרבלייבן א גאַנצן טאָג ביים דאַווענען.

אין די ביוראָס פון „יודן־ראַט" זענען די באַאַמטע געזעסן אָן אַר־בעט, עס זענען היינט נישט געקומען קיין אינטערעסאַנטן. איינער א באַ־אַמטער האָט פאַרפירט א שמועס מיטן דייטשן שעף הער פרענצעל. ער האָט אים דערציילט וועגן דער מורא, וואָס הערשט ביי יידן, אז עס וועט פאָרקומען אן „אויסזידלונג". פרענצעל האָט זיך אָנגעבייזערט און געזאָגט, „איר זייט אַלע פערריקט געוואָרן, עס קאָמט ניכטס פאָר". אויף דער ביטע פון באַאַמטן האָט פרענצעל טעלעפאָנירט אויף עטלעכע ערטער און פאַר־זיכערט, אז עס וועט גאָרנישט פאָרקומען, וואָרום פונוואַנען וועט ער נע־מען די טויזנטער מענטשן, וואָס ער דאַרף האָבן צו דער אַרבעט?

אָבער דאָך האָט געהערשט אין געטאָ א פּחד־שטימונג. טייל האָבן געוווּסט צו דערציילן, אז צומאָרגנס, דעם 22סטן סעפּטעמבער, וועט דאָ אין טשענסטאָכאָוו פאָרקומען די „יודן אויסזידלונג". פון דער „אַרישער" זייט איז אָנגעקומען א ידיעה, אז עס געפינען זיך שוין אין שטאָט לאַטישן און אוקראַינער, וועלכע האָבן זיך ערגעץ באַרימט, אז זיי זענען אַהער־געקומען א סוף מאַכן מיט די יידן. א פּוילישע פרוי, אן אייגנטימערין פון א רעסטאָראַן, האָט דערציילט, אז ביי איר אין רעסטאָראַן ווערן באַשפּייזט אוקראַינער און לאַטישן, וועלכע זענען מיט א טאָג פריער געקומען פון וואַרשע. זיי האָבן איר געזאָגט, אז זיי זענען דאָרט געווען צוויי חדשים אין געטאָ און ליקווידירט די יידן. איצט וועלן זיי דאָס זעלבע טון מיט די טשענסטאָכאָווער יידן.

די ידיעה האָט זיך ווי א שטורעם־ווינט דורכגעטראָגן איבערן געטאָ און די אימה איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט.

אויף דעם גרויסן פּלאַץ ביי דער גרענעץ פון געטאָ האָט מען געזען פאַרזאַמלט אַלע באַקאַנטע אונטער־אָפיצירן פון דער זשאַנדאַרמעריע, וואָס האָבן פאַר זייער רשעות באַקומען פון די יידישע הענדלער צונעמען: „דער ווייסער קאָפּ", „דאָס פעסעלע", „דער מערדער", „דער גאָרגל" און נאָך אַנדערע, זיי שטייען דאָרט מיט זייערע וועלאָסיפּעדן און האַלטן אָפּ א באַראַטונג. זיי רעדן און רעדן. עס דויערט א שעה, איינער פאָרט אַוועק און קומט דערנאָך צוריק מיט נאָך איינעם. דערנאָך פאָרט ווידער איינער

אוועק און קומט צוריק. זיי פירן דעם שמועס צווישן זיך שטיל, זיי ווייזן מיט די הענט דאָ אויף איין גאס, דאָ אויף א צווייטער, עס מאכט דעם איינדרוק, אז עס ווערט דאָ עפּעס געפּלאַנעוועט. איין ייד ווייזט דאָס א צווייטן און די פּאניק וואקסט.

אין די שפּעטע נאָכמיטאָג־שעהען איז פארשפּרייט געוואָרן א באַ־רואיקנדיקע ידיעה פון „יודן־ראט"־פּרעזעס, אז ער האָט באקומען פון דער מאכט א מעלדונג, ער זאָל בארואיקן די יידן, אז עס וועט גאָרנישט פּאָרקומען און אז אלע רעדערייען זענען גרונטלאָז.

אין האנטווערקער־הויז איז געקומען דער אדוואָקאט פּאָהאָרילע, דער אָרגאניזאציע־שעף פון „יודן־ראט", אן עלטערער מיושבדיקער מענטש, און האָט פארזיכערט, אז ער ווייסט פון זיכערע קוועלן, אז עס איז נישטאָ פאר וואָס זיך צו שרעקן — עס וועט מאָרגן און נישט נאָר מאָרגן, נאָר עס וועט בכלל גאָרנישט געשען.

אין דער זעלבער צייט איז אן אָפיציר פון דער זשאנדארמעריע מיט זיין פרוי געקומען צו א האנטווערקער און באשטעלט פאר זיך זאכן, וואָס דאָס אויסארבעטן זיי האָט געמוזט דויערן צוויי וואָכן. דער האנטווערקער האָט געמאכט א שטילע באמערקונג, אז לויט ווי מען שמועסט, זאָל מאָרגן פּאָרקומען עפּעס אזעלכעס, וואָס מאכט אומזיכער די אויספירונג פון דער באשטעלונג. דער אָפיציר האָט זיך אויסגעלאכט דערפון און פארזיכערט, אז ביי אונדז אין שטאָט וועט גאָרנישט פּאסירן. אויב ער גיט ארבעט אויף אזא טערמין, איז דאָך זיכער, אז עס וועט גאָרנישט געשען.

די גוטע ידיעות האָבן זיך באלד בליץ־שנעל צעשפּרייט איבערן געטאָ. ביי מענטשן איז ווידער אראָפּ די שרעק פון די פּנימער און מען האָט ווידער לייכטער אָפּגעאָטעמט.

## XXVIII

## די „אקציע" פון 22סטן סעפּטעמבער 1942

די פארזיכערונגען פון „יודן־ראט", פון דער מאכט און פון אלע אנדערע קוועלן האָבן דאָך נישט געקאָנט בארואיקן אלע יידן. צו בולט זענען געווען די שלעכטע סימנים, וואָס האָבן אָנגעזאָגט דאָס פּאַרקערטע.

א סך מענטשן זענען דעריבער די נאכט פון מוצאי יום כפור נישט גע־שלאָפן, נאָר געוואכט אין זייערע וווינונגען. די נאכט איז געווען זייער א פינצטערע. ווי שטענדיק זענען די גאסן־לאָמפּן געווען פארלאָשן צוליב „לופט־שוץ”. אָבער די וואכנדיקע מענטשן זענען דערשטוינט געוואָרן, דערזעענדיק פלוצלינג דורך די פענסטער, אז אלע עלעקטרישע לאָמפּן האָבן מיטאמאָל אזוי העל אויפגעלויכטן ווי נאָר אמאָל פאר דער מלחמה. מיט איין מאָל איז די „לופט־שוץ” געוואָרן אומוויכטיק. א מאָנטער פון דעם שטאָטישן עלעקטריציטעט־אנשטאלט איז דורכגעפאָרן די גאסן פון געטאָ און קאָנטראָלירט אלע לייטונגען.

איך בין ארויס אויפן באלקאָן פון מיין וווינונג, פונוואנען מען האָט געקאָנט זען די גאנצע אלעע ביז טיף אין נייעם מארק אריין. איך האָב דערזען אָפּטיילונגען פון א ביז איצט ביי אונדז אומבאקאנטער מי־ליטער־פאָרמאציע. נידעריקע, דיקע פארשוינען, אָנגעטון אין גאָר לאנגע מאנטלען, מיט ביקסן אויף די אָרעמס. חוץ זיי זענען אויך געווען זשאנ־דארמען. זיי האָבן ארייננמארשירט גרופּעסווייז אין געטאָ, זיך אָפּגעשטעלט ביי יעדן הויז־טויער און איבערגעלאָזט איינעם אָדער צוויי פון זייערע לייט און אזוי ארום אויסגעשטעלט א וואך. אונטער מיין באלקאָן, ביי דער גרענעץ פון געטאָ, זענען געבליבן שטיין צוויי זשאנדארמען מיט העלמען אויף די קעפּ, אביסל ווייטער, שוין אויף דער „ארישער” זייט, זענען געשטאנען אנדערע צוויי, אין מיטן דער אלעע האָבן פּאטראָלן פון זשאנדארמען און אוקראינער מארשירט הין און צוריק; אין דער נאכט־שטילקייט האָט מען פון די ווייטערע געטאָ־גאסן געהערט פארשידענע מיליטערישע קאָמאנדעס:

„רעכטס!”, „לינקס!”, „מארשירן!”

פאר אונדזער טויער האָט זיך עמעצער אָפּגעשטעלט און געקלונגען דעם וועכטער, ער זאָל אים עפענען. קיינער פון די איינוווינער איז שוין נישט געשלאָפן. מיר האָבן געוועגדט די בליקן צום טויער, עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז א פּוילישער פּאָליציאנט איז געקומען רופן דעם יידישן הילפס־לייטער פון דער פּאָליציי און עטלעכע פּאָליציאנטן, וועלכע וווינען אין הויז, זיי זאָלן זיך באלד מעלדן אין זייער קאָמיסאריאט. אויף אונדזערע פראגן, וואָס עס איז געשען, האָבן מיר נישט באקומען קיין ענטפער. ער

איז געווען דענערווירט און באַלד אוועק רופן אַנדערע יידישע פּאַליציאַנטן פון אַנדערע הייזער.

אַרום 5 אַזייגער פאַרטאָג האָבן מיר דערהערט שיסערייען און געשרייען פון דייטשן. די שיסערייען און קולות האָבן געדויערט ביז עס איז טאָג געוואָרן, און מיטאַמאָל האָבן מיר דערזען אַ גרויסע מאַסע יידן מיט פּעקלעך אויף די פּלייצעס ווערן געטריבן דורך דייטשן צום פּלאַץ, וווּ די זשאַנדאַרמען האָבן נעכטן אָפּגעהאַלטן זייער באַראַטונג.

אונדז, די איינוווינער פון האַנטווערקער הויז, האָט אַרומגעכאַפּט אַ שרעק. מיר האָבן זיך צוזאַמענגענומען צו עטלעכע פאַמיליעס אין איין וווינונג און פון צייט צו צייט געכאַפּט בגנבה אַ קוק דורכן פענסטער. מיר האָבן געזען ווי געשטאַפּאָ־לייט מיט אָפּצייכענונגען „טאָטענקאָפּ" אויף די היטלען און מונדירן, מיט רעוואָלווערן אין די הענט, טרייבן כסדר נייע מחנות יידן צום פּלאַץ.

די „אַקציע", באַגלייט מיט שיסערייען און קולות, האָט זיך אַזוי געצויגן עטלעכע שעה. מיטאַמאָל האָבן מיר דערזען אַ יידישן פּאָליציאַנט אַריינגיין אין אונדזער הויז. ער האָט דאָ נעכטן איבערגעלאָזט ביי קרובים זיין פרוי. עטלעכע פון אונדז זענען אַראָפּגעלאָפן צו אים אין דער וווינונג, וווּהין ער איז אַריין. מיר האָבן אים דערזען שטיין און וויינען ווי אַ קליין קינד. ער האָט אונדז דערציילט, אַז עס קומען פאָר שוידערלעכע זאַכן אין געטאָ: ווען די יידישע פּאָליציאַנטן זענען פאַרטאָג געקומען אין קאָמיסאַריאַט אַריין, האָבן זיי באַקומען אַ באַפעל פון דעם זשאַנדאַרמעריע־הויפּטמאַן דעגענהאַרדט, וועלכער פירט אָן מיט דער גאַנצער „אַקציע", אַז זיי זאָלן געבן אויספירן די אָנווייזונגען, וואָס זיי וועלן באַקומען. ווער עס וועט זיך נישט צופּאַסן צו דעם באַפעל, וועט אויפן אָרט דערשאָסן ווערן. די ערשטע אויפגאַבע, וואָס די יידישע פּאָליציי האָט באַקומען, איז געווען צו גיין אין אַלע יידישע וווינונגען, אין די גאַסן, וועלכע עס וועט זיי אָנגעוויזן ווערן, און אָנזאָגן אַלע יידן, מענער, פרויען און קינדער, אַז זיי זאָלן גרופּעסווייז אַרויס אין גאַס און גיין אין רייען איינער הינטערן אַנדערן צום נייעם מאַרק. זיי מעגן בלויז מיטנעמען קליינע פּעקלעך. די וווינונגען דאַרפן בלייבן אָפן, מיט די שליסלען אין טיר. ווער עס וועט זיך אויסבאַהאַלטן, וועט דערשאָסן ווערן.

דעם הויפּטמאַנס באַפעל האָט א טרייסל געטון די הערצער פון די יידישע פּאָליציאַנטן און בלייך געמאַכט זייערע פּנימער, זיי האָבן דערפילט די טרויעריקע ראָלע, וואָס זיי דאַרפן אויספירן, אָבער זיי זענען דאָך גע־גאַנגען דערפילן די אויפגאַבע. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז מען האָט זיך נישט אינגאַנצן פאַרלאָזט אויף דער יידישער פּאָליציי; די געטאָ־גאַסן זענען פול געווען מיט זשאַנדאַרמען און געשטאַפּאָ־לייט, וואָס זענען אַריין אין די וווינונגען און אַרויסגעטריבן די מענטשן, געזוכט ביי יעדן אין די טאַשן און געשריגן: גיב געלט, בריליאַנטן! און האָבן צוגענומען יעדע ווערט־זאַך.

די אַלטע און קראַנקע, וואָס האָבן נישט געקאָנט גיין, זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. דאָס זענען עס געווען די שיסערייען, וואָס מיר האָבן געהערט פון פאַרטאָג אָן.

דער פּאָליציאַנט האָט אונדז דערציילט, אַז ער האָט זיין אַלטע מוטער אַרויסגעפירט פון שטוב, ווייל זי האָט געהאַט קראַנקע פיס און נישט גע־קאָנט גיין אַליין. אָבער בעת ער האָט זי געפירט איבער דער גאַס, האָט אים עמעצער אָנגעכאַפּט פון הינטן און א שליידער געטון צו דער ערד. ער האָט זיך שנעל צוריק געשטעלט אויף די פיס און דערזען א מערדער מיט א רעוואָלווער אין האַנט אָנגעשטעלט אויף זיין מאַמען. ער האָט בלויז באַוויזן אויסצושרייען: דאָס איז מיין מוטער! און באַלד האָבן אָפּגע־הילכט דריי שאָסן, זיין מוטער איז אומגעפאַלן און גיך אויסגעהויכט די נשמה. ער האָט זי אַריינגעטראָגן אין א הויף און באַהאַלטן אין א גערטנדל, צודעקנדיק זי מיט צווייגן. דער פּאָליציאַנט האָט זיך ווידער צעוויינט און אוועק.

אַרום דריי אזייגער נאָכמיטאָג זענען אָנגעקומען די יידישע פּאָלי־ציאַנטן, וואָס האָבן געוווינט צוזאַמען מיט אונדז אין דעם האַנטווערקער־הויז. זיי האָבן אויסגעזען מיד און צעבראָכן. נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך אביסל באַרואיקט, האָבן זיי אונדז אָנגעהויבן דערציילן, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין געטאָ.

איינער האָט דערציילט, ווי קליינע, שיינע קינדער פון דריי ביז אכט יאָר, וועלכע זענען מיט א טאָג פריער געהאַט איבערגעגעבן געוואָרן די פּאָליאַקן אויף דער „אַרישער זייט", מחמת מורא פאַר דער „אַקציע", און

פאר וועלכע מען האָט באַצאָלט גרויסע סומעס, אז מען זאָל זיי אויסבאַ־האַלטן, זענען דורך די פּאָליאַקן צוריק ארויסגעטריבן געוואָרן. די קינדער זענען צעשראָקענע און צעטומלטע געלאָפן אין אַלע זייטן, אָבער די דייַ־טשן און אוקראַינער האָבן זיי שוין נישט געלאָזט צוריק אריין אין געטאָ, נאָר געיאָגט אויפן פּלאַץ, ווו עס זענען געווען צונויפגעטריבן מאסן־מענ־טשן. די קינדער האָבן געוויינט און געשריגן, אָבער קיינער האָט זיך אויף זיי נישט אומגעקוקט. די מאַסן פון טויזנטער מענטשן זענען דורך די דייטשע און אוקראַינישע מערדער געיאָגט געוואָרן מיט שטעקנס און רע־וואָלווערן, אזוי אז די קינדער זענען פּשוט צעדריקט און צעטרעטן געוואָרן אונטער די פיס פון די געיאָגטע מענטשן.

די „אקציע" האָט ארומגענומען די גאסן: גאריבאלדי, ווילסאָן, קרוטקע, קאַוויע און א טייל ווארשעווער גאַס. עס איז געווען באשטימט, אז אין דער ערשטער „אקציע" זאָלן צונויפגעזאמלט און ארויסגעשיקט ווערן זיבן טויזנט יידן.

דער הויפּטמאַן דעגענהארדט האָט זיך אוועקגעשטעלט אויפן מארק מיט א שטעקעלע אין האנט ווי א דיריגענט און זיך צוגעקוקט צו די פאַר־בייגייענדיקע מחנות. ווען ער האָט באמערקט א געזונטן יונגנמאַן אָדער א יונגע שיינע פרוי, האָט ער אָנגעוויזן מיטן שטעקעלע און באלד זענען די אָנגעוויזענע ארויסגעצויגן געוואָרן פון דער ריי און געשטעלט געוואָרן אין דער זייט. דאָס האָט באדייט — פארבלייבן. די אָפּגעראַטעוועטע האָבן געמוזט פארלאָזן זייערע נאָענטע. דאָס האָט געמוזט געשען שנעל. קיין געזעגענען זיך אין דאָ נישט פאראן. טרערן רינען איבער די באקן, אויגן קוקן מיט צער, קינדער וויינען, פרויען רייסן זיך אויס די פּנימער, אָבער אַלץ געשעט גיך־גיך, די מערדער היטן די „אָרדענונג", שטויסן און שטופּן און שרייען מיט ווילדע קולות: שנעל, שנעל!

די יידישע דאָקטוירים מיט זייערע פאַמיליעס האָט דער הויפּטמאַן באפוילן אָפּצופירן אין קאראנטין און זיי זאָלן דאָרט פארבלייבן. אויך די פרויען און קינדער פון די יידישע פּאָליציאַנטן האָט ער דאָרט געהייסן אריבערפירן. די נישט חתונה געהאַטע דאָקטוירים און פּאָליציאַנ־טן האָבן אויפגעזוכט זייערע נאָענטע אָדער באקאנטע מיידלעך און זיי אלס

זייערע פרויען אריבערגעפירט אין קאראנטין, אָפּראטעווענדיק זיי אויף דעם אופן פון אוועקגעשיקט צו ווערן.

די גרויסע מענטשן־מאסע איז אָפּגעפירט געוואָרן אויף דער קוילן־באן־סטאציע „ווארטא", דאָרט האָבן שוין אויף זיי געווארט זשאנדאַרמען אין וואגאָנען. עס איז געגעבן געוואָרן א באפעל, אז „אַלע יידן זאָלן אראָפּ־נעמען זייערע שיך פון די פיס און אוועקלייגן אין א זייט". באַלד זענען אָנגעוואקסן בערגער שיך, צונויפגעבונדן די שניר־בענדער פון יעדער פּאָר. נאָכדעם איז באפוילן געוואָרן: „אריין אין די וואגאָנען". עס האָט זיך אָנגעהויבן א שטופעריי, א געדרענג און א בהלה. אין די וואגאָנען איז געווען א גרויסע ענגשאפט, אין יעדן וואגאָן איז אָנגעשטאָפּט געוואָרן צו הונדערט און מער מענטשן. די זשאנדארמען און געשטאפּאָ־לייט האָבן געפּלינדערט אויך אין די וואגאָנען. זיי האָבן באזוכט די בעסער אויסזעענ־דיקע מענטשן און צוגענומען, וואָס זיי האָבן נאָר געפונען.

דער פּרעזעס פון „יודן־ראט" האָט נאָך גרויסע באמיאונגען אויסגעפּועלט, ער זאָל זיין פרוי מעגן אוועקפירן אין דער ביורא פון „יודן־ראט" און אזוי ארום זי אָפּראטעווען. אָבער בעת ער איז געגאנגען זי אהינ־ברענגען, האָט ער זיך פון א יידישן פּאָליציאנט דערוווּסט, אז זי איז שוין פארלאָדנט געוואָרן אין א וואגאָן. ער איז צוגעלאָפן צו א זשאנדארמעריע־אָפיציר, וועלכער האָט אים געקענט, און אים געבעטן, ער זאָל אים העלפן זיין פרוי ארויסבאקומען, פאררופנדיק זיך אויף דער באקומענער דערלויב־בעניש פון הויפּטמאַן דעגענהארדט. דער אָפיציר האָט אים צוגעפירט צו די וואגאָנען און זיין פרוי באפרייט. ווען זי האָט פארלאָזט דעם וואגאָן, האָט איר א געוועזענע שכנה אריינגעוואָרפן אין די הענט א קליין קינד און זי האָט עס מיטגענומען מיט זיך. אַלע האָבן אויסגעשטרעקט די הענט צום פּרעזעס מיט געבעט: — נעמט מיך מיט — איך בין שוואך — מיין הארץ וועט דאָ אין דעם פולגעפּאקטן וואגאָן נישט אויסהאלטן. אָבער די ברייטע וואגאָן־טיר אויף קליינע רעדעלעך איז דורכן זשאנדארם געוואָרן פארריגלט און די געבעטן זענען מיטאמאָל פארשטומט געוואָרן. אויך אַלע אנדערע וואגאָנען זענען פארמאכט געוואָרן און דער צוג האָט גערירט פון אָרט.

די עטלעכע צענדליק מענטשן, וועלכע דער הויפּטמאַן האָט באַפוילן איבערצולאָזן, זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אין שאַפּ.

דאָס עלעקטרישע ליכט, וואָס האָט אַ גאַנצן טאָג געברענט אין אַלע גאַסן לכבוד דעם גרויסן יום טוב פון ארויסטרייבן די יידן — איז אויסגעלאָשן געוואָרן. די פורן מיט די זיבן טויזנט פּאָר שיך זענען אוועקגעפאָרן פון די וואַגאָנען צו די דייטשע מאַגאַזינען און דער הויפּטמאַן דעגענהארדט האָט צו וויסן געטון, אַז די „אַקציע" איז געענדיקט.

* * *

ווען מען האָט זיך דערוווּסט אין געטאָ, אַז די אָפּגעראַטעוועטע מענטשן זענען איבערגעפירט געוואָרן אין די לאָקאַלן פון שאַפּ, האָט יעדער איינער געזוכט אַלע מיטלען זיך אַהין אַריינצובאַקומען.

אין די הייזער פון די גאַסן, וועלכע האָבן זיך געגרענעצט מיט דער קרוטקע גאַס, דאָרט וווּ עס האָט זיך געפונען דער שאַפּ, האָבן יידן דורכגעהאַקט מויערן און איבערגעשניטן די פּלויטן בײַנאַכט אינדערשטיל און געמאַכט אַרויסגענג צו דער קרוטקע גאַס. דאָרט האָבן זיי איבערגעקויפט די פּוילישע פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן באַוואַכט דעם שאַפּ מיט די יידן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען. אויב די פּאָליציאַנטן זענען געווען אָרנטלעכע מענטשן, האָבן זיי פאַר געלט די יידן דאָרט אַריינגעלאָזט, און אויב נישט — האָבן זיי זיי דערשאָסן פאַרן אַריינגאַנג פון שאַפּ. דער וועג צום שאַפּ איז דעריבער געווען פאַרבונדן מיט גרויס ריזיקע.

נאָך דער „אַקציע" זענען די גאַסן אין געטאָ געוואָרן באַוואַכט בייטאָג און בײַנאַכט און די טויערן פון די הייזער זענען געווען אָפּגעשלאָסן. אָפּטמאָל האָבן די יידן הינטער די פאַרשלאָסענע טויערן צוגערופן די פאַרבייגייענדיקע יידישע פּאָליציאַנטן און געבעטן ביי זיי אָפּגעפירט צו ווערן אין שאַפּ, כדי זיך צו ראַטעווען פון אַרויסשיקן, אָבער די פּאָליציי האָט נישט געהאַט קיין רעכט דערצו. חוץ דעם איז אין שאַפּ נישט געווען קיין גרויסע צאָל יידן און ווען מען זאָל געווען אַהינברענגען נייע, וואָלטן דאָס די פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן באַוואַכט דעם שאַפּ, באַלד באַמערקט.

די אָפּגעשלאָסענע מענטשן אין געטאָ האָבן זיך דערוווּסט, אַז אין דייטשן קוואַרטיר־אַמט, דאָרט וווּ עס האָבן זיך געפונען די גרויסע מאַגאַ־

זינען מיט יידיש מעבל, זענען די יידישע ארבעטער אין דעם טאָג פון דער „אקציע" נישט אָפּגעלאָזט געוואָרן אהיים נאָך דער ארבעט. מען האָט די זאך אויסגעטייטשט, אז דאָס האָט דער שעף פון קוואַרטיר־אמט געוואָלט פארהיטן זיינע ארבעטער פון ארויסגעשיקט צו ווערן. מענטשן האָבן דע־ריבער דורך די נעכט דורכגעהאקט מויערן, אריבערגעקראָכן פּלויטן פון גערטנער, כדי זיך דאָרט אהין אריינצובאקומען. די וואָס האָבן זיך נאָך פיל מאטערניש דאָרט אהין אריינבאקומען, האָבן זיך געמוזט אויסבא־האלטן פארן דייטשן שעף. מענער, פרויען און קינדער האָבן זיך געוואל־גערט אויף דער הוילער ערד און אלץ פאר ליב גענומען, כדי זיך צו ראַ־טעווען פון ארויסגעשיקט צו ווערן.

די יידישע פּאָליציאנטן האָבן דערציילט בסוד, אז פרייטיק דעם 25סטן סעפּטעמבער, אין דריי טעג ארום נאָך דער ערשטער „אקציע", וועט פאָרקומען א צווייטע „אקציע", ווען דער צוג, וואָס האָט אוועקגעפירט די יידן, וועט צוריקקומען ליידיק. זיי האָבן אויך איבערגעגעבן, אז קיינער פון די היגע מאכט־פאָרשטייער האָט שוין נישט צו באפעלן איבער די יידן, נאָר בלויז איינער — דער הויפּטמאן דעגענהארדט. דער שטאָט־הויפּטמאן האָט פארלאנגט זיינע יידן צו נייטיקע ארבעט, האָט דער הויפּטמאן נישט דערלויבט. די אמוניציע־פאבריקן האָבן געוואָלט איבערלאָזן זייערע יידישע ארבעטער, האָט דער הויפּטמאן אָפּגעזאָגט. אויך די געשטאַפּאָ באקומט נישט קיין יידן צו דער ארבעט, דער הויפּטמאן איז געוואָרן דער איינציקער האר און באפעלער איבער די יידן.

אויך דאָס האנטווערקער הויז אויף אלעע נומער 14 איז געוואָרן פארמאכט און באוואכט ווי אלע הייזער אין געטאָ. די האנטווערקער אין דעם הויז זענען ארומגעגאנגען צעווייטיקטע איבער דעם גורל פון זייערע נאָענטע אין געטאָ און אויך באזאָרגט איבער דעם אייגענעם גורל. קיינער פון די באקאנטע דייטשן, וועלכע האָבן פריער געטרייסט און פארזיכערט, אז עס וועט גאָרנישט פאסירן, האָבן זיך נאָך דער „אקציע" נישט געוויזן. קיינער פון די קליענטן, דייטשע אָדער פּוילישע זענען אין הויז נישט אריינגעלאָזט געוואָרן, מיר האָבן אָבער געוווּסט, אז זיי זענען צוגעקומען צום הויז און דערקלערט די זשאנדארמען, וואָס זענען געשטאנען אויף דער וואך, אז זיי האָבן ביי די האנטווערקער מאטעריאלן, וועלכע זיי ווילן

אָפּנעמען, איידער מען וועט די יידן אוועקשיקן, מען האָט אָבער קיינעם צו אונדז נישט אריינגעלאָזט, מיר האָבן געזען דורכן פענסטער די קליענטן ארומדרייען זיך פארן הויז.

די נעכט זענען פינסטערע, אָבער דאָס געטאָ ווערט העל באלויכטן. מען הערט שיסערייען, און מיר ווייסן שוין, אז יעדער שאָס באדייט, אז א ייד איז געפאלן ביים וועלן אריבערגיין די גאס, ביים עפענען א טויער, ביי קלעטערן ערגעץ איבער א פּלויט און דאָס גלייכן. אין געטאָ שלאָפט נישט קיינער, קיינער נעמט נישט אראָפּ פון זיך די קליידער צום שלאָפן, עס הייבט אָן אויספּעלן שפּייז, איינער העלפט דעם צווייטן, מען קאָן בכלל נישט עסן פאר עגמת נפש. אזוי דויערט עס ביז פרייטיק דעם 25סטן סעפּטעמבער.

## XXIX

## די צווייטע „אקציע״

א טאָג פאר דער צווייטער „אקציע״ האָבן די יידישע פּאָליציאנטן באקומען א באפעל זיך צו מעלדן צומאָרגנס פיר א זייגער פארטאָג אין יידישן קאָמיסאריאט.

די צווייטע „אקציע״ איז דורכגעפירט געוואָרן פּונקט אזוי, ווי די ערשטע. די יידישע פּאָליציאנטן זענען געגאנגען אין די וווינונגען אָנזאָגן די יידן די בשורה, אז זיי מוזן זיך אנידערשטעלן מיט זייערע פּעקלעך אין די טויערן פון די הייזער. דערנאָך זענען אָנגעקומען זשאנדארמען, אוק־ראינער, פּוילישע פּאָליציאנטן און געטריבן פון די טויערן אויפן מארק ארויס.

פּונקט ווי דאָס ערשטע מאָל זענען עלטערע מענטשן און קראנקע דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט, ווייל זיי האָבן נישט געקאָנט גיין אזוי שנעל, ווי די רוצחים האָבן געוואָלט.

אויפן מארק איז ווידער ווי ביי דער ערשטער „אקציע״ פאָרגעקומען א „סעלעקציע״. דער הויפּטמאן האָט אָנגעוויזן מיטן שטעקעלע אויף קרעפּטיקע מענער און יונגע פרויען, וועלכע ער האָט געהייסן איבערלאָזן, כדי זיי דערנאָך אוועקצופירן צו שקלאַפן־ארבעט. גאנץ אָפט זענען די גע־

זונט אויסזעענדיקע מענער געפרעגט געוואָרן אויף זייער באַרוף. שלאָסער, טישלער, עלעקטריקער זענען שנעל אריבערגעטריבן געוואָרן אויף דער צווייטער זייט צום פארבלייבן. און ווידער האָבן זיך אָפּגעשפּילט טראַגישע סצענעס ביים פונאנדערשיידן נאָענטע.

די קליינע צאָל „אויסגעקליבענע" צו שקלאַפן־ארבעט זענען ווי דאָס פריערדיקע מאָל אָפּגעפירט געוואָרן אין שאַפּ און די טויזנטער פארמשפּטע צום ארויסשיקן זענען געטריבן געוואָרן ווי פי, כדי פארלאָדנט צו ווערן אין די וואַגאָנען.

XXX

## הונגער אין געטאָ

נאָך דער צווייטער „אקציע" זענען אין געטאָ נאָך פארבליבן פינף און צוואַנציק טויזנט יידן, וואָס האָבן געווארט אויף זייער אומבאַשטימטן גורל.

דער הונגער איז געוואָרן שארפער. די אָרימע באַפעלקערונג, וואָס האָט געלעבט פון די טאָג־פארדינסטן און נישט געהאט קיין שום רעזערוון, האָט באַלד אויפן צווייטן טאָג נאָך דער „אקציע" נישט געהאט וואָס צו עסן.

אין טייל הייזער האָט מען צוזאמענגענומען די שפּייז־פּראָדוקטן ביי אלע איינוווינער און געקאָכט אין א בשותפותדיקן קעסל. אין די הייזער, ווו די רייכערע האָבן נישט געוואָלט מסכים זיין צו דער שותפות, זענען זיי געצוווּנגען געוואָרן דורך די אָרימערע.

אין האַנטווערקער־הויז, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט אנדערע געטאָ־הייזער, האָט מען דורך א פענצטער באמערקט, ווי די יידן פון דאָרט ווייזן דורך צייכנס, אז זיי לײדן הונגער. די האנטווערקער האָבן באַלד גענומען אָרגאַניזירן הילף לויט די מעגלעכקייטן.

אויך אין האנטווערקער־הויז איז געווען א דוחק אין שפּייז, מחמת דאָס הויז איז געווען אָפּגעשלאָסן, אָבער אין דעם הויז האָבן געוווינט עטלעכע אָרימע פּוילישע פרויען, וואָס האָבן פארשטאַנען אויסצונוצן די לאַגע און זיי האָבן איינגעקויפט אין דער „ארישער" זייט שפּייז־פּראָדוקטן,

וועלכע זיי האָבן ביסלעכווייז אריינגעבראכט אין הויז און דערנאָך פאַר־קויפט צו הויכע פרייזן. יעדער האנטווערקער האָט ביי די דאָזיקע פרויען געקויפט שפייז און אַ טייל דערפון אריבערגעוואָרפן צום שכנותדיקן הויז, ווו די יידן האָבן געליטן הונגער. די האנטווערקער האָבן אויסגעברייטערט די אונטערשטיצונג און באפוילן, אז די שפייז זאָל פון דעם דערנעבנדיקן הויז אריבערגעוואָרפן ווערן אויך צו די ווייטערע הייזער אין געטאָ.

אויך די יידישע פאָליציאנטן, וואָס האָבן געוווינט אין האנטווער־קער־הויז, האָבן געקויפט ברויט און אנדערע שפייז־פּראָדוקטן און אוועק־געטראָגן אין געטאָ און צו דער קאראנטין אָדער אין שאפ און דאָרט זייערע נאָענטע אָפּגעראטעוועט פון הונגער.

אויך אנדערע יידישע פאָליציאנטן פון געטאָ זענען געקומען אין האנטווערקער־הויז און געקויפט שפייז־פּראָדוקטן און דערנאָך פארקויפט אין געטאָ צו הויכע פרייזן.

די אַלע מיטלען האָבן בלויז ביי יחידים א ביסל געלינדערט די נויט, אָבער נישט ביי די פינף און צוואנציק טויזנט נפשות.

* * *

פונקט ווי נאָך דער ערשטער „אקציע", האָט מען אין געטאָ אויך נאָך נאָך דער צווייטער „אקציע" אָנגעווענדט אַלע מיטלען זיך אריינצובאקומען אין שאפ, כדי אזוי ארום געראטעוועט צו ווערן. דאָס האָט פארשטאנען אויסצונוצן דער הויפטמאן דעגענהארדט, כדי ארויסצופּרעסן פון די יידן אין געטאָ דאָס לעצטע, וואָס זיי האָבן נאָך ערגעץ געהאט באהאלטן. ער האָט צוּוויסן געטון דעם פּרעזעס פון „יודן־ראט", אז אויב עס זענען פאראן אין געטאָ יידן, וואָס פארמאָגן געלט אָדער ווערט־זאכן, קענען זיי פאר זייערע פארמעגנס אָפּגעקויפט ווערן אין שאפ. דער פּרעזעס האָט באַ־קומען פון הויפטמאן די דערלויבעניש צו נעמען פון די יידן ווערט־זאכן, זיי פארנאָטירן און די נעמען פון די געבער. די דאָזיקע נייעס האָט זיך באַלד פארשפּרייט הינטער די פארמאכטע טויערן פון די געטאָ־הייזער און יעדער איינער, וואָס האָט נאָר עפּעס פארמאָגט, איז גרייט געווען אוועקצוגעבן דאָס לעצטע, כדי זיך צו ראטעווען. דער פּרעזעס האָט זיך נאָך גענומען צו הילף דריי פון זיינע פריינט און אַלע האָבן זיי זיך אוועק־

געלאָזט אין געטאָ, יעדער באַזונדער אין באַגלייטונג פון פּוילישע פּאָלי־ציאַנטן. דער הויפּטמאַן האָט געהאַט אויך אין דער יידישער פּאָליציי עטלעכע מענטשן, וועלכע ער האָט איבערגעגעבן די זעלבע אויפגאַבע. די פּאָליציאַנטן האָבן באַזוכט די יידישע הייזער אין געטאָ, אויך די אָרימסטע, און צוגענומען ביי יעדן איינעם, וואָס ער האָט נאָר געהאַט. זיי האָבן אַרויסגעגעבן קוויטירונגען אויף די צוגענומענע זאַכן מיט פאַרזיכערונגען, אַז די מענטשן וועלן אַריבערגעפירט ווערן אין שאָפּ. דער הויפּטמאַן פלעגט צופאָרן מיט זיין אויטאָ צו די געטאָ־הייזער און צונעמען דאָס צו־נויפגעזאַמלטע גאָלד און חפצים.

די געשטאַפּאָ־לייט, הערנדיק אַז יידן גיבן געלט און ווערט־זאַכן, האָבן אויך גענומען מאַכן די זעלבע געשעפטן. אויך זיי האָבן אויסגעפּור־נעוועט עפּעס א פאַרשוין אין דער יידישער פּאָליציי, וועלכער האָט אָנגעפירט דאָס „געשעפט".

שפּעטער ווידער האָבן נאָך יידישע פּאָליציאַנטן זיך גענומען צום זעלבן „געשעפט" און זיך פאַרבונדן מיט זשאַנדאַרמען, מיט וועלכע זיי האָבן די געשעפטן געפירט בשותפות. די יידישע פּאָליציאַנטן האָבן מיט די יידן דורכגעפירט די טראַנזאַקציעס און די זשאַנדאַרמען האָבן געפירט די מענטשן אין שאָפּ אַריין. דאָס פירן פון געטאָ אין שאָפּ אַריין איז גע־ווען פאַרבונדן מיט גרויס ריזיקע; די זשאַנדאַרמען זענען אָפטמאָל פאַר־האַלטן געוואָרן דורך זייערע אונטער אָפיצירן אָדער אָפיצירן. אין אַזעלכע פאַלן האָבן די זשאַנדאַרמען דערקלערט, אַז זיי פירן די יידן אָפּצוּרוּימען טויטע אָדער זיי האָבן אויסגעזוכט אַנדערע תירוצים. עס פלעגט אָבער טרעפן פאַלן, אַז א זשאַנדאַרם האָט געפירט א ייד אָדער צוויי און באַגעגנט אַן אַנדערן זשאַנדאַרם, וועלכער האָט זיך משער געווען וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. ער פלעגט דאַן אַרויסנעמען דעם רעוואָלווער און די יידן דערשיסן אינמיטן גאַס. דער זשאַנדאַרם, וואָס האָט די יידן געפירט, האָט געוועהנלעך נישט געמאַכט דערפון קיין גרויס וועזן. דאָס געלט אָדער טייערע חפצים האָט דער זשאַנדאַרם שוין געהאַט גענומען פאָראויס. העכסטנס האָט ער זיך מיט דעם זשאַנדאַרם, וואָס האָט „זיינע" יידן דערשאָסן, אָפּגערעכנט ביי דער געלעגנהייט, ווען ער האָט געטראָפן יענעם פירן יידן;

ער האָט דעמאָלט „יענעמס" יידן דערשאָסן. דערנאָך האָבן זיי זיך איבער־געבעטן ביי א פּלעשל שנאַפּס און געבליבן פריינט.

אויף דער זעלבער גאַס, וווּ עס האָט זיך געפונען דער שאַפּ, זענען געווען עטלעכע יידישע פאבריקן, אָנגעפירטע דורך „טרויהענדער", וווּ די אייגנטימער זענען געווען באשעפטיקט אלס פאכלייט. א טאָג פאַר דער „אקציע" האָבן זיך דאָרט יידן באהאלטן, האָפנדיק אז די בהלה וועט נישט לאַנג דויערן און זיי וועלן דערנאָך, ווען „עס וועט שטיל ווערן", קענען צוריק ארויס פון דער באהעלטעניש. אין די ערטער, וווּ קיינער האָט נישט געוווּסט וועגן די באהאלטענע, זענען די יידן געווען געשיצט, דאקעגן דאָרט, וווּ דער „טרויהענדער" האָט זיך דערוווּסט, האָט ער געמאָלדן דער זשאנדארמעריע און די יידן זענען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן אָדער אין בעסטן פאַל זענען זיי אָפּגעפירט געוואָרן אויף דער קאטעדראַלנע גאַס, וווּ עס האָט זיך פריער געפונען די יידישע אלגעמיינע קיך פון הילפס־קאָ־מיטעט, און דאָרט ארייגעזעצט געוואָרן אין ארעסט אונטער א שטארקער פּאָליציייאישער וואך ביז דער נאָענטסטער „אקציע", כדי זיי דאן אוועקצו־שיקן.

אין דער מעטאַל־פאבריק פון דער פירמע איצקאָוויטש און גוטער־מאַן איז געווען „טרויהענדער" א פּאָליאַק מיטן נאָמען טישעווסקי, וועל־כער האָט זיך פאָרגעשטעלט אלס געוועזענער פּוילישער סיים־דעפּוטאט. ער האָט געפירט מיט די אייגנטימער גאַנץ גוטע געשעפטן און אויך געווען מיט זיי אין גוטע באציאונגען. ווען ער האָט זיך אָבער דערוווּסט, אז זיי געפינען זיך בעת דער „אקציע" אין דער פאבריק, האָט ער זיי ארויסגע־טריבן פון דאָרט און געוואָרנט זיינע פּוילישע אָנגעשטעלטע און ארבעטער, אז פּאָליאַקן, וועלכע וועלן אויסבאהאלטן יידן, וועלן נאָך דער מלחמה האָבן אויף זיך פאַראַנטוואָרטן פאַר שטערן די לייזונג פון דער יידן־פראגע אין פּוילן.

די אייגנטימער זענען געווען איבערראַשט פון טשישעווסקיס ברוּ־טאַלקייט. דער דאָזיקער פאַרשוין איז דורך די דייטשן געהאט פאַרטריבן געוואָרן פון פּויזן און געקומען קיין טשענסטאָכאָוו אַן אָרימאַן, וואָס האָט נישט געהאט מיט וואָס א טאָג איבערצולעבן. ביי זיי איז ער רייך געוואָרן;

גאַנצע דריי יאָר איז ער געווען דער „בעסטער פריינט" און אַט האָט ער גאָר אַראָפּגענומען די מאַסקע און זיך באַוויזן אין זיין אמתער געשטאַלט.

די אייגנטימער האָבן קוים צייט געהאַט די פאַבריק צו פאַרלאָזן און מיט די ערשטע אַוועקגעשיקטע יידן זענען זיי אריין באָרוויסע אין וואַגאָן, כדי נישט דערשאָסן צו ווערן אינמיטן גאַס.

טשישעווסקי איז אַליין פאַרבליבן אין דער יידישער פאַבריק אַלס אָנפירער, גלייבנדיק אַז ער וועט שוין אַליין קענען פירן די אונטערנעמונג. ער האָט אָבער גאָר גיך באַקומען אַ באַצאָלונג פאַר זיין געמיינהייט: נאָך אַ קורצער צייט אָנפירן מיט דער פאַבריק איז ער אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן קיין אָשוויענטשים.

אויף דער זעלבער גאַס זענען געווען נאָך צוויי יידישע פאַבריקן, די מעטאַל־פאַבריק פון האָראָוויטש און קאָמפּ. און אַ לעפל־פאַבריק פון די ברידער לאַנדוי. אין ביידע פאַבריקן איז געווען „טרויהענדער" אַ דייטש, וועלכער האָט פריער געוווינט אין פוילן. דער דאָזיקער דייטש האָט גראַד מיטגעהאָלפן די יידן זיך אויסצובאַהאַלטן און זיי האָבן בשלום איבער־געלעבט די שווערע טעג פון די „אַקציעס"

## XXXI

# בונקערס

אין געטאָ זענען געווען יידן, וואָס האָבן זיך געמאַכט בונקערס אויף בוידעמער און קעלערס און אויף אַלע מעגלעכע ערטער. פון אַ גרויסער צאָל בונקערס האָבן געוווסט מערערע מענטשן. עס זענען דאָרט געזעסן באַ־האַלטן מענער, פרויען און קינדער צו פינף, צען, צוואַנציק, פופציק און אויך צו הונדערט מענטשן. זיי האָבן זיך פאַרזאָרגט מיט שפּייז־פּראָדוקטן אויף עטלעכע טעג, מיינענדיק אַז די „שלעכטע צייט" וועט גיך אַדורך און זיי וועלן דאַן קענען צוריקגיין אין זייערע וווינונגען. קיינער האָט זיך נישט גערעכנט, אַז נאָכן אַרויסטרייבן די יידן פון זייערע הייזער וועט מען אַוועקשטעלן פּאָליציאַנטן אָדער דייטשן צו היטן די וווינונגען. דער גורל פון די יידן אין די בונקערס איז געווען זייער אַ טרויעריקער. צו די גאַסן,

פון וועלכע מען האָט אַרויסגעטריבן די יידן, האָבן יידישע פּאָליציאַנטן אויך נישט געטאָרט צוקומען, דאָרט זענען נאָר געשטאַנען אוקראַינער און זשאַנדאַרמען און געהיטן די וווינונגען פאַר גנבים און וועמען זיי האָבן דאָרט געטראָפן, איז דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. די יידן האָבן דעריבער נישט געקענט אַרויסגיין פון זייערע באַהעלטענישן. זייער עסנוואַרג האָט זיך אויסגעלאָזט, זיי זענען געווען אָן לופט און די מענטשן האָבן געמוזט גיין נאַקעט, אַזוי היים איז געווען דאָרט אין די לעכער. קליינע קינדער זענען דורך זייערע מאַמעס דערשטיקט געוואָרן, ווייל זייער וויינען האָט געקענט ווערן געפערלעך. אויב די אייגענע מאַמע האָט דאָס נישט געוואָלט טון, האָבן דאָס געטון אַנדערע, וואָס האָבן זיך געפונען אין בונקער. קיינער האָט נישט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך אויף דער גאַס; זיי האָבן בלויז פאַרנומען אַ שטילקייט אַרום, בלויז פון צייט צו צייט האָבן זיך געהערט שווערע טריט פון מיליטערישע שטיוול, און אויב פון אַ טייל בונקערס זענען די יידן באַנאַכט אַרויס אַ קוק טון, וואָס עס טוט זיך אין זייערע וווינונגען, האָבן זיי בלויז געזען, אַז די הייזער זענען אויסגע־פּלינדערט געוואָרן און די לייט מיט די ביקסן, וואָס האָבן זיך דאָרט אַרומגעדרייט, האָבן אַזוי געהיטן, אַז עס איז נישט מעגלעך געווען זיך אַרויסצובאַקומען פון די באַהעלטענישן. זענען זיי צוריק אַריין אין די לעכער און ווידער געבליבן אָן עסן און אָן לופט ביז צו דער נאָענטסטער נאַכט, דאַן ווידער אַרויסגעקראָכן, און אַזוי האָט עס זיך איבערגעחזרט עטלעכע טעג. די קרובים פון די דאָזיקע באַהאַלטענע מענטשן, וואָס האָבן זיך געפונען אין די ווייטערע געטאָ־גאַסן, פון וועלכע מען האָט נאָך נישט געהאַט אַרויסגעטריבן די יידן, האָבן מורא געהאַט, אַז די מענטשן אין די לעכער וועלן שטאַרבן פון הונגער, ווייל זיי האָבן שוין געוווּסט, אַז די „אַקציע" וועט נאָך דויערן אַ לענגערע צייט. זיי האָבן דעריבער געזאָגט די יידישע פּאָליציאַנטן וועגן די געהיימע ערטער און ווער עס געפינט זיך דאָרט. פאַר גרויסע סומעס האָבן זיי געהאָלפן אַריבערפירן די יידן פון די בונקערס אין די הייזער אַריין, וווּ עס האָבן זיך געפונען די יידן, וועלכע זענען נאָך נישט דורכגעגאַנגען די „אַקציע". די פּאָליציאַנטן זענען אַוועק צו די בונקערס מיט זייערע באַקאַנטע זשאַנדאַרמען און אַריינגעשריגן אין די לעכער: „יידן, מיר זענען געקומען אייך ראַטעווען!" זיי האָבן

זיך פאררופן אויף זייערע קרובים, וואָס האָבן זיי אהערגעשיקט און די האָפענונגלאָזע מענטשן זענען איינציקווייז ארויס פון זייערע גריבער און לעכער. זיי האָבן געציטערט פאר שרעק, אויסגעזען שרעקלעך, נישט גע־וואשן, באוואקסענע, הונגעריקע; זיי האָבן זיך קוים געקענט האלטן אויף די פיס. אזוי זענען זיי דורך א זשאנדארם אוועקגעפירט געוואָרן צו די ווייטערע געטאָ־גאסן.

דאָס פירן די יידן דורך די גאסן איז געווען פארבונדן מיט גרויס סכנה. אויב זיי זענען אויפן וועג פארהאלטן געוואָרן דורך עמעצן, האָט דער זשאנדארם, וואָס האָט זיי געפירט, געמוזט דערציילן, אז זיי זענען געווען באהאלטן און ער האָט זיי צופעליק אויסגעפונען. דעמאָלט איז זייער לעבן געווען אָפהענגיק פון דעם, וואָס האָט זיי פארהאלטן. זיי האָבן געקאָנט דערשאָסן ווערן אויפן אָרט אָדער אוועקגעפירט ווערן אהין, וווּ עס זענען געווען נאָך יידן צום אוועקשיקן מיטן ערשטן טראנספּאָרט. אָבער צו אלעם ערשטן זענען זיי אויפגעפּאָדערט געוואָרן אוועקצוגעבן דאָס געלט, גאָלד און אנדערע ווערטזאכן. אין אזעלכע סכנותדיקע מינוטן האָט קיינער פארשטייט זיך נישט געטראכט וועגן באהאלטן דאָס געלט און אוועקגעגעבן דאָס לעצטע.

די יידן פון די נאָך נישט „אָפּגערייניקטע" גאסן האָבן זייערע געסט אויפגענומען מיט וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט אין די דאָזיקע הונגער־טעג. יענע ווידער האָבן מקנא געווען די יידן אין די פארשלאָסענע הייזער, וואָס זיי האָבן נישט געדארפט אזויפיל ליידן אין די באהעלטענישן און לעכער, פון וועלכע נישט אלע זענען ארויס לעבעדיק. א סך קינדער זענען דאָרט געבליבן און אויך נישט אלע אלטע לייט זענען צוריק ארויס פון די בונקערס.

גאָר גיך אָבער האָבן די נײַ אָנגעקומענע זיך ארומגעזען, אז עס איז קיינעם נישט געווען מיט וואָס מקנא צו זיין. זיי האָבן זיך דערוווּסט, אז אלע ריכטן זיך מאָרגן־איבערמאָרגן געטריבן צו ווערן אין די וואגאָנען אריין. מען האָט די נײַ אָנגעקומענע געגעבן אן עצה זיך גוט אויסצושלאָפן און זיך שטארקן מיט וואָס עס איז פאראן, זיי זאָלן קענען גיין מיט אלע צוזאמען און נישט בלייבן הינטערשטעליק, כדי נישט דערשאָסן צו ווערן פון די מערדער אויפן וועג.

אָפּיצירן פון דער זשאנדארמעריע זענען אָנגעפאלן אויפן קאָמיסאַר־יאַט פון דער יידישער פּאָליציי און באזוכט אלע יידישע פּאָליציאַנטן. דאָס געלט און ווערטזאכן, וואָס מען האָט ביי זיי געפונען, איז צוגענומען געוואָרן, דערביי האָט מען זיי נאָך גוט צעשלאָגן. די דייטשן האָבן זיך זוייזט אוים דערוווּסט וועגן די געשעפטן, וואָס די יידישע פּאָליציאַנטן האָבן די לעצטע צייט דורכגעפירט. עס איז פאַראָרדנט געוואָרן, אַז אַ יידישער פּאָליציאַנט טאָר נישט גיין אין גאַס אליין, נאָר מיט אַ פּוילישן פּאָליציאַנט אָדער מיט אַ זשאנדארם. אזוי ארום האָבן זיך געענדיקט זייערע „גאָלדענע געשעפטן", צו וועלכע זיי האָבן זיך געהאַט צוגעכאפּט. דריי יידישע פּאָליציאַנטן (פּאַראַסאָל, רובינשטיין און ראָזענבערג) האָבן פון הויפּטמאַן באקומען ספּעציעלע פּאַסירשיינען צו קענען גיין אליין אין די געטאָ־גאַסן. זיי האָבן געהאַט אַ באַזונדערן זכות ביים הויפּטמאַן.

* * *

דער הויפּטמאַן האָט געשיקט אַ זשאנדארם אין האנטווערקער־הויז נאָך זיין שניידער יוסף גרין. אין עטלעכע שעה ארום איז דער שניידער צוריקגעקומען אליין, אָבער נישט מער אלס שניידער, נאָר אין אַ היטל פון דער יידישער פּאָליציי. גרין איז געוואָרן אַ פּאָליציאַנט און ער האָט באַ־קומען אַ פּאַסיר־שיין, וואָס האָט אים געגעבן דאָס רעכט אריינצוקומען אין די געטאָ־גאַסן.

די האנטווערקער האָבן זיך צום נייעם פּאָליציאַנט באצויגן מיט רעזערווע, זיי האָבן אָבער געוואָלט ויסן, וואָס דער הויפּטמאַן האָט אים געזאָגט מכוח דער לאַגע בכלל און דער סיטואַציע פון די האנטווערקער בפרט. דער שניידער האָט אָבער נישט געוואָלט צופיל רעדן און מען האָט זיך פון אים גאָרנישט דערוווּסט.

אין עטלעכע טעג ארום נאָך דער „אקציע" האָט זיך דער אינספּעק־טאָר לינדערמאַן געוויזן אין האנטווערקער־הויז. ער איז אריין צום שניי־דער קאַץ און אלע האנטווערקער זענען באלד אריין אהין. ענדלעך האָט זיך געוויזן אַ באקאַנטער דייטש פון דער שטאָט־הויפּטמאַנשאַפט, וועלכער האָט ביז איצט געהאַט די האנטווערקער אונטער זיין באַפעל. אלע האָבן געוואָלט ויסן, צי זיי זענען נאָך „זיינע" האנטווערקער, וועלכע ער און

אַלע זיינע לייט האָבן ביז איצט גוט אויסגענוצט. ער האָט דערציילט, אַז עס זענען פאָרגעקומען באַראַטונגען צווישן שטאָט־הויפּטמאַן און דעם הויפּמאַן דעגענהאַרדט וועגן דעם האַנטווערקער־הויז און עס איז פאַראַן אַ האָפענונג, אַז דאָס הויז וועט ווייטער פאַרבלייבן אונטער דער שוץ פון שטאָט־הויפּטמאַן, אין דעם פאַל וועט זיך אין האַנטווערקער־הויז גאָרנישט ענדערן. אין די נאָענטסטע שעהען וועט ער די זאַך וויסן גענוי. און ער האָט געבעטן די זאַך צו האַלטן דערווייל בסוד. אַלע האָבן אים אַרומגע־רינגלט ווי אַ נאָענטן מענטש און ער האָט אויסגעדריקט זיין אויפרעגונג קעגן דעם אַרויסטרייבן די יידן.

די האַנטווערקער האָבן געהאַט ביי זיך אין די וווינונגען פרעמדע מענטשן, וועלכע האָבן זיך אַריינבאַקומען אין הויז אין משך פון די לעצטע טעג דורך די מויערן און פּלויטן. זיי האָבן נישט פיגורירט אויף די רשימות פון שטאָט־הויפּטמאַן, וועלכע זענען געהאַנגען אויף די ווענט אין די ווערקשטאַטן אַלס באַשטעטיקטע פאַכלייט. די האַנטווערקער האָבן געבעטן דעם אינספּעקטאָר, ער זאָל די מענטשן צושרייבן צו די רשימות. דער אינספּעקטאָר לינדערמאַן האָט צוגעזאָגט, אַז מאָרגן וועט ער קומען מיטן שטעמפּל פון שטאָט־הויפּטמאַן, אונטער וועלכן ער איז באַפולמעכטיקט אונטערצושרייבן, און ער וועט גערן איינאָרדענען די זאַך אַזוי, אַז אַלע מענטשן, וועלכע געפינען זיך אין דעם מאָמענט אין הויז, וועלן ווערן לעגאַ־ליזירט. ער האָט אָבער געוואָרנט מער נישט אַריינצולאָזן קיין נייע מענטשן, וויל וואָס מער יידן עס וועלן זיך געפינען אין האַנטווערקער־הויז, אַלץ שווערער וועט זיין דעם ענין צו דערליידיקן מיטן הויפּטמאַן דעגענהאַרדט.

נאָך דעם אינספּעקטאָרס באַזוך זענען די האַנטווערקער אביסל אויפ־געהייטערט געוואָרן. די האָפענונג, אַז זיי און זייערע נאָענטע וועלן זיך קענען ראַטעווען, האָט אַ ביסל געהויבן זייער שטימונג. איינער האָט אָנגע־זאָגט דעם אַנדערן, ער זאָל מער נישט אַריינגעמען קיין פרעמדע. אָבער דאָך, ווען עס זענען ווייטער געקומען די איבערלויפער, וואָס האָבן איינגע־שטעלט דאָס לעבן, קלעטערנדיק ביינאַכט איבער פּלויטן און מויערן, כדי זיך אַריינצוקריגן אין האַנטווערקער־הויז — האָט קיינער נישט געקאָנט פועלן ביי זיך די דאָזיקע אומגליקלעכע מענטשן נישט אַריינצולאָזן.

צומאָרגנס איז דער אינספּעקטאָר לינדערמאַן געקומען מיט א באַ־אַמטן פון דער שטאָט־הויפּטמאַנשאַפט און גענומען צוזאַמענשטעלן א רשימה פון אַלע מענטשן, וואָס האָבן זיך געפונען אין האַנטווערקער־הויז ביי יעדן האַנטווערקער באַזונדער. לינדערמאַן האָט געלערנט די האַנט־ווערקער ווי אַזוי צו פאַרטיידיקן פאַר דעם נייעם באַאַמטן די פריש־אָנגע־קומענע מענטשן — אז זיי אַלע זענען נויטיק צו דער אַרבעט. עס איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן א רשימה, אויף וועלכער עס האָבן פיגורירט הונדערט זיבן און אכציק נפשות.

די צוויי דייטשן האָבן דערקלערט, אז דאָס האַנטווערקער־הויז בלייבט ווייטער אונטער דער לייטונג פון שטאָט־הויפּטמאַן און די האַנט־ווערקער וועלן ווייטער דאָ ווערן באַשעפטיקט.

די רשימה איז געווען געשלאָסן. יעדער האַנטווערקער האָט באַקו־מען א צעטל, ווו עס איז געווען אויסגערעכנט זיין פאַמיליע און זיינע אַרבעטער־געזעלן. יעדער צעטל איז געוואָרן אונטערגעשריבן דורכן אינס־פּעקטאָר לינדערמאַן אונטער דעם זיגל פון דער שטאָט־הויפּטמאַנשאַפט. דאָס דאָזיקע וויכטיקע פּאַפּיר איז געוואָרן אויפגעהאַנגען אויף דעם שענסטן אָרט פון יעדן ווערקשטאַט און די האַנטווערקער האָבן געגלויבט, אז די „אויסראָטונג־קאָמאַנדאָ" וועט איבער זיי קיין שליטה נישט האָבן.

* * *

זונטיק דעם 27סטן סעפּטעמבער פון 1942 נאָכמיטאָג האָט זיך אין געטאָ באַוויזן דער הויפּטמאַן דעגענהאַרדט.

יידישע פּאָליציאַנטן האָבן געטראָגן קויבערס מיט האַלב־קילאָדיקע ברייטלעך. די יידן זענען אַרויסגעפירט געוואָרן פון יעדן הויז באַזונדער און יעדער איינער, אַלט אָדער יונג, האָט באַקומען א האַלבן קילאָ ברויט. דער הויפּטמאַן איז געשטאַנען ביים טיילן דאָס ברויט און יעדן איינעם דורכגעשפּיזט מיטן בליק. טייל מענטשן האָט ער געפרעגט אויף זייערע נעמען, מיט וואָס זיי באַשעפטיקן זיך, אויף אַנדערע האָט ער בלויז א קוק געטון און בייז א בורטשע געטון ווי א הונט. יעדער האָט גענומען זיין שטיקל ברויט און איז צוריק אַריין אין זיין הויז.

מיר אין האַנטווערקער־הויז זענען געווען נייגעריק, אויב מען וועט אונדז אויך רופן צו נעמען ברויט. נישט ווייל מיר האָבן אויסגעקוקט אויף

דעם שטיקל ברויט; אין האנטוווערקער־הויז האָט יעדער געקאָנט קויפן ברויט און דאָס געלט דערויף האָט אויך נישט געפעלט, אָבער עס האָט זיך געהאנדלט אין דעם, אז אויב די האנטווערקער זענען אויף ווייטער גע־בליבן אונטערן רשות פון שטאָט־הויפטמאן און נישט פון הויפטמאן דעגענהארדט, האָבן מיר נישט באדארפט באקומען קיין ברויט. מיר זענען דעריבער געוואָרן איבערראשט, ווען א יידישער פּאָליציאנט האָט אָנגעהויבן אונדז רופן, מיר זאָלן אראָפּגיין אויפן הויף, זיך אויסשטעלן אין א ריי און ארויסגיין אויף דער גאס נאָך ברויט. דאָס האָט באדייט, אז מיר ווערן באטראכט פּונקט אזוי ווי די אנדערע יידן פון אלע אנדערע הייזער, וועלכע עס דערוואַרט אוועקגעשיקט צו ווערן.

עס איז אָבער נישט געווען קיין צייט צום אריינטראכטן. אלע זענען געהאָרכזאם ארויס אויף דער גאס, דער הויפטמאן דעגענהארדט האָט גוט אָנגעקוקט די האנטווערקער מיט זייערע קינדער און „גענזעלן". מען האָט יעדן פון אונדז געגעבן די פּאָרציע ברויט און אונדז צוריק אריינגעפירט אין הויז.

דערווייל זענען צוריקגעקומען פון זייער דינסט די יידישע פּאָלי־ציאנטן, וועלכע האָבן געוווינט מיט אונדז אין האנטווערקער־הויז, און האָבן דערציילט, אז זיי זענען אויף מאָרגן פארטאָג ווידער באשטעלט גע־וואָרן צו קומען אין קאָמיסאריאט און אז מאָרגן וועט פּאָרקומען א ווייַ־טערדיקע „אקציע", וואָס וועט ווידער ארומנעמען טויזנטער יידן.

## XXXII

# די דריטע „אקציע"

דעם 28סטן סעפּטעמבער 1942 איז פּאָרגעקומען די דריטע „אקציע", וועלכע האָט זיך אָפּגעשפּילט אזוי ווי די צוויי פריערדיקע.

די איינוווינער פון עטלעכע געטאָ־גאסן זענען ארויסגעפירט געוואָרן אויפן מארק, וווּ דער הויפּטמאן דעגענהארדט, ארומגערינגלט מיט זיינע מיטהעלפער, האָט געמאכט אן אָפּקלייב פון יונגע מענטשן און פאכלײַט, וועלכע זענען איבערגעלאָזט געוואָרן און אזוי ארום צעשיידט געוואָרן פון זייערע משפחות. עס זענען פּאָרגעקומען די באקאנטע הארצרייסנדיקע

סצענעס, ווי ביי די פריערדיקע „אקציעס״, איידער מען האָט די עטלעכע טויזנט יידן אויפגעלאָדן אין די פי־וואגאָנען.

נאָך דער דריטער „אקציע״ האָט דער הויפּטמאן דעגענהארדט באַזוכט דאָס „קווארטיר־אמט״ אויף ווילסאָן־גאס, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער לייטונג פון אינספּעקטאָר לינדערמאן. ער האָט געהייסן אויסשטעלן אין רייען די יידן, וואָס זענען דאָרט געווען באשעפטיקט. עס איז געוואָרן א פאניק. די יידן, וואָס האָבן זיך דאָרט אויסבאהאלטן אויף די ביידעמער און קאמערס, האָבן געציטערט פאר שרעק. דער אינספּעקטאָר לינדערמאן האָט דעם הויפּטמאן דעגענהארדט געוויזן זיינע יידישע אַרבעטער און דערקלערט, אז דער „קווארטיר־אמט״ און די יידישע ארבעטער, וואָס זענען דאָרט באשעפטיקט, געהערן צו דער שטאָט־הויפּטמאנשאפט. דערויף האָט דער הויפּטמאן געענטפערט, אז די צייטן, ווען די יידן האָבן געהערט צום שטאָט־הויפּטמאן און צו דער געשטאַפּאָ, זענען שוין פארביי. איצט געהערן אלע יידן בלויז צו אים, דערביי האָט ער מיט זיין שטעקעלע א פּיר געטון דעם אינספּעקטאָר לינדערמאן פאר דער נאָז און איז אוועק.

עס איז געווען לייכט פאָראויסצוזען די קאָנסעקווענצן פון דעם אינצידענט. מיר האָבן שוין געוווּסט, אז יעדער שטרייט צווישן דייטשן וועגן יידן, לאָזט זיך אוים שלעכט פאר די יידן. אזוי האָבן אויך די יידן אין „קווארטיר־אמט״ דערפילט, אז זייער לאגע האָט זיך געענדערט צום ערגערן.

דערוויסנדיק זיך וועגן דעם אינצידענט אין „קווארטיר־אמט״, האָבן די האנטווערקער פון אלעע נומער 14 אויך זיך ארומגעזען, אז די פּאָזיציע זייערע איז געוואָרן זייער וואקלדיק אונטער לינדערמאנס „שוץ״, נישט געקוקט אויף אלע זיינע פארזיכערונגען.

* * *

עס האָט זיך באוויזן אין האנטווערקער־הויז פרוי מאַשעוויטש, די פאקטישע לייטערין פון די ווארשטאטן. די האנטווערקער האָבן זיך געוואָלט פון איר דערוויסן וועגן דער סיטואציע. זי האָט געגעבן די בעסטע האָפענונגען און געזאָגט, אז דער שטאָט־הויפּטמאן ווענדט אָן אלע מיט־

לען, אז דאָס האנטווערקער־הויז זאָל פארבלייבן אזוי ווי עס איז געווען ביז איצט, און זי איז זיכער, אז עס וועט דאָ קיינעם נישט געשען קיין שלעכטס. זי האָט ווידער ארויסגעגעבן באשטעלונגען צו די האנטווערקער פאר דייטשע קליענטן און האָט געהייסן, אז אלע האנטווערקער זאָלן זיך שטיל ארבעטן און העלפן איינער דעם אנדערן ביי דער ארבעט, כדי דאָס האנט־ווערקער־הויז זאָל זיין אין באוועגונג.

די האנטווערקער האָבן ווידער אָנגעהויבן ארבעטן, עס זענען אָבער געקומען גאָר אנדערע קליענטן. אָנשטאָט די פריערדיקע ציווילע דייטשן, אין וועמענס הענט עס איז דעמאָלט געלעגן דער יידישער גורל, האָבן זיך איצט באוויזן געשטאַפּאָ־לייט און זשאנדארמען מיט זייערע פרויען און קינדער. די האנטווערקער פלעגן אויסנוצן זייער אזוי צו זאָגן „פּריווילע־גירטע" לאגע, כדי זיך עפּעס צו דערוויסן ביי די נייע „קונים" מכוח דעם ווייטערדיקן גורל פון די האנטווערקער. די נייע קליענטן האָבן געגעבן יעדן די בעסטע האָפענונגען, זיי האָבן זיך בכלל געהאלטן גאנץ „אנשטענ־דיק" אין די האנטווערקער־ווערקשטאטן, גאָר נישט ענלעך צו דער האל־טונג אין גאס, ביים טרייבן די יידן. אָבער דאָס פארשטייט זיך איז געווען דערפאר, כדי בעסער אויסצונוצן די האנטווערקער און ווייל זייער ריי איז נאָך נישט געהאט געקומען.

* * *

דער הויפּטמאן דעגענהארדט האָט זיך דערוווּסט, אז עס האָבן זיך באהאלטן יידן אין בונקערס, אויף ביידעמער און קעלערס און ער האָט דערקלערט אן „אמנעסטיע" פאר אלע, וואָס וועלן ביז א געוויסן טערמין אליין ארויס פון די באהעלטענישן און זיי וועלן מעגן צוריק אריינגיין אין זייערע הייזער.

יידישע פּאָליציאנטן, אין באגלייטונג פון זשאנדארמען און אוקראי־נער, זענען געגאנגען אויף אלע הייף און געשריגן: „יידן, מיר קומען אייך ראטעווען פון טויט! גייט ארויס פון די לעכער און עס וועט אייך גאָרנישט געשען".

א סך זענען ארויס פון די באהעלטענישן. זיי האָבן זיך געפונען אין א שרעקלעכן צושטאנד. אויסגעהונגערטע, פארחלשטע און פארוואָר־לאָזטע. זיי האָבן געמוזט אוועקגעבן אלץ, וואָס זיי האָבן געהאט פון ווערט־

זאכן, דערנאָך זענען זיי אריינגעלאָזט געוואָרן אין די הייזער, וועלכע זענען נאָך נישט געהאט אדורכגעגאנגען די „אקציע".

עס זענען אָבער אויך געווען אנדערע, וואָס האָבן געהאט גוטע בונקערס און שפּייז־פּראָדוקטן, וואָס האָבן געקאָנט געניגן אויף עטלעכע וואָכן. די דאָזיקע האָבן זיך נישט צוגעהערט צו די שיינע ווערטער פון די יידישע פּאָליצאנטן און געבליבן אין די באהעלטענישן.

ווען דער טערמין פון דער „אמנעסטיע" איז פארביי, האָט די זשאנ־דארמעריע גענומען ענערגיש זוכן די אויסבאהאלטענע. די יידישע פּאָלי־ציאנטן, וואָס האָבן געהאט זייערע באקאנטע זשאנדארמען, מיט וועלכע זיי פלעגן דורכפירן פארשידענע שותפות־געשעפטן, זענען צוזאמען מיט די זשאנדארמען געגאנגען איבער די הייף און געזוכט די בונקערס מיט יידן. זיי האָבן געשריגן אויף יידיש, אז אויב די באהאלטענע וועלן אליין ארויסגיין, וועלן זיי נאָך געראטעוועט ווערן. זיי האָבן אזוי אריינגערעדט אין די קעלערס און אויף ביידעמער, ביז זיי האָבן אָנגעטראָפן אויף מענטשן, וואָס זענען שוין מיד געווען צו ליגן אין די באהעלטענישן און זיי זענען ארויס. ווען די מענטשן זענען שוין געווען אין דרויסן, זענען זיי קודם אויפגעפאָדערט געוואָרן אוועקצוגעבן אלץ, וואָס זיי האָבן פארמאָגט, דערביי פלעגט דער יידישער פּאָליציאנט מכלומרשט טרייסטן, אז ער וועט זיך באמיען, דער זשאנדארם זאָל שענקען דאָס לעבן, אויב מען וועט אלץ אוועקגעבן. ווען מען האָט ביי די קרבנות שוין אלץ געהאט צוגענומען, האָט דער זשאנדארם זיי דערשאָסן אויפן אָרט; פון די צוגערויבטע זאכן פלעגט דער יידישער פּאָליציאנט קריגן א געוויסן פּראָצענט.

## XXXIII

# די וויטערדיקע „אקציעס"

דעם 1טן אָקטאָבער 1942 איז פּאָרגעקומען די פערטע „אקציע", וועלכע האָט זיך אָפּגעשפּילט ענלעך צו די פריערדיקע. די דאָזיקע „אקציע" האָט אויך ארומגענומען אלע יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין „קווארטיר־אמט", וועלכער איז כלומרשט געשטאנען אונטערן שוץ פון שטאָט־הויפּט־מאן. דער הויפּטמאן דעגנהארדט האָט באפוילן ארויסצוטרייבן פון דאָרט

אויפן מארק, נישט נאָר די אַלע, וואָס האָבן זיך דאָרט אריינבאַקומען בגנבה דורך אריבערקריכן מויערן און פּלויטן, נאָר אויך די ארבעטער־פאכלייט. דאָס האָט דער הויפטמאַן דעגענהארדט געטון אויף צו להכעיס דעם שטאָט־הויפטמאַן.

ביי דער פערטער „אקציע" איז ווי ביי די פריערדיקע געמאכט גע־וואָרן א „סעלעקציע" און עס זענען איבערגעלאָזט געוואָרן אַן ערך זיבן הונדערט יינגלעך און מיידלעך, וועלכע זענען שפּעטער אוועקגעשיקט גע־וואָרן צו פארשידענע שקלאַפן־ארבעט. אזוי האָט די פּוילישע שטאָט־פארוואַלטונג באַקומען צוגעטיילט א טייל פון די דאָזיקע „סעלעקציאָניר־טע" צו שאָסיי־ארבעט און צו ברוקירן גאַסן. אנדערע זענען אוועקגעפירט געוואָרן אין דער אמוניציע־פאבריק פון דער פירמע „האסאג", דאָרט האָט מען זיי קודם אויסגעטון נאקעט און אַלע, וואָס האָט נאָר געהאַט א ווערט, צוגענומען. דערנאָך האָט מען זיי אריינגעלאָזט אין א זאַל מיט א שטיינער־נעם באָדן. דאָס איז געווען דער פּלאַץ צום שלאָפן, אָבער עס האָט זיך נישט געפונען אפילו קיין ביסל שטרוי אונטערצולייגן. אין דער דאָזיקער פאבריק האָבן זיי געמוזט ארבעטן צוועלף שעה אין טאָג און באַקומען צו עסן א שטיקל ברויט מיט א ביסל זופּ. אויב עס איז עמעצן געלונגען פון דאָרט צו אנטלויפן, זענען צוויי שכנים פון דעם אנטלאָפענעם, דאָס הייסט די וואָס זענען נעבן אים געשלאָפן אויפן שטיינערנעם דיל — געוואָרן דערשאָסן. פאַר דער מינדסטער קלייניקייט זענען די אומגליקלעכע שקלאַפן געשלאָגן געוואָרן דורך די „פאָלקס דייטשן" ביז בלוט.

א דריטע מחנה איז אוועקגעשיקט געוואָרן אין דער אייזן־הוטע „ראקאוו", וועלכע האָט אויך געהערט צו דער זעלבער פירמע „האסאג" און ווו עס האָבן געהערשט די זעלבע באדינגונגען ווי אין דער אמוניציע־פאבריק.

* * *

אין איינעם א פרימאָרגן האָט דער שניידער גרין געמאָלדן די האנט־זוערקער פון אַלע נומער 14, אז דער הויפטמאַן דעגענהארדט וועט באזוכן אַלע ווערקשטאטן פון האנטווערקער־הויז. אַלע מענער און פרויען, וואָס האָבן זיך געפונען אין האנטווערקער־הויז, זענען אוועקגעזעצט געוואָרן ביי די שניידערס, שוסטערס, גאָרטעטן־מאכערס, היטן־מאכער, וועש־נייער

אא״וו. זיי האָבן באַקומען נאָדל־פֿאָדים אָדער פּרעס־אייזנס אָדער אַנדערע געצייג און זיך אַריינגעטון אין דער אַרבעט. אַלע וואַרקשטאַטן זענען געוואָרן טעטיק, אַלץ האָט געאַרבעט, גוט צי שלעכט — דאָס איז נישט געווען וויכטיק. דער עיקר איז געווען, אַז קיינער זאָל זיך נישט אַרומדרייען ליידיק אָן אַרבעט.

די מייסטערס האָבן אויף יעדן שטיקל אַרבעט צוגעשפּיליעט די רויטע באַשטעלונג־צעטלען מיטן נאָמען פֿון דעם דייטשן קליענט. אין די שניידער־וואַרקשטאַטן זענען געוואָרן צעהאַנגען אָנציגער, פּוטערס, מיליטער־מלבושים; ביי די שוסטערס זענען געוואָרן אויסגעשטעלט שטיוול און דאַמען שיך, ביי אַלע צוגעפעסטיקט די רויטע באַשטעלונג־צעטלען. ביי די דאַמען־שניידערס זענען געהאַנגען אויף ספּעציעלע הענגערס די בלוזן און קליידער, באַצירט מיט די רויטע צעטעלעך; אַזוי איז אויך געווען אין אַלע אַנדערע וואַרקשטאַטן: ביי די מאָדיסטינס, וועש־נייערינס א א״וו. אַלע האַנטוואַרקער־געהילפן זענען געווען אָנגעטון אין זייערע פּאַרטעכער, די מייסטערס אין זייערע בעסטע אָנציגער און אַלץ האָט אָנגעשטרענגט געוואַרט אויפן גאַסט, וואָס האָט שוין ביז דעמאָלט אַכציק פּראָצענט יידן פֿון אונדזער שטאָט געהאַט אַוועקגעשיקט אין פּי־וואַגאָנען.

ענדלעך איז צוגעפאָרן צום האַנטוואַרקער־הויז אַן אויטאָ, פֿון וועלכן עס איז אַרויס דעגענהאַרדט. אין דער באַגלייטונג פֿון זיין טרייען שאָפער אָנקעלבאַך איז ער אַרויף צום געוועזענעם שניידער און איצטיקן פּאָליציאַנט יוסף גרין, וועלכער האָט די צוויי דייטשן געגומען פֿירן איבער די האַנטוואַרקער־וואַרקשטאַטן. דעם ערשטן וויזיט האָט ער געמאַכט ביים דאַמען שניידער קאַץ און באַקוקט די שיינע פּוטערס און מאַנטלען, ער האָט איבערגעלייענט די נעמען פֿון די באַשטעלונג־צעטלען אַרויס און דערקענענדיק, אַז דאָס זענען פֿרויען, וואָס זייערע מענער זענען אָנגעשטעלטע אין דער שטאָט־הויפּטמאַנשאַפֿט, האָט ער געמאַכט איראָנישע און בייסיקע באַמערקונגען אויף זייער חשבון. דערנאָך איז ער אַריין צום מענער־שניידער איינהאָרן און מיט אַ פּאָליציייִשן בליק באַטראַכט די פֿרויען און מענער ביי די מאַשינען אָדער מיט נאָדל־פֿאָדים אין די הענט. זעענדיק דעם שניידערס דרייצן־יעריק יינגל מיט אַ נאָדל און אַ שטיקל אַרבעט אין די הענט, האָט ער אַ פֿרעג געטון: „וואָס מאַכט דאָס יידישע דרעק?״

דער שניידער האָט א צעטומלטער געענטפערט, אז דאָס איז זיין זון, א לערן־ייִנגל. אזוי איז ער געגאנגען פון ווערקשטאט צו ווערקשטאט, דורכ־שפּיזנדיק אלץ און אלעמען מיט פּאָליציייאישע אויגן און װארפנדיק אומעטום איראָנישע באמערקונגען און בייזע וויצן. ביי דער היטן־מאָדיסטן האָט ער גענומען אין זיינע גראָבע לאַפּעס אריין א לייכט דאמען־היטעלע פון עטלעכע גראם די וואָג און געפּרוּווט עס אוועקבלאָזן. אויך די קונסט־שטיקעריי פון אלטן פייגענבלאט האָט דער הויפּטמאן באזוכט און מען האָט אים געוויזן אנטיק־זאכן, וואָס דער דאָזיקער ווערקשטאט, וועלכער האָט שוין געהאט הינטער זיך פופציק יאָר עקזיסטענץ, האָט ארויסגעגעבן. עס איז אויך גע־קומען צו רייד, אז דער טייערער פּרוכת, וואָס דער הויפּטמאן האָט צוגע־נומען פון דער שול פאר דעם פארברענען זי און אים אוועקגעשיקט קיין בערלין — איז אויך געווען דעם אלטן פייגענבלאטס ארבעט.

דער הויפּטמאן איז אָבער פון גאָרנישט געווען נתפּעל. ער האָט צו אלץ און אלעמען ארויסגעוויזן גרינגשעצונג און ציניזם. און נאָכן באקוקן אלע ווערקשטאטן איז ער אוועק.

דעם הויפּטמאנס וויזיט האָט איבערגעלאָזט אן אומרואיקייט אין אלעמענס הערצער.

* * *

דער פּוילישער לייטער פון דער יידישער פּאָליציי האָט באקומען א פאראָרדענונג פון הויפּטמאן דעגענהארדט, אז ער זאָל צוזאמענשטעלן א רשימה פון פופציק יידישע פּאָליציאנטן, וועלכע וועלן פארבלייבן אויף זייערע פּאָסטנס און די איבעריקע, אין א צאָל פון אן ערך צוויי הונדערט, וועלן אוועקגעשיקט ווערן צוזאמען מיט אלע אנדערע יידן מיטן דעם נאָענטסטן טראנספּאָרט.

ביי דער יידישער פּאָליציי איז געוואָרן א פּאניק. יעדער איז געלאָפן צום פּאָליציייאישן לייטער און צום יידישן הילפס־לייטער, כדי אויסצופּועלן די זכיה צו פארבלייבן צווישן די פופציק, וואָס דארפן איבערגעלאָזט ווערן. איינער האָט דעם אנדערן געזוכט אריבערצושטייגן מיט גרויסע געלט־סומעס, כדי זיך צו ראטעווען פון אוועקגעשיקט צו ווערן אין די פּי־וואגאָנען א באָרוויסער.

## ש ל מ ה   װ א ג א

דער פּױלישער ליטער פֿון דער ייִדישער פּאָליציי האָט צונױפֿגע־שטעלט א רשימה פֿון פֿוציק נעמען — פֿארשטייט זיך, אז ביים צוזאמענ־שטעלן די רשימה האָט דער ליטער זיך גערעכנט מיט דער געלט־סומע, וואָס ער האָט געקאָנט דערוואַרטן פֿון יעדן איינעם.

ווען דער הויפּטמאַן אָבער האָט געזען די רשימה, האָט זיין פּאָלי־צייאישע נאָז דערשמעקט, וואָס עס איז אונטער דעם אלעם געווען פֿאר־באָרגן און ער האָט באפוילן אויסצושטעלן אין א ריי אלע פּאָליציאַנטן מיט זייערע פֿרויען און קינדער. דאן האָט ער אליין אויסגעקליבן פֿופֿציק און די איבעריקע האָט ער באפוילן אויסצוטון די שטיוול און די פּאָליצייאישע היט־לען מיט די בענדער, געהייסן צוזאמענגעמען זייערע פֿרויען און קינדער און אונטער א שטארקער וואַך אָפּגעשיקט אין דער פּאָגראָמירטער שול אויפֿן אלטן מארק, וווּ זיי האָבן באדארפֿט וואַרטן ביז צו דער נאָענטער „אקציע".

טייל פֿן די דאָזיקע מענטשן האָבן פֿון זייער ארעסט געשיקט בריוולעך צו זייערע געוועזענע קאָלעגן, וועלכע זענען פֿארבליבן אויפֿן אמט, און גע־דראָט אויסצוזאָגן סודות, אויב מען וועט נישט אויספֿועלן זייער באפֿרייאונג; אָבער זייערע קאָלעגן האָבן זיך נישט דערשראָקן און געלאָזט זייערע פֿאַך־קאָלעגן אָן ענטפֿער.

עס איז זיי דעריבער נישט פֿארבליבן קיין אנדער זאַך, ווי זיצן אין שול און אָפּוואַרטן זייער ביטערן גורל אזוי ווי אלע אנדערע ייִדן, וועלכע זענען דורך זיי געוואָרן געיאָגט און געשלאָגן אין משך פֿון דריי יאָר צייט אונטער דעגענהארדטס ממשלה.

דעם 4טן אָקטאָבער 1942 איז באקאנט געוואָרן, אז ייִדישע פּאָלי־ציאַנטן, די פֿארבליבענע, זענען באשטעלט געוואָרן אויף צומאָרגנס פֿאר־טאָג צו דער „אקציע", וואָס זאָל פֿאָרקומען — די פֿינפֿטע „אקציע".

די פֿינפֿטע „אקציע" האָט זיך אָנגעהויבן אזוי ווי די פֿריערדיקע, אָבער באלד האָט מען באמערקט, אז עס איז צו איר צוגעגרייט געוואָרן א ספּעציעלער פּלאַן. קודם כּל איז זי צוגעגאנגען אין א שנעלערן טעמפּאָ ווי אלע פֿריערדיקע. פֿארטאָג, פֿריער ווי אלעמאָל, זענען די ייִדן געטריבן געוואָרן אין נייעם מארק אריין. דאָסמאָל זענען אין די גאסן דערשאָסן געוואָרן מער ייִדן ווי בעת די פֿריערדיקע „אקציעס". דער הויפּטמאַן האָט מיט זיין שטעקעלע דיריגירט ענערגישער און ווילדער און די שטעקנס און

געפלאָכטענע רימענס זענען אָפטער געפאַלן איבער די יידישע קעפּ. די צוהעלפער האָבן נישט דערלויבט קיינעם זיך אָפּצושטעלן ביים הויפּטמאַן און בעטן רחמנות. די וואַגאָנען זענען אָנגעפילט געוואָרן פריער ווי בעת די פריערדיקע „אַקציעס" און די טויזנטער פּאָר שיך זענען גיכער אויפגע־וואַקסן אין א בארג. נאָכן פאַרענדיקן דעם מאַרש פון די טויזנטער יידן צו די וואַגאָנען האָט דער הויפּטמאַן באַפוילן זיין שאָפער, ער זאָל אים מיט זיינע נאָענטע מיטאַרבעטער אוועקפירן אין געטאָ. דאָרט האָט ער קודם כל באזוכט דעם זאַמל־לאַגער אויף דער קאַטעדראַלנע גאַס און גע־הייסן אַלע יידן פון דאָרט טרייבן צו די וואַגאָנען. נאָכדעם האָט ער באַ־פוילן דאָרט אהינצופירן די יידישע פּאָליציאַנטן מיט זייערע פרויען און קינדער, וועלכע זענען געווען אַרעסטירט אין שול.

צום סוף איז דער הויפּטמאַן מיט זיינע משרתים אוועק אין יידישן שפּיטאָל און געלאָזט רופן צו זיך די דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער, וועלכע זענען געהאַט פאַרבליבן אויף זייערע פּאָסטנס במשך פון די אַלע ביז איצטיקע „אַקציעס".

דער הויפּטמאַן האָט די פאַרזאַמלטע דאָקטוירים און קראַנקן־שוועס־טער באַפוילן, זיי זאָלן אַלע קראַנקע, וואָס געפינען זיך אין שפּיטאָל, געבן סם־איינשפּריצונגען, כדי מיט זיי וואָס גיכער א סוף צו מאַכן. די דאָק־טוירים האָבן געפּרוּווט ראַטעווען די סיטואַציע מיט אויסריידן, אַז זיי האָבן נישט די געהעריקע איינשפּריצונגען, דערויף האָט דער הויפּטמאַן געענטפערט, אַז אויב אַלץ וועט אין משך פון צוויי שעה נישט זיין דער־לעדיקט, וועט ער באַפעלן צו דערשיסן די קראַנקע צוזאַמען מיטן גאַנצן שפּיטאָל־פּערסאָנאַל.

נאָך א לאַנגער און פּיינלעכער באַראַטונג האָבן די דאָקטוירים באַ־שלאָסן אומצוברענגען די קראַנקע דורך איינשפּריצונגען.

דעם ערשטן באַפעל האָט אַרויסגעגעבן דער הויפּט־דאָקטאָר פון שפּיטאָל, דער כירורג דאַבזשינסקי, זיין מוטער, זי זאָל אָפּעסן איר מוטער, דאָס הייסט זיין באָבען. זיין מוטער, וואָס האָט געוווינט אין שפּיטאָל־בנין, האָט אַריינגעטון סם אין א גלאָז טיי און געגעבן איר מוטער צו טרינקען. ווען די אַלטע האָט אָנגעהויבן זיך קורטשען פון יסורים, האָט דער דאָק־טאָר, איר איינִיקל, איר געמאַכט אן איינשפּריצונג, פון וועלכער זי איז

באלד איינגעשלאָפן אויף אייביק. איר טאָכטער האָט זיך באַגאָסן מיט טרערן און זיך געווונטשן, אז אירע הענט זאָלן געשטראָפט ווערן, אויב זי איז באגאנגען א פעלער, פארסמנדיק די אייגענע מוטער.

די קראנקע זענען געצוווּנגען געוואָרן זיך צו סמען און זיך לאָזן מאכן די איינשפּריצונגען. די וואָס האָבן זיך געוועָרט, זענען מיט גוואלד פארסמט געוואָרן. די דאָקטוירים און קראנקען־שוועסטער האָבן מיט טרערן אין די אויגן געארבעט ביים צואיילן דעם טויט ביי די קראנקע און ווען אלע זענען געלעגן טויט, זענען די דאָקטוירים מיטן גאנצן שפּיטאָל־פּער־סאָנאל געשטאנען איבער די נאָר וואָס לעבעדיקע און איצט טויטע מענטשן און זיי באוויינט. זיי האָבן באוויינט זייער טאָט און זיך אליין.

דעם הויפּטמאן איז געמאָלדן געוואָרן, אז אין שפּיטאָל געפינען זיך מער נישט קיין קראנקע, נאָר טויטע. ער האָט געענטפערט: „יא, איזט גוט!"

ער האָט אויסגעקליבן א גרויסן טייל פון פּערסאָנאל און אוועקגע־שיקט אין די וואגאָנען אריין, די דאָקטוירים און דעם רעשט יינגסטן און שענסטן פרויען־פּערסאָנאל האָט ער אוועקגעשיקט אין קאראנטין.

דערנאָך האָט דער הויפּטמאן געמאכט א וויזיט אין אן אנדער שפּי־טאָל — פון עפּידעמישע קראנקהייטן. דער לייטער פון דעם שפּיטאָל, ד"ר קאגאן, האָט זיך באמיט צו שטעלן אויף די פיס די קראנקע אין דער צייט ווען עס האָבן געדויערט די „אקציעס". אָבער איצט, ביי דער פינפטער „אקציע", זענען אלע קראנקע מיט דעם גרעסטן טייל פון שפּיטאָל־פּער־סאָנאל אוועקגעשיקט געוואָרן צו די וואגאָנען, בלויז א טייל פון פּער־סאָנאל איז אָפּגעפירט געוואָרן אין קאראנטין.

נאָכן פארטיק ווערן מיט די שפּיטעלער האָט דער הויפּטמאן זיך א לאָז געטון אויפזוכן אלע יידן, וואָס האָבן געהאט א נענטערן קאָנטאקט מיט די דייטשן. ער האָט אויפגעזוכט דעם באקאנטן עלעגאנטן יונגנמאן קאָלענברענער, דער לייטער פון יידישן וווינונג־אמט, וועלכער איז זינט עטלעכע טעג געווען באהאלטן אין א פאבריק, און אים געהייסן אוועקפירן אין וואגאָן אריין. נאָכדעם האָט ער געהייסן אויפזוכן דעם באקאנטן „יודן־ראט"־מיטגליד וויינריב, וועלכער האָט געהאט גוטע באקאנטע צווישן די געשטאפּאָ־לייט, וואָס האָבן אים טאקע אויסבאהאלטן. דעם הויפּטמאנס

מענטשן האָבן אים אָבער אויסגעפונען און געבראַכט צו פירן. דער הויפּט־מאַן האָט דאַן באַפוילן צו ברענגען אַלע יידן, וואָס הייסן ווײַנריב — פרויען, מענער און קינדער און באַלד איז געבראַכט געוואָרן ווײַנריבס גאַנצע משפּחה, זיין פרוי און קינדער, זיינע ברידער, שוועסטער מיט זייערע פאַמיליעס און אַלע זענען אוועקגעשיקט געוואָרן אין די וואַגאָנען.

חוץ זיי זענען אויך אויפגעזוכט געוואָרן אַלע אַנדערע ווײַניקער באַקאַנטע מענער און פרויען, וואָס האָבן געהאַט אַ וועלכע ס'איז פאַרבינ־דונג מיט דער געשטאַפּאָ און אַלע זענען אוועקגעשיקט געוואָרן.

גאָר צום סוף איז דער הויפּטמאַן מיט זיין שאָפער און נאָענטע מיטהעלפער אוועק אין האַנטווערקער־הויז אַלעע נומער 14. דאָרט האָבן זיי קודם געמאַכט אַ גרויסן טומל אויפן הויף און געוואַלדעוועט, אַז אַלע יידישע איינוווינער זאָלן גיך אַראָפּ אויפן הויף און לאָזן אָפן די וווינונגען. די האַנטווערקער מיט זייערע פרויען און קינדער זענען אַראָפּ, יעדער מיט זיינע פּאַפּירן אין האַנט. די לייט האָבן באַפוילן זיך אויסצושטעלן לויט די איינצלנע ווערקשטאַטן, יעדער מייסטער מיט זיין פאַמיליע און זיינע פאַרשריבענע מענטשן אויפן צעטל פון שטאָט־הויפּטמאַן איז געשטאַנען באַזונדער. אָבער דער הויפּטמאַן האָט נישט געקוקט אויף די פּאַפּירן. ער האָט געפרעגט יעדן ווי אַלט ער איז און וואָס זיין באַרוף איז. די גאָר יונגע מענער און פרויען האָט ער באַפוילן זיך שטעלן באַזונדער און די עלטערע מיט די קינדער אויך באַזונדער. איך מיט מיין פרוי און קינד און דריי פרויען, וואָס זענען געווען פאַרשריבן אין אונדזער צעטל, זענען געשטאַנען צוזאַמען. דער הויפּטמאַן האָט מיך געפרעגט ווי אַלט איך בין — פערציק, האָב איך אים געענטפערט; פון באַרוף פאַבריק־מייסטער. דאַן האָט ער אַ קוק געטון אויף מיין פרוי און קינד און אַ זאָג געטון: „איר מוזט זיך שיידן". מיין פרוי איז אַזוי איבערראַשט געוואָרן, אַז זי האָט נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט, האָב איך פאַר איר געזאָגט: „מיין פרוי איז דאָך די מייסטערין פון דעם הוט־ווערקשטאַט". דערויף האָט ער אַ זאָג געטון: „דאָס גייט מיך יעצט ניכטס אַן!" ער איז אוועק צו אַן אַנדער פאַמיליע און מיינע מענטשן זענען דורך די זשאַנדאַרמען צוגעשטעלט געוואָרן צו דער גרופּע פון עלטערע און קינדער. מיר האָבן געזען, אַז ער קלייבט אַרויס די גאַנץ יונגע מענטשן און די מאַסע האַנטווערקער מיט

זייערע פאַמיליעס וועלן געשיקט ווערן אין די וואַגאָנען אריין.

נאָכן אויספרעגן און אויסקאָרטירן יונגע און אַלטע האָט ער אַ זאָג געטון צו אַלע:

— איר קאָמט וועג! די אַלטע לייטע קאָמען אין לאַגער אונד איר, די יינגערע, ווירד ארבייטען. איר מוסט ניכט גרעאַדע ביי אויער שניידעריי אונד אוסטעריי בעשעפטיקט זיין. איר ווירד אַנדערע ארבייט לייסטן קענען.

אַלעמענס פּנימער זענען געוואָרן בלייך און קיינער האָט נישט גע־קאָנט קיין וואָרט ארויסברענגען פון מויל. עס איז געוואָרן אַ טויטע שטיל־קייט. אָבער אין דעם זעלבן מאָמענט האָבן זיך דערהערט טריט. מיר האָבן דערזען אָנקומען די פּרוי מאָשעוויטש. זי איז געבליבן שטיין אַ ווײַלע, ביז דער הויפּטמאַן איז צו איר צוגעגאַנגען. זיי זענען געבליבן פונוויטנס שטיין עטלעכע מינוט און געשמועסט. דערנאָך איז דער הויפּטמאַן מיט פּאַמעלעכע טריט צוריקגעקומען צו אונדז און אָנגעהויבן אויסזוכן פון די רייען עלטערע מענטשן. עס זענען געווען געשפּאַנטע, טראַגישע סע־קונדעס. מיר האָבן דערזען, אַז דער גורל איז געפאַלן בלויז אויף די אַלטע לייט.

נאָכן אויסקלויבן פון די רייען די עלטערע מענטשן האָט ער ווידער זיך געווענדט צו אַלע און געזאָגט: גייט צוריק אין אייערע וווינונגען, העלפט די מענטשן זיך אָנטון און אין צען מינוט ארום זאָלן זיי דאָ זיין אויפן הויף מיט זייערע זאַכן. זיי פאָרן אוועק.

די יינגערע, פריער אויסגעקליבענע מענער און פרויען האָט ער געהייסן מיט אַלע צוזאַמען צוריקגיין אין די וווינונגען. אַלע זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען און אויפן הויף זענען פאַרבליבן בלויז די זשאַנדאַר־מען מיט זייער הויפּטמאַן.

אין די וווינונגען פון די עלטערע מענטשן, אויף וועלכע עס איז געפאַלן דער ביטערער גורל, האָבן זיך אָפּגעשפּילט האַרצרייסנדיקע סצע־נעס. מיר האָבן דורך די פענצטער געזען, אַז דער הויפּטמאַן קוקט אויפן זייגער און דערנאָך אין די פענצטער. באַלד האָט אַ זשאַנדאַרם אַ געשריי געטון: „הערונטער!" און מיר האָבן דערזען אַראָפּקומען אויפן הויף די ערשטע צוויי אַלטע לייט — דעם מייסטער פון דעם שטיקעריי־ווערקשטאַט



דער ארומגעצוימטער ארבעטס-לאגער „האסאג"



פייגענבלאט מיט זיין פרוי. זיי האָבן זיך געווישט די טרערן און געמאכט
האנט־באוועגונגען צו די פענצטער פון זייער וווינונג, ווו עס זענען געשטא־
נען זייערע צוויי זין מיט זייערע פרויען און דאָס שיינע אייניקל, וואָס האָט
געשריגן: „זיידעשי! באָבעשי! בלייבט דאָ איבער מיט אונדז! גייט
נישט אוועק!" דאָס קינד האָט מיט זיין שאַרף קולכל דורכגעשניטן די
גרויזאמע שטילקייט פון הויף, ווו עס האָט זיך ארומגעדרייט דער הויפּטמאַן
מיט זיינע משרתים.

צום אַלטן פאַרפאָלק איז באַלד צוגעקומען דער שניידער בראַנדלע־
וויטש מיט זיין פרוי און זייער צען־יעריק אייניקל, וואָס זיינע עלטערן
זענען שוין געהאט אוועקגעשיקט געוואָרן ביי א פריערדיקער „אקציע".
אויך זיי קוקן ארויף צום צווייטן שטאָק און שטרעקן אויס זייערע העלדזער
צו זייערע טרייע טעכטער און שיינע אייניקלעך. פון אַנדערן ארויסגאַנג
איז אָנגעקומען די פרומע שניידערין, אָנגעטון אין איר שייטל מיט איר
מאַן דעם קלאָביצקער רבס זון, מיט זייערע פעקלעך אויף די אַקסלען. זיי
זענען געגאַנגען און געוויינט. זיי זענען דאָך נאָך יונגע מענטשן, וואָס וויל
דער מערדער פון זיי האָבן; זייער אויסזען איז אים נישט געפעלן.

צו די אומגליקלעכע מענטשן האָט זיך דערנענטערט דער אַלטער
פראַנק, וועלכער איז דאָ געהאט אהערגעקומען צו זיינע זין; אויך דער
קרעפּטיקער, הויכער מאַנספּאַרשוין פון א יאָר פופציק, דער מאַן פון דער
גאָרסעטן־מאַכערין וואָלפאָוויטש. דער הויפּטמאַן האָט אים געפרעגט, וואָס
זיין באַשעפטיקונג איז, האָט ער געענטפערט: „מיין פרוי מאַכט גאָר־
סעטן". אַלע ווייסן, אַז ער איז א שלאָסער. עס ווייזט אויס, אַז ער איז
דערשראָקן געוואָרן און נישט געוווּסט, וואָס צו זאָגן. זיין ענטפער איז
דעם הויפּטמאַן נישט געפעלן און ער האָט אים באַשטימט צום אוועקשיקן.

א ביסל שפּעטער האָבן מיר דורכן פענצטער געזען ווי קעגנאיבער
פון דריטן שטאָק זענען אראָפּ אויפן הויף מיט פעקלעך אויף די אַקסלען
דעם שניידער גרינס שוועגער און שוויגער — דער קירזשנער גאָלדשטיין מיט
זיין פרוי. עס האָט, הייסט עס, נישט געהאָלפן, וואָס זייער איידעם, דער
שניידער און פּאָליציאַנט גרין, האָט געהאַט אזא גוטע באַקאַנטשאַפט מיטן
הויפּטמאַן דעגענהאַרדט.

## ש ל מ ה   וו אַ ג אַ

די גרופּע מענטשן אויפן הויף איז געוואָרן וואָס אַמאָל גרעסער. עס איז צוגעקומען דער שניידער לענקינסקי מיט זיין פרוי און דער בעסטער שניידער־געזעלן פון דאַמען־שניידעריי־ווערקשטאַט, חיימקע — אַן עלטע־רער ייד מיט זיין פּעקל אויף די אויסגעהאָרעוועטע אַקסלען. אַלע האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ רייע. זייערע קינדער האָבן נאָך געוואָלט מיט זיי רעדן, אָבער די זשאַנדאַרמען האָבן נישט דערלויבט. האָבן די קינדער בלויז דערלאַנגט די עלטערן געלט און דאָס עסנוואַרג, וואָס זיי האָבן פאַרגעסן מיטצונעמען.

מיטאַמאָל איז געוואָרן אַ טומל. עטלעכע זשאַנדאַרמען זענען אַראָפּ־געלאָפן אין אַ קעלער און זיך צעשריגן. אין אַ ווײַלע אַרום האָבן זיי אַרויפ־געפירט פון דאָרט פיר פרויען און אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר צוועלף. מען האָט די געכאַפּטע צוגעפירט צו דער גרופּע, וואָס איז געשטאַנען גרייט צום אַוועקגיין. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, זענען די פרויען מיט דעם קינד אַריינגעקומען אין הויז שוין נאָכדעם ווי די רשימה פון די צוגעקומענע מענטשן איז געווען געשלאָסן און מען האָט זיי שוין נישט געקאָנט צו־שרייבן. צוליב מורא צו בלייבן בשעת דער „אַקציע״, האָבן זיי זיך באַ־האַלטן אין קעלער. אין דער לעצטער מינוט האָט זיי עמעצער געמוזט פאַרמסורן און מען האָט זיי געפונען. די זשאַנדאַרמען האָבן זיי געוואָלט באַלד דערשיסן אין קעלער, נאָר אַזוי ווי דאָרט האָט זיך אויך געפונען די שוויגער פון דעם געהילף־לייטער פון דער יידישער פּאָליציי, און זי האָט שטאַרק געבעטן די זשאַנדאַרמען צו שענקען איר דאָס לעבן, פאַררופנדיק זיך אויף איר איידעם, האָבן שוין די זשאַנדאַרמען איינגעווויליקט אַרויפ־צופירן די איבעריקע אויך אויפן הויף און זיי אַוועקצושיקן מיט דער גרופּע.

די גרופּע איז באַשטאַנען פון ניינצן מענטשן. די זשאַנדאַרמען האָבן זיי אָפּגעציילט און באַפוילן אַרויסצוגיין פון הויז. אין אַלע פענצטער זענען געשטאַנען זייערע זין, טעכטער, אייניקלעך, קרובים, באַקאַנטע און אַלע האַנטווערקער. אַלע האָבן זיי געזעגנט פון ווייטן מיט טרערן אין די אויגן.

אויפן אַנדערן טאָג האָט די פרוי מאַשעוויטש געזאָגט די האַנטווער־קער, אַז אין דעם האַנטווערקער־הויז איז די „אַקציע״ אַדורך „צום בעסטן״. זי האָט פאַרזיכערט, אַז ערשט אויפן הויף, אין דער לעצטער מינוט, האָט

זי אויסגעפּועלט ביים הויפּטמאַן, ער זאָל נישט נעמען מער ווי צען פּראָ־צענט צום אוועקשיקן. אזוי ווי עס זענען געווען פאררעגיסטרירט 190 מענטשן, האָט ער גענומען ניינצן. ווען זי זאָל נישט געווען אָנקומען, וואָלט ער געווען גענומען ניינציק פּראָצענט און צען פּראָצענט יונגע מענטשן וואָלט ער געווען אוועקגעשיקט אין די מעטאַלורגיע־ווארשטאטן, אזוי אז מען וואָלט דאָס האנטווערקער־הויז געווען געמוזט ליקווידירן. זי האָט אים דאָס אויפגעקלערט אין דער לעצטער מינוט און אויסגעבעטן, דאָס האנט־ווערקער־הויז זאָל ווייטער בלייבן טעטיק.

XXXIV

## דאָס נייע געטאָ

נאָך די פינף „אקציעס", דורך וועלכע עס זענען אוועקגעשיקט גע־וואָרן פון אונדזער שטאָט פינף און דרייסיק טויזנט יידן, איז דאָס געטאָ געבליבן אויסגעליידיקט. די הייזער זענען געבליבן פּוסט, די געשעפטן גע־שלאָסן. פון מיין צוויי שטאָק הויכן באַלקאָן פון האנטווערקער־הויז האָב איך געזען א וואך ארומגיין איבער די געטאָ־גאסן. דאָס האָט מען געהיטן, אז די פּוילישע באפעלקערונג זאָל נישט צעראַבעווען דאָס איבערגעבליבענע האָב און גוטס, וואָס איז געבליבן נאָך די אוועקגעשיקטע יידן.

דער הויפּטמאַן דעגענהארדט האָט באפוילן צו שאפן א „ניי געטאָ", א קלענערס ווי דאָס פריערדיקע, וואָס זאָל אריינגעמען די יידן, וואָס זענען נאָך געבליבן נאָך די „אקציעס". ער האָט איבערגעגעבן דעם געוועזענעם „יודן־ראַט" פּרעזעס צו שאפן א נייעם „יודן־ראַט" א קלענערן פון דעם פריערדיקן, און דעם געהילף־לייטער פון דער פּאָליציי האָט ער באפוילן צו שאפן א פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט פון די איבערגעבליבענע פופציק יידישע פּאָליציאַנטן.

אין דעם נייעם, קלענערן געטאָ האָבן באדארפט איבערגעפירט ווערן אלע שקלאַפן־ארבעטער פון די פאבריקן און אויך אלע די, וואָס האָבן זיך געפונען אין קאַראַנטין — די דאָקטוירים מיט זייערע פאמיליעס און די קראַנקנשוועסטערס און דאָס איבערגעבליבענע פּערסאָנאַל פון די שפּיטאָלן.

דער הויפּטמאַן האָט אויסגעפּונען דריי שמאָלע געסלעך, שמוציקע, אָן וואַסער־לייטונג, און אָן קאַנאַלן און באַפוילן דער ניי־אָרגאַניזירטער יידי־שער „רעפּרעזענטאַנץ" צו שאַפן דאָ דאָס נייע געטאָ.

אונטער דער אויפזיכט פון יידישער פּאָליציי האָבן יידישע אַרבע־טער איינגעגראָבן הויכע קלעצער אַרום די דריי געטאָ־געסלעך, דריי־פיר מעטער אָפּגערוקט איין קלאָץ פון אַנדערן און אַרומגעצוימט זיי מיט שטעכל־דראָט. עס איז איבערגעלאָזט געוואָרן אַ ברייטערער שטח אויף אַ טויער.

אַזוי איז געשאַפן געוואָרן דאָס „נייע געטאָ".

דער „יודן־ראַט" האָט זיך ווידער אויפסניי „אָרגאַניזירט". די פלינקע מאַכערס האָבן זיך איינגעטיילט מיט די „אַמטן" און מען איז צוגעטרעטן צו דער „טעטיקייט".

דער „יודן־ראַט" האָט צוגעטיילט וווינונגען צו זעקס און צו אַכט מענטשן אין אַ צימער, אָדער צו דריי און צו פיר פּאָרפעלקער צוזאַמען. מען האָט אויך צעטיילט „מעבל" — אַלטע צעבראָכענע טישן און בענק־לעך, ווייל דאָס וואָס האָט נאָך צו עפּעס געטויגט, האָבן די דייטשן אַרויס־געפירט אין זייערע מאַגאַזינען אַריין.

עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ קיך. פּראָדוקטן פאַר איר האָט דער הויפּטמאַן באַשטימט פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, און אַזוי איז ווידער אָרגאַניזירט געוואָרן דאָס נייע נעבעכדיקע לעבן.

ביים אויסרוימען די וווינונגען פון די דריי נייע געטאָ־געסלעך האָט מען זיך אָנגעטראָפן אויף באַהעלטענישן, פון וועלכע עס זענען אַרויס יידן. מענער, פרויען, אַלטע לייט און קינדער. די מענטשן האָבן דאָרט געלעבט אין די ערגסטע, שרעקלעכסטע באַדינגונגען, אָבער דאָך אויסגעהאַלטן. עס האָט זיי „אָפּגעגליקט", ווייל דאָ וועט ווידער זיין אַ געטאָ, און זיי וועלן זיין צווישן יידן. זיי וועלן זיך נאָך מוזן אויסבאַהאַלטן פאַרן הויפּטמאַן מיט די זשאַנדאַרמען, וואָס קומען נאָך אַהער, אָבער עס איז זיי שוין לייכ־טער, עס שוועבט שוין נישט דער טויט פאַר די אויגן ווי פריער און זיי וועלן באַקומען צו עסן און זיך קענען וואַשן.

עס ווערן אויך אַרויסגענומען פון די באַהעלטענישן די טויטע — די וואָס האָבן נישט אויסגעהאַלטן די שרעקלעכע באַדינגונגען און אויך

קינדער, טייל געשטאָרבענע און אנדערע וואָס זענען דערשטיקט געוואָרן, כדי זיי זאָלן נישט פאַרראַטן מיט זייער וויינען.

אויך פון די בונקערס, וואָס האָבן זיך געפונען אויף אנדערע גאַסן פון פריערדיקן געטאָ, האָבן אָנגעהויבן ארויסצוגיין וואָס אמאָל מער מענטשן. עס האָבן זיך דאָרט אויסגעלאָזט די שפּייז־רעזערוון. די דאָזיקע מענטשן זענען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. ווען דאָס ארויסגיין פון די לעבער האָט אָנגענומען א מאסן־כאַראַקטער, האָט דער הויפּטמאַן באַפוילן, מען זאָל אָט די מענטשן אָפּפירן אין זאַמל־לאַגער אויף קאַטעדראַלנע גאַס. דאָס האָט ארויסגערופן א פאַרדאַכט, אז דער הויפּטמאַן אָרגאַניזירט אויפסניי אן „אַקציע".

אין עטלעכע טעג ארום האָט טאַקע דער הויפּטמאַן באַפוילן ארויס־צושיקן קיין ראַדאָמסקאָ אכט הונדערט יידישע נפשות, וואָס האָבן זיך געהאַט צונויפגעקליבן אין זאַמל־לאַגער, פון דאָרט האָבן זיי געזאָלט גע־שיקט ווערן ווייטער צוזאַמען מיט די טראַנספּאָרטן פון די דאָרטיקע יידן.

נאָכן אויסליידיקן דעם זאַמל־לאַגער האָט דער הויפּטמאַן ארויסגע־געבן א באַפעל, אז אלע יידן, וואָס וועלן געפונען ווערן אין בונקערס, זאָלן אויפן אָרט דערשאָסן ווערן. נאָך דעם באַפעל האָט יעדער טאָג געבראַכט פרישע קרבנות.

## XXXV

## פון „געטאָ" צו „ארבעטסלאַגער"

דאָס נייע, קליינע געטאָ האָט נישט לאַנג עקזיסטירט: עס איז אָפּגע־שאַפט געוואָרן די באַצייכענונג „געטאָ" און עס איז געגעבן געוואָרן דער נאָמען „יודענארבעטסלאַגער".

אין דעם „ארבעטסלאַגער" און אויך אין האַנטווערקער־הויז אויף אלעע נומער 14 זענען אָפּגעשאַפט געוואָרן די ווייסע בענדער מיט דעם מגן דוד אויפן רעכטן אָרעם. גלייכצייטיק אָבער זענען אויך „אָפּגעשאַפט" געוואָרן די נעמען פון די יידן. אלע זענען געוואָרן נאָמענלאָז און יעדער ייד האָט באַקומען א בלעכענעם נומער, וועלכן ער האָט געמוזט טראָגן

אויף דער ברוסט. די יידן האָבן זיך דערפילט נאָך מער דעגראדירט און געפאלן.

אין אָנהויב חודש דעצעמבער 1942 האָט דער הויפּטמאן דעגענ־הארדט באַפוילן אַלע יידישע דאָקטוירים זיך צו שטעלן אויפן גרויסן פּלאַץ פאר דעם אמאָליקן געטאָ. די דאָקטוירים זענען געוואָרן אומרואיק פון דעם באַפעל, אָבער אַלע האָבן זיך געשטעלט אויפן אָנגעוויזענעם אָרט. דער הויפּטמאן האָט זיי דערקלערט, אז אין ראַדאָמסקאָ געפינען זיך א סך יידן און עס פעלן דאָרט דאָקטוירים, דעריבער פארלאנגט די דאָרטיקע דייטשע מאכט פון טשענסטאָכאָווער „ארבעטסלאַגער" זעקס דאָקטוירים. און היות דאָ זענען פאראן צופיל, וועט ער פונדאנען אוועקשיקן אהין. ער האָט פארשטייט זיך קיינעם נישט געפרעגט, ווער עס וויל פאָרן, נאָר אַליין אויסגעקליבן זעקס דאָקטוירים און זיי אָנגעזאָגט, אז אין עטלעכע טעג ארום זאָלן זיי זיין גרייט מיט זייערע פרויען און קינדער אוועקצופאָרן קיין ראַדאָמסקאָ. דער הויפּטמאן איז בעת דעם געשפּרעך געווען זייער העפלעך און כסדר געשמייכלט. ער האָט געזאָגט, אז די זעקס דאָקטוירים, וואָס וועלן דאָרט אהינפאָרן, וועלן אים דאנקבאר זיין אין דריי וואָכן ארום, אזוי גוט וועט זיי דאָרט זיין. קיינער נאַטירלעך האָט נישט גע־פרעגט, פארוואָס גראד אין דריי וואָכן ארום וועלן זיי אים דאנקבאר זיין.

אין עטלעכע טעג ארום האָט דער הויפּטמאן אויסגעביטן צוויי פון די פריער אויסגעקליבענע דאָקטוירים אויף אנדערע צוויי. מען האָט גע־שמועסט, אז דאָ האָט געשטעקט עמיצנס א האנט פון „יודן־ראט", ווייל אַלע האָבן געהאלטן, אז עס איז בעסער צו פארבלייבן דאָ אין „ארבעטס־לאַגער", איידער צו פאָרן ערגעץ צו אן אומבאקאנטן גורל.

אין מיטן דעצעמבער זענען די דאָקטוירים אוועקגעשיקט געוואָרן. זיי האָבן זיך אויסגעשטעלט מיט זייערע פרויען און קינדער אויפן פּלאַץ, וווּ עס האָט אויף זיי געוואַרט א לאַסט־אויטאָ.

דער „יודן־ראט" איז ארום זיי געזעגענען און מיטגעגעבן שפּייז און ווארעמע מלבושים. די רעשט דאָקטוירים און אנדערע יידן זענען געשטאנען אין „ארבעטסלאַגער" — דאָס געוועזענע געטאָ — הארט הינ־טער די דראָטן, פונוואנען זיי האָבן די אוועקפאָרנדיקע דאָקטוירים גע־זעגנט מיט טרערן אין די אויגן.

אַלע זענען געווען באהערשט פון א שלעכט פאָרגעפיל; דער הויפּט־מאן איז אין דער לעצטער מינוט געקומען אויפן פּלאַץ און נאָכאמאָל געזאָגט, אז אין דריי וואָכן ארום וועלן אים די דאָקטוירים דאנקבאר זיין.

די איינוווינער פון האנטווערקער־הויז האָבן נישט געטאָרט פאר־לאָזן דאָס הויז. זיי האָבן זיך אָבער געקאָנט מעלדן ביים יידישן געהילף־לייטער פון דער פּאָליציי, וואָס האָט געוווינט אין דעם זעלבן הויז, אז זיי דארפן צום דאָקטאָר. דעמאָלט זענען זיי דורך א יידישן פּאָליציאנט נעפירט געוואָרן אין „ארבעטסלאגער" און צוריק. א חוץ דעם האָבן די האנטווערקער פון דעם הויז געקאָנט יעדן זונטיק פארברענגען אין „אר־בעטסלאגער" ביי זייערע נאָענטע און באקאנטע. נאָכן באזוכן דאָס ערשטע מאָל דעם „ארבעטסלאגער" איז יעדער פון די האנטווערקער צוריקגעקומען פון דאָרט א צעבראָכענער. איך האָב אויך געוואָלט אָנקוקן דעם „ארבעטס־לאגער" און בין דעריבער אין א געוויסן נאָכמיטאָג אוועק אהין צוזאמען מיט אנדערע.

## XXXVI

# אין „ארבעטסלאגער"

נעפירט דורך א יידישן פּאָליציאנט, זענען מיר געגאנגען צו צוויי, יעדע פּאָר הינטער דער אנדערער; צוזאמען צען פּערזאָן.

מיר זענען געגאנגען אינמיטן וועג אויפן ברוק ווי די פערד און געטאָפּטשעט אין די בלאָטעס. די פארבייגייענדיקע פּאָליאקן האָבן אונדז געקוקט אין די אויגן אריין, באקאנטע האָבן נישט מער באגריסט, נאָר א שמייכל געטון פונדערווייטנס. אומבאקאנטע אנטיסעמיטן האָבן אונדז נעלאכט אין פּנים אריין און נאָכגעשריגן זידל־ווערטער. דערוואקסענע פּוילישע קינדער זענען אונדז נאָכגעלאָפן און געשריגן נישט נאָר צו אונדז נאָר אויך צום פּאָליציאנט אזעלכע באליידיקונגס־ווערטער, וואָס וואָלטן ביי יעדן אנדערן פּאָליציאנט אָנגערירט זיין האָנאָר.

אזוי זענען מיר געגאנגען דורך דער געגנט לאנגער ווילסאָן־גאס ביז צום עק. דאָ זענען מיר אריין אין דער ערשטער גאס פון דעם געוועזענעם

געטאָ. די גאַס האָט זיך גערופן „קרוטקאַ". מיר האָבן דאָרט דערזען אַ שרעקלעך בילד:

די פענסטער פון די הייזער, אין וועלכע עס האָבן זיך ביז ערשט נישט לאַנג געפונען יידן, זענען געשטאַנען אָפן, די שויבן זענען געווען אויסגעבראָכן, די ראַמען האָבן נאָכגעהאַנגען אויף די האַלב־אָפּגעריסענע אייזנדלעך. דער ווינט האָט געבלאָזן אַרויס און אַריין די דורכגענעצטע פון רעגן גאַרדינען און ראָלעטן. מען האָט געהערט ווי פון אינעווייניק האַקן זיך די טירן אויף און צו. דער ווינט איז געלאָפן פון הויז צו הויז, פון דירה צו דירה און פון צימער צו צימער. די טויערן פון די הייזער זענען געשטאַנען אויפגעפּראַלט אין דער גאַנצער ברייט און בעת מען האָט אין פאַרבייגיין געוואָרפן אַ בליק טיפער אין הויף, האָט מען געקאָנט זען ליגן צעבראָכענע שטיקער מעבל, פאָטאָגראַפיעס און פּאָרטרעטן. פאַר די טויערן אויף דער גאַס האָבן זיך געוואַלגערט פאַרשידענע ספרים — חומשים, גמרות, סידורים, מחזורים; אין די רינשטאָקן — טעפּ, שיס־לען און אַנדער געשיר. ביי עטלעכע געוועלבער זענען געווען די טירן אויפגעריסן און אינעווייניק האָבן זיך געוואַלגערט איבערבלייבענישן פון די סחורות. עס איז קענטיק געווען, אַז די געשעפטן זענען אויסגעפּלינדערט געוואָרן און מען האָט בלויז איבערגעלאָזט די מינדערווערטיקע רעשטן.

אַזוי זענען מיר, די צען מענטשן, געפירט פון יידישן פּאָליציאַנט, פאַרבייגעגאַנגען גאַסן, וווּ עס האָבן פריער געוווינט טויזנטער יידן, וווּ עס האָט געברויזט אַ יידיש לעבן, וווּ כמעט יעדעס אָפענע פענסטער האָט דערמאָנט אָן פריינט און באַקאַנטע; אָבער איצט איז אַלץ געווען פּוסט און וויסט. מען האָט נישט געזען קיין לעבע־דיק נפש. מיר זענען פאַרבייגעגאַנגען דעם פּלאַץ, וואָס האָט זיך גערופן „קליינער וואַרשעווער מאַרק", ווידער האָבן מיר געזען ליידיקע, פאַרלאָז־טע הייזער. פון דאָזיקן מאַרק זענען מיר צוגעקומען צום „אַרבעטסלאַגער" און זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ גרויס טויער. עס האָט זיך באַוויזן אַ וואַכ־מייסטער, אַ הויכער, דיקער פאַרשוין מיט אַ רויט פּנים און געפרעגט: „ווער זינד די בומעל־מענער?", דאָס הייסט: ווער זענען דאָס די ליידיק־גייער? דער יידישער פּאָליציאַנט מעלדעט אים, אַז ער האָט אהערגעפירט פון האַנטווערקער־הויז צען מענטשן צום דאָקטאָר. מיר דערוויסן זיך, אַז

דער פארשווין איז דער שעף פון „ארבעטסלאגער" און ער הייסט אויבער־שעער. די יידישע פּאָליציאנטן האלטן פון אים, זיי דערציילן, אז ער באוויליקט מיט עטלעכע פון זיי צו טרינקען און עסן, אָבער דאָס שטערט אים נישט צו דערשיסן יידן ביי יעדער געלעגנהייט און צו שלאָגן פאר דער מינדסטער קלייניקייט.

מיר זענען אריינגעגאנגען דורך דעם גרויסן טויער, פאר וועלכן עס איז געשטאנען א פוילישער פּאָליציאנט אויף דער זייט פון מארק און א יידישער אינעווייניק אין לאגער.

איך האָב מיך געלאָזט גיין אין איינעם פון די דריי קורצע און שמאָלע געסלעך. איך האָב אָנגעטראָפן עטלעכע יידישע פּאָליציאנטן, וועלכע האָבן מיך אָנגעקוקט מיט חשד, ווי זיי וואָלטן זאָגן: „וואָס טוסטו דאָ?" דער־נאָך האָב איך געטראָפן א באקאנטן פּאָליציאנט, וועלכער האָט מיר געזאָגט, אז איך זאָל זיין פאָרזיכטיק, ווייל פון פארטאָג ביז 5 נאָכמיטאָג טאָר זיך קיינער נישט געפינען אין גאס, נאָר אלע מוזן זיין ביי דער ארבעט. בלויז די יידן, וואָס ארבעטן אין די פאבריקן ביינאכט, מעגן זיך באוועגן אין די דריי געסלעך פון „ארבעטסלאגער". זיי טראָגן ספּעציעלע געלע בענדער אויף די אָרעמס מיט אויפשריפטן „נאכט־שיכט". אויב א ייד ווערט גע־טראָפן אין גאס בעת די ארבעט־שעהען, ווערט ער דערשאָסן.

דער פּאָליציאנט דערציילט מיר נאָך, אז דער הויפּטמאן דעגענהארדט אליין קומט דאָ אהער גאָר אָפט. ער שפּאציערט ארום און זוכט. ער הייסט זיך עפענען די וווינונגען און קאָנטראָלירט, אויב עס געפינט זיך עמעצער באהאלטן. איינמאָל האָט ער אָנגעטראָפן אין א וווינונג צוויי יונגעלייט, איינער איז געווען פון דער „נאכט־שיכט" און דער צווייטער — א שוואַ־כער, וואָס האָט גראד דעם טאָג נישט געקאָנט גיין צו דער ארבעט. דער הויפּטמאן האָט באפוילן דעם יונגנמאן פון דער „נאכט־שיכט" אָפּצופירן אויף דער דייטשער וואך און דעם צווייטן צו דערשיסן.

עס איז געווען דריי אזייגער נאָכמיטאָג; איך האָב דעריבער גע־וואָרט, ביז עס וועט ווערן פינף, ביי מיין באקאנטן פּאָליציאנט אין שטוב. די וווינונג האָט זיך געפונען אין א הויז, וואָס איז געווען ספּעציעל בא־שטימט פאר יידישע פּאָליציאנטן. זיי האָבן דאָרט געוווינט מיט זייערע פאמיליעס, יעדע פאמיליע אין א באזונדער צימער, די מער אָנגעזעענע

האָבן געוווינט אין צוויי צימערן. די פרויען פון די פּאָליציאַנטן זענען געווען פריי פון ארבעט, אויך קליינע קינדער האָבן זיי געמעגט ביי זיך האַלטן „לעגאַל" (דאָס איז געווען א „פּריווילעגיע"), אָבער אַלע זענען געווען פול מיט זאָרג פאר דעם ווייטערדיקן גורל. יעדע מוטער האָט געזוכט עצות ווי אזוי אריבערצוגעבן דאָס קינד אויף דער „ארישער זייט". מען האָט פאַרגעפילט, אז דער הויפּטמאַן וועט אין דעם „ארבעטסלאַגער" נישט איבערלאָזן קיין קינדער. ער קאָן נישט זען קיין נפש, וואָס ארבעט נישט. מען האָט אויך נישט געגלויבט, אז ארבעטנדיקע וועט ער יאָ לאָזן לעבן. מען איז בכלל געווען סקעפּטיש צום גורל פון גאַנצן „ארבעטס-לאַגער".

מיטאמאָל האָב איך דערהערט א גערויש הינטער דער טיר. די פרוי איז ארויס פון שטוב און באַלד צוריקגעקומען מיט א מאַן, צו וועלכן זי האָט געזאָגט: „דער טאַטע קאָן דאָ פאַרבלייבן, דער ייד איז אונדזערער א באַקאַנטער פון „האַנטווערקער-הויז".

הערנדיק די פרוי אָנרופן דעם אריינגעקומענעם: „טאַטע", האָב איך אָנגעשטעלט אויף אים דעם בליק, ווארום איך האָב דער פרויס פאָטער גוט געקענט; עס איז מיר אָבער שווער געווען אים צו דערקענען, אזוי האָט דער ייד זיך געענדערט. ער איז פאר דער מלחמה געווען וויצע-פּרעזעס פון דער יידישער קהילה אין טשענסטאָכאָוו, א ייד אין די זעכציקער, מיט א לאַנגער ברייטער באָרד, ער האָט געהאַט א געשעפט פון גאַלאַנטעריע-סחורות אין דער שענסטער געגנט פון שטאָט. איצט האָב איך אים געזען א גלאַט ראַזירטן, די גרויע האָר געפארבט אויף שווארץ, זיין ברייטע פיגור איז ווי איינגעשרומפּן געוואָרן. מיט טרערן אין די אויגן האָט ער מיר דערציילט, אז ער איז דאָ מיט זיין פרוי. גאַנצע טעג און נעכט ליגן זיי באַהאַלטן אין א קעלער און זיי קענען שוין נישט איבערטראָגן די צרות. איך האָב געוואָלט זען אויך זיין פרוי און דעריבער געווארט ביז עס וועט פינסטער ווערן. די טאָכטער איז נאָך איר געגאַנגען און זי אריינגעפירט אין שטוב. זי איז אריין שטיל — „מען מוז זיך היטן פאר די אייגענע יידן", דערקלערט זי מיר. די פרוי האָט מיך באַלד דערקענט, איך אָבער האָב מיך געמוזט גוט איינקוקן, ביז איך האָב אין איר דערקענט די אמאָל שיינע און סימפּאַטישע פרוי. זי האָט מיר געזאָגט, אז עס איז איר שוין

פארמיאוסט דאָס נאנצע לעבן, זי האלט זיך נאָך, ווייל די טאָכטער וויל אזוי, אָבער זי קאָן שוין מער נישט אויסהאלטן אזוי פיל פּיין.

די צוויי עלטערע מענטשן האָבן זיך צעוויינט ווי קליינע קינדער. זיי האָבן באדויערט, פארוואָס זיי זענען נישט מיטגעגאנגען מיט אלע אנ־דערע יידן קיין טרעבלינקע. זייער איידעם, דער פּאָליציאַנט, האָט זיך אָנ־געשטרענגט מיט אלע זיינע כוחות און מיטלען, כדי זיי אויסצובאהאלטן אין לעכער, אויף בוידעמער, ער האָט זיי געפירט פון איין אָרט אויפן אנדערן, פון איין טויער צום צווייטן, איבערגעקויפט זשאנדארמען, כדי זיי צו ראטעווען, ביז ער האָט זיי ענדלעך דאָ אהערגעבראכט אין „נייעם געטאָ", אין איצטיקן „ארבעטסלאגער". קיין וווינונג קאָן מען פאר זיי נישט נעמען, ווייל זיי זענען „אומלעגאל" און האָבן נישט קיין נומערן. מוזן זיי זיין באהאלטן, אָבער מען לעבט כסדר אין שרעק, ווייל מען ווייסט דאָך, אז סוף כל סוף וועלן דאָ די מערדער ארייגפאלן און אויסגעפינען זייערע קרבנות.

עס איז שוין געווען גוט פינסטער, ווען איך בין ארויס אין דרויסן. די געסלעך פון „ארבעטסלאגער" זענען געווען שוואך באלויכטן. איך האָב אָנגעטראָפן א באקאנטן, וואָס איז געווען דירינגענט פון כאָר ביים „טאָז". מיר האָבן זיך ביידע דערפרייט, וואָס מיר לעבן נאָך, ער האָט מיך פאר־בעטן צו זיך אין וווינונג. מיר זענען געגאנגען דורך די געסלעך און איך האָב דערהערט יידן אויסרופן: „פלייש צו פארקויפן! פריש ברויט, פריי־שע זעמל און בייגל, וווּרשט, הערינג, צוקער, בראנפן".

איך בין צוגעגאנגען נענטער און דערזען די ארבעטער, וואָס זענען נאָר וואָס געקומען פון דער ארבעט. זיי זענען איצט געוואָרן הענדלער. די אלע זאכן האָבן זיי מיטגעברענגט פון דער „ארישער זייט", דאָרט גע־קויפט אָדער איינגעטוישט פאר קליידונג־זאכן און דאָ פארקויפן זיי ווי־דער. די פרייזן זענען הויכע. אין „ארבעטסלאגער" ווערט אויסגעארבעט וווּרשט, מיר גייען דורך א גרויסן הויף, איבער בערגלעך און לעכער, דורך הינטער־גענג און הינטער־טירן. אויף יעדע פּאָר טריט שטייט א ייד און זאָגט אָן די קונים, וואָס מען קאָן היינט באקומען. מען טוט גוט אכטונג, צי עס גייט נישט ווער, פאר וועלכן מען דארף זיך היטן. היינט זענען דאָ קליינע וווּרשטלעך. קונים גייען אריין און ארויס. אלץ גייט צו שטיל און

פּאַרזיכטיק: פאר אויסארבעטן וואָרשט קומט טויט־שטראָף. אָבער די באַדינגונגען זענען שוין אזעלכע, אז מען שטעלט איין דאָס לעבן, ווארום סיי ווי סיי איז דאָס לעבן כסדר איינגעשטעלט.

אין אנדערן געסל פארקויפן יידן הויזן, מאנטלען, וועש און אַלערליי זאכן צום אָנטון. דאָס איז די סחורה, וואָס ווערט יעדן טאָג צוגענומען פון די פארלאָזטע יידישע הייזער און אוועקגעפירט אין די גרויסע מאגאַזינען אויף גאַריבאַלדי־גאַס. די יידישע זאכן פון געוועזענעם געטאָ ווערן סאָרטירט דורך יידן, וואָס ארבעטן ווי שקלאַפן. כדי צו קענען לעבן, שטעלן די דאָזיקע שקלאַפן־ארבעטער — גוט דערצויגענע יידישע קינדער — איין דאָס לעבן און „גנבענען" ארויס זאכן, אָנטוענדיק זיי אויף זיך, ביים אוועקגיין פון דער ארבעט. זיי ריזיקירן אזוי ארום זייער לעבן יעדן טאָג, ווארום זיי „גנבענען" דאָך ביי די דייטשן די יידישע מלבושים.

איך בין ארויפגעגאנגען מיט מיין פריינט צו אים אין וווינונג, וואָס באַשטייט פון א צימער מיט א קיך. עס האָבן זיך מיר גלייך געוואָרפן אין די אויגן זיבן הילצערנע און אייזערנע בעטן, טייל אונטערגעשפּארטע מיט שטיקער האָלץ. עס האָבן זיך ארומגעדרייט פיר פרויען. עס איז געווען זייער ענג. בענקלעך צו זיצן זענען געווען ווייניק. מען איז ס׳רוב געזעסן אויף די בעטן.

אין איין בעט האָב איך געזען ליגן א יונגנמאן. איך האָב געפרעגט מיין פריינט, פארוואָס דער ייד ליגט אין בעט, צי איז ער קראנק?

דער קראנקער אליין האָט מיר געענטפערט: „עס איז מיר גאָרנישט. פון לאנגווייליקייט ליג איך".

ער האָט זיך געוווּנדערט, וואָס איך האָב אים נישט דערקענט. איך האָב מיך גענומען צוקוקן נענטער און געזען א מענטש מיט אן אויסגעדארט פנים, מיט א קאפּל אויפן קאָפּ, אָבער איך האָב אים נישט געקאָנט דערקענען.

דאן זאָגט מיר דער מענטש:

„איך בין דער היגער שטאָט־חזן — געוועזן".

מיך האָט ארומגענומען א שוידער. איז דאָס דער חזן? דער חזן מיט זיין ברייטער באָרד, מיט דעם לאנגן, ברייטן פנים; דער חזן וועלכער

פלעגט גיין שטאָלץ איבער די יידישע גאסן יעדן פרייטיק פארנאכט און שבת צום דאווענען אין שול אריין ?

ווי אנדערש ער איז געוואָרן. גאָרנישט דער זעלבער מענטש.

איך האָב אים גאָרנישט געפרעגט וועגן זיין פאמיליע. איך האָב מורא געהאט אָנצורירן א צעווייטיקט אָרט. ער אליין אָבער האָט נישט געפרעגטערהייט גענומען מיר דערציילן :

— איך בין א בחור געוואָרן — זאָגט ער מיט ביטערניש.

זיין פרוי מיט זיינע זיבן קינדער, איינס קלענער פארן אנדערן, זענען אוועקגעשיקט געוואָרן. אצינד מוז ער יונג אויסזען, ער איז דאָ איינגע־מאָלדן אלס פינף און צוואנציק יעריקער. די באָרד איז אָפּראזירט, ער איז זייער מאָגער געוואָרן. עס איז עפּעס ארויסגעוואקסן א נייער מענטש, גאָרנישט דער פריערדיקער. א בחור איז געוואָרן פון א ייד, וואָס האָט געהאט א פרוי מיט זיבן קינדער !

מיטאמאָל האָט ער זיך געטון א האסטיקן זעץ־אויף אין בעט, דאָס פּנים איז אים געוואָרן רויט ווי אָנגעגאָסן מיט בלוט, ער האָט צונויפגע־באַלט די פויסטן און זיך ווילד צעשריגן :

— די מערדער ! זיי האָבן מיך יונג געמאכט ! פאר א בחור מיך געמאכט ! מיינע זיבן קינדער אומגעבראכט ! מיין פרוי דערמאָרדעט !

דער צאָרן האָט אים געטון א ריס ארויס פון בעט. ער האָט זיך שנעל אָנגעטון, צערייסנדיק דערביי זיין ראָק. דערנאָך האָט ער זיך געטון א זעץ אנידער ביים טיש, באלד זיך צוריק אויפגעשטעלט — ער האָט זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען.

מיין פריינט האָט צו מיר געוואונקען. איך זאָל אָנהייבן מיט אים רעדן וועגן עפּעס אנדערש, כדי ער זאָל זיך בארואיקן. איך האָב געפּרוּווט דאָס טון, אָבער ער האָט נישט אָפּגעלאָזט. ער קאָן זיין צער נישט פאר־געסן. ער האָט אָנגעהויבן ארומגיין איבער דער שטוב, רעדנדיק ווי צו זיך אליין :

— איך גיי יעדן טאָג צו דער ארבעט, איך בין א שקלאַף. איך אר־בעט אין א פאבריק. צו וואָס טויג מיר דאָס אלדינג ? נאָך וואָס לעב איך נאָך ? זיין א שקלאַף ביי די דייטשן !

טייל פון די אנדערע שטוב־מענטשן האָבן זיך געזעצט ביי אן עס

טיש און ארויפגעלייגט ברויט.ביים אנדערן עק עסט א צווייט פּאָרפּאָלק, וואָס וווינט דאָ. יעדער עסט פאר זיך. די בענקלעך צום זיצן ווערן אָפּגעגעבן צו די, וואָס ווילן זיך זעצן עסן. פיר פּאָרפעלקער און פיר „בחורים" וווינען אין דער דירה. בייטאָג זענען אלע ביי דער ארבעט, סיי מענער, סיי פרויען. פארנאכט קומען זיי זיך צוזאמען און ברענגען פון דער קיך זופּ מיט א שטיקל ברויט און ווער עס האָט געלט קויפט זיך אין גאס אנדערע זאכן.

מיין באקאנטער, דער דיריגענט, זייער א ליבער מענטש, דערציילט מיר, אז זיין פרוי און קינד זענען אוועקגעשיקט געוואָרן און ער איז אליין. דאָס לעבן איז אים נמאס, אָבער וואָס זאָל ער טון, ער האָט נישט קיין מוט א סוף צו מאכן מיט זיך, אָבער ער וואָלט דאָס זייער גערן געטון.

איך כאַפּ זיך, אז איך האָב באדארפט זיין זיבן אזייגער ביים ארויסגאנג פון „ארבעטסלאגער", כדי אהיימצוגיין מיט מיין גרופּע. עס איז שוין אָבער געוואָרן האלב אכט. איך האָב זיך געזעגנט מיט מיינע פריינט און בין שנעל אראָפּ צו די דראָט־פארצוימונגען, ווו איך האָב זיך דערוווּסט, אז מיין גרופּע איז שוין מיט א האלבער שעה צוריק אהיימגעגאנגען. מיר בלייבט נישט קיין אנדער עצה ווי צו נעכטיקן אין „ארבעטסלאגער" און פארטאָג זיך ארויסקריגן פון דאָרט צוזאמען מיט א גרופּע ארבעטער, וואָס וועט ארויסגיין צו דער ארבעט. אין „ארבעטסלאגער" איז דערלויבט צו גיין אין גאס ביז ניין אזייגער. איך בין פּאמעלעך גענאנגען איבער די געסלעך און געטראָפן נאָך עטלעכע באקאנטע, וועלכע איך האָב דערציילט מיין פארלעגנהייט. איינער פון זיי האָט מיך גענומען מיט זיך און געזאָגט, אז ער וועט מיר אויסבעטן א געלעגער אויף דער ערד אין א ווינקל. איין נאכט, זאָגט ער, קאָן מען אזוי אויך שלאָפן. א ייד קאָן אלדינג!

איך בין אריינגעקומען אין א גרויס צימער, אין וועלכן עס האָבן געוווינט זעקס מענטשן. דריי מענער און דריי פרויען. יונגע פרויען, וועלכע זענען פארבליבן אָן מענער און מענער, וואָס זענען פארבליבן אָן די פרויען. זיי האָבן באשלאָסן צו וווינען צוזאמען און חתונה צו האָבן. סיי די מענער, סיי די פרויען איז שווער צו לעבן אליין. יעדן פון זיי איז נע־

שען א גרויס אומגליק, אָבער דער דראנג צום לעבן איז גרויס און מען זוכט זיך צו ראטעווען.

איך האָב דאָ געזען א יונגע שיינע פרוי, וואָס האָט פאר דער מלחמה געוווינט אין אן אייגענער ווילע מיט איר מאן און צוויי שיינע קינדער. אצינד האָט זי געוווינט אין דעם צימער פאר זעקס מענטשן — צוזאמען מיט א יונגנמאן אין אירע יאָרן. יעדער פון זיי איז א גאנצן טאָג ביי דער ארבעט, פארנאכט קאָכט די פרוי עסן. זיי האָבן פארנומען א דריטל פון דעם צימער, זייער „מעבל" איז באשטאנען פון א בעט און א שענקל, מיטן רוקן פון געוועזענעם ברעטער צו דער שטוב ארויס. דאָס האָט גע־זאָלט אָנדייטן אויף א מין פאָרהאנג, וואָס טיילט אָפּ זייער שטיקל וווינונג פון דער רעשט שטוב.

אין א צווייטן ווינקל פון דעם צימער האָט „געוווינט" מיין באקאנ־טער מיט א מיידל, וואָס איז געוואָרן א יתומה ביי אן „אקציע". ער האָט געהאט א פרוי מיט צוויי קינדער. זייענדיק פריער א פּאָליציאנט, האָט ער באוויזן זיין פאמיליע אויסצובאהאלטן. אָבער בעת דער „אקציע", ווען ער איז געווען אויף „דינסט", האָט א זשאנדארם אנטדעקט זיין פאמיליע און אוועקגעפירט צו די וואַגאָנען. איצט האָט ער חתונה געהאט מיט דעם פאריתומטן מיידל.

דאָס דריטע שטוב־ווינקל איז געווען פארנומען דורך א יונגנמאן מיט א פרוי. דער יונגערמאן איז שטענדיק געווען אן ארבעטער אָן שום ספּעציאליטעט. זיין פרוי און קינד זענען אוועקגעשיקט געוואָרן בעת דער דריטער „אקציע", האָט ער חתונה געהאט מיט זיין פרויס א שוועסטער, וועלכע איז געבליבן איינע אליין. דער דאָזיקער יונגערמאן פארדינט מער ווי אלע אנדערע מיטוווינער זיינע. ער איז געוואָרן א פורמאן און פירט ארויס די זאכן פון געוועזענעם געטאָ אין די מאגאזינען אריין אויף גאַ־ריבאַלדי גאס. ער האָט די מעגלעכקייט יעדן טאָג אויסצובאהאלטן פאר־שידענע זאכן, וועלכע ער ברענגט אהיים און גיט זיי צו פארקויפן זיינע מיטוווינער, ווען זיי גייען אויף זייערע ארבעט־פּלעצער. זיי ברענגען אהיים פאר די זאכן געלט אָדער טוישן זיי אוים אויף שפּייז־פּראָדוקטן.

די דריי פּאָרלעך עסן גוט, טרינקען אלקאָהאָל און רויכערן. זיי ווילן

פאַרגעסן אין אַלעם, וואָס איז געווען און נישט טראַכטן דערפון, וואָס וועט זיין ווייטער.

אין פערטן ווינקל פון שטוב שטייט אַן אויוון צום קאָכן, וועלכן עס באַנוצן אַלע. אין מיטן צימער שטייט אַ גרויסער טיש מיט בענקלעך אַרום, וואָס ווערט אויך באַנוצט פון אַלע.

זיי האָבן מיר דערציילט, אַז עס גייען אַרום קלאַנגען, מען זאָל אין די נאָענטסטע טעג ווידער דורכפירן אַן „אַקציע". דער הויפּטמאַן האָט געזאָלט עמעצן זאָגן, אַז ער ווייסט פון עלטערע מענטשן און קינדער, וואָס זענען אויסבאַהאַלטן אין „אַרבעטסלאַגער". אָבער אויף זיכער ווייסט מען גאָרנישט.

איך בין יענעם אָוונט געזעסן ביי אַ גרויסן טיש אין אַ גרויסער שטוב צוזאַמען מיט די ווערליק פאַר איין צימער אַ ביסל צופיל לאָקאַטאָרן און געשמועסט שיעור נישט „געמיטלעך". אויפן טיש האָט זיך געפונען אַ געבראָטענע גאַנז און אַ ליטער בראַנפן. די פענסטער־לאָדנס זענען געווען פאַרמאַכט, די טירן פאַרשלאָסן און טיילמאָל פלעגט זיך טאַקע אַ רגע קענען אויסדאַכטן, אַז דאָ זיצן מענטשן ווי אין אַ נאָרמאַלער צייט און פאַרברענגען — אַ ביסל אויף אַ פּרימיטיוון אופן, אָבער נאַטירלעך און געמיטלעך.

די מענטשן האָבן אויף כוח געוואָלט זיך און איינער דעם אַנדערן איינרעדן, אַז זיי ווילן און אַז זיי האָבן פאַרגעסן, וואָס עס איז געשען מיט זיי און אַרום זיי אין די לעצטע פּאָר וואָכן, און אַז זיי ווילן נישט קלערן, וואָס זיי דערוואַרט ווייטער, — „זיי ווילן בלויז לעבן און ווייטער גאָרנישט!"

אָבער אינדעראמתן איז עס געווען גאָר אַנדערש. טיף אין האַרץ האָט ביי יעדן געדריקט אַ שווערער שטיין, און עס האָט זיי נישט אויפגעהערט קיין איין רגע צו פּייניקן.

ווען די ערשטע גלעזלעך בראַנפן זענען געווען אויסגעליידיקט, האָבן די פרויען איינע נאָך דער אַנדערער אַרויסגענומען זייערע טיכלעך און אָנגעהויבן ווישן די אויגן, צוערשט אומבאַמערקט, דערנאָך האָבן די טרערן גענומען פאַלן האַסטיק און שווער און צום סוף האָבן זיי זיך צעוויינט הויך אויפן קול.



דער נאַצי־מערדער היינריך קעסטנער, וואָס האָט אויף אַ בלוטיקן אויפן ליקווידירט דאָס קליינע געטאָ.

(פאָטאָגראַפירט נאָכן אַרעסטירן אים, ווען טשענסטאָכאָוו איז באַפרייט געוואָרן דורכן פוילישן מיליטער)

— וואָס וויינסטו ?, — האָט געפרעגט דער „נייער" מאַן זיין „נייע" פרוי, וועלכע האָט ביי דער „אקציע" פארלוירן אירע צוויי קינדער.

די פרוי איז אויפגעשטאַנען פון טיש, זיך א וואקל געטון און ארויפגעפאלן אויפן בעט מיט א הארצרייסנדיק געוויין.

— ווו זענען איצט מיינע קינדער ? — האָט זי כמעט היסטעריש געשריגן.

ביים וואָרט „קינדער" ווערן ביי מיין פריינט די אויגן פארלאָפן מיט טרערן. ער האָט זיך אוועקגעדרייט אין א ווינקל פון שטוב און גע־נומען ווישן באהאלטענערהייט די אויגן. ביסלעכווייז האָט ער זיך צוגע־שארט צו דער טיר און איז ארויס פון צימער, כדי צו באוויינען זיין פרוי און די צוויי טעכטערלעך. אלס מאנספערשוין, האָט ער מסתמא געהאלטן, איז נישט „פאסיק" צו וויינען פאר אלעמען אין די אויגן אזוי ווי פרויען.

צום סוף האָט זיך אויך צעוויינט די פרוי, וואָס האָט חתונה געהאט מיט איר שוועסטערס מאַן און די גאנצע שטוב איז שוין פול געווען מיט טרויער און געוויין.

די געבראָטענע גאנז איז געבליבן שטיין א נישט דערעסענע, דער בראָנפן א נישט אויסגעטרונקענער און אלע האָבן זיך געלייגט שלאָפן.

איך האָב מיך אויך אנידערגעלייגט אויף דער ערד אין א ווינקל נעבן אויוון. אין דער שפּעטער נאכט־שטילקייט האָב איך געהערט טיפע זיפצן. ווען איין פרוי האָט שוועַר אָפּגעזיפצט, האָט זיך באלד ווי אין אן ענטפער אָנגערופן א צווייטע, דערנאָך די דריטע. צום סוף האָבן אונטערגעכאפּט די מענער און עס האָבן זיך געהערט זיפצן פון אלע ווינקלען ארויס.

אזוי האָט אויסגעזען דאָס לעבן פון די נייע זווגים.

איך האָב נישט געקאָנט איינשלאָפן און זיך צוגעהערט צום פּאַ־מעלעכן טיקען פון א זייגער. ווען ער האָט אויסגעשלאָגן פינף, האָב איך דערהערט א טראָמפּייט, ענלעך צו דעם, וואָס איך פלעג הערן בעתן דינען אין מיליטער — אינדערפרי צום אויפוועקן און ביינאכט צום שלאָפן גיין.

אלע האָבן זיך האסטיק אויפגעכאפּט און ארויס פון די בעטן. מיין באקאנטער האָט גענומען א גרויסן טאָפּ און ארויס אין גאס. באלד איז ער צוריקגעקומען מיט שווארצע קאווע. אלע האָבן זיך גיך אָנגעטון, גע־טרונקען א ביסל קאווע און אריבערגעלייגט איבער די אָרעמס ברייטע

טאַרבעס מיט ברייטע שטרייפן פון זאַק־לייוונט. קיינער האָט שוין נישט קיין צייט געהאט מיט מיר צו רעדן. יעדער האָט זיך געאײלט צו זיין אַר־בעטער־גרופּע.

איך האָב מיך געלאָזט צום ארויסגאנג פון „ארבעטסלאגער". עס האָט דאָרט געהערשט א גרויסע באוועגונג; אויפן פּלאַץ זענען געווען מאסן מענטשן און יעדער האָט געזוכט זיין גרופּע. אלע ווערן אויסגע־שטעלט צו דריי אין א ריי, יעדע גרופּע האָט א פירער. ביים טויער איז געשטאנען דער לייטער פון די ארבעט־שטעלן מיט א צעטל און איבער־געציילט וויפל מענטשן עס זענען געווען אין יעדער גרופּע. דער שעף פון „ארבעטסלאגער", דער וואכמייסטער, איז געשטאנען פון דער אנדערער זייט טויער, אלע פארבייגייענדיקע יידן האָבן אים באגריסט, אראָפּנעמענדיק דאָס היטל פון קאָפּ. עטלעכע גרופּעס האָט ער אָפּגעשטעלט: עפּעס איז אים נישט געפעלן געוואָרן. די טאַרבע איז ביי עמעצן געווען צו דיק. ער האָט ביי עטלעכע געזוכט, דערלאנגט עמעצן פּעטש אין פּנים אריין און געשריגן מיט באנומענע קולות.

אזוי זענען ארויס פון „ארבעטסלאגער" עטלעכע טויזנט שקלאַפן צו פארשידענע ארבעט־פּלעצער.

איך בין ארויס מיט א גרופּע ארבעטער, וואָס איז געגאנגען אין האנטווערקער־הויז.

* * *

דער הויפּטמאן דעגענהארדט האָט באפוילן דעם „יודן־ראַט" צונויפצושטעלן א רשימה פון די יידן, וועלכע האָבן קרובים אין ארץ־ישראל. מען האָט געשמועסט, אז דאָס זאָל האָבן א שייכות מיט אן אויס־טויש צווישן דייטשלאנד און ענגלאנד; דער אויסטויש האָט געזאָלט זיין פון דייטשן וואָס געפינען זיך אין ענגלאנד אויף יידן פון „גענעראל גוווערנעמענט".

אנדערע ווידער האָבן חושד געווען, אז מיט דער רשימה איז דער הויפּטמאן אויסן ארייננצונארן די מענטשן און זיי אוועקצופירן ווער ווייסט וואוהין. איז ווידער נישט קלאָר געווען: צו וואָס דאַרף ער אונדז „אריינ־

גארן" מיט רשימות, אויב ער קאָן סיי ווי סיי מיט אונדז מאכן וואָס ער וויל נאָר.

די רעגיסטראציע האָט זיך אָנגעהויבן. דער „יודן־ראט" האָט צו־נויפגעשטעלט עטלעכע רשימות. א באזונדערע רשימה פון קינדער, וואָס האָבן דאָרט עלטערן; פון אזעלכע, וואָס האָבן דאָרט ברידער אָדער שוועסטער, פאָטערס אָדער מוטערס, דערנאָך א באזונדערע רשימה פון די, וואָס האָבן דאָרט ווייטע קרובים.

א סך מענטשן האָבן זיך געלאָזט רעגיסטרירן אין די דאָזיקע רשימות.

אין עטלעכע טעג ארום נאָך דער רעגיסטראציע איז ביי אונדז באַ־קאנט געוואָרן, אז אין „ארבעטסלאגער" הערשט אן אומרואיקייט. אין א געוויסן טאָג, ווען די יידישע פאָליציאנטן, וואָס האָבן געוווינט ביי אונדז אין האנטווערקער־הויז, זענען געקומען אויף מיטאָג, האָבן זיי דערציילט, אז נאָכדעם ווי די ארבעטער־גרופּעס, וואָס ארבעטן מחוץ דעם „ארבעטסלאגער", זענען אוועק צו זייערע ארבעט־פּלעצער, איז געקומען דער הויפּטמאן און באפוילן, אז אלע יידן וואָס זענען געבליבן אויף זייערע ארבעט־שטעלן אין „ארבעטסלאגער", דהיינו אין „יודן־ראט", אין דער קיך, אין שפּיטאָל, אין די מאגאזינען און אין דער וועשעריי — זאָלן זיך אויסשטעלן אויפן קליינעם מארק.

ווען אלע זענען געווען פארזאמלט, האָט דער הויפּטמאן אויסגע־קליבן צוויי הונדערט יונגע מענער און זיי אָפּגעשיקט דורך פּוילישע פּאָ־ליציאנטן אויף דער דייטשער וואך.

וואָס מיט די מענטשן איז געשען, האָבן די פּאָליציאנטן נישט גע־ווּסט צו דערציילן, זיי האָבן בלויז געוווּסט, אז אהין פלעגט מען געווע־לעך שיקן מענטשן, וואָס האָבן זיך מיט עפּעס פארזינדיקט און פון דאָרט איז נאָך קיינער נישט צוריקגעקומען. און אזוי ווי די צוויי הונדערט יונגע מענטשן האָבן זיך מיט גאָרנישט פארזינדיקט, איז דאָס געווען עפּעס נייעס, און דערפאר האָט געהערשט א געדריקטע שטימונג.

די מענטשן זענען דאָרט געזעסן ארעסטירט דריי טעג. קיינעם פון זייערע נאָענטע האָט מען צו זיי נישט צוגעלאָזט. עסן האָבן זיי באקומען

פון דער קיך דורך פּוילישע פּאָליציאַנטן, געשלאָפּן זענען זיי אויף דער הוילער ערד.

אויפן דריטן טאָג זענען אָנגעפאָרן אויפן קליינעם מארק עטלעכע לאַסט־אויטאָס פון אן אמוניציע־פאַבריק אין סקאַזשיסקאָ און די יונגעלייט זענען פארלאָדנט געוואָרן. ביים פארלאָדענען האָבן צוויי יונגעלייט געפּרוּווט אנטלויפן און זיי זענען דערשאָסן געוואָרן.

אין א וואָך ארום אין א זונטיק־טאָג איז צו מיר אין שטוב אריינגע־קומען א פּאָליאַק פון סקאַזשיסקאָ און מיר איבערגעגעבן צוואַנציק בריוו און א ספּעציעלן בריוו צו מיר, אין וועלכן מיין קוזין, וואָס איז אוועקגע־שיקט געוואָרן צוזאמען מיט די יונגעלייט, בעט מיך די אלע בריוו איבער־צוגעבן די פרויען און פאמיליעס פון די אוועקגעשיקטע.

פון די בריוו האָט מען זיך דערוווּסט, אז די יונגעלייט זענען געשיקט געוואָרן ארבעטן אין אן אמוניציע־פאַבריק אין סקאַזשיסקאָ. באלד נאָך זייער אָנקומען האָט מען ביי זיי צוגענומען זייערע מלבושים און אלץ וואָס זיי האָבן געהאט ביי זיך און מען האָט זיי געגעבן פּאַפּירענע אָנצוגן. זיי מוזן דאָרט ארבעטן ביי כעמישע שטאָפן, וואָס שעדיקן די לונגען און ביי זייער שווערע באדינגונגען. דאָס עסן איז זייער שלעכט און קנאַפּ און שלאָפן מוזן זיי אויף דער הוילער ערד. ווער עס ווערט קראַנק, ווערט דערשאָסן.

אלע בריוו־שרייבער האָבן געבעטן ביי זייערע נאָענטע, מען זאָל זיי שיקן געלט דורך דעם איבערברענגער, א פּוילישער ארבעטער אין יענער פאַבריק, וועלכער איז זונטיק פריי און ער האָט דעריבער געקאָנט איבער־ברענגען די בריוו.

איך האָב מיט דער הילף פון א יידישן פּאָליציאַנט באזאָרגט די בריוו צו די קרובים פון די פארשיקטע. באלד האָבן זיך פארשפּרייט די שרעקלעכע ידיעות וועגן דעם ארבעטלאַגער אין סקאַזשיסקאָ. די פרויען און נאָענטע פון די יונגעלייט אין סקאַזשיסקאָ האָבן געשיקט אין האנט־ווערקער־הויז צוויי פרויען, וואָס האָבן געבראַכט בריוו און געלט פאר זייערע נאָענטע. דער פּוילישער ארבעטער האָט דאָס אלץ איבערגענומען. ער האָט באקומען צוואַנציק טויזנט זלאָטעס פאר די מענטשן און צוויי טויזנט פאר זיין טרחה און אין זעלבן אָוונט איז ער צוריק געפאָרן קיין סקאַזשיסקאָ.

XXXVII

# ווידער אן „אקציע"

## דער טויט פון צוויי העלדן

דעם 4טן יאנואר 1943 האָבן מיר געהערט פון דער ארבעטער־גרופּע, וועלכע איז געקומען פון „ארבעטסלאגער" אין האנטווערקער־הויז אזוי ווי אלע טאָג, אזביים ארויסגאנג־טויער זענען היינט אלע גרופּעס געוואָרן שטרענג קאָנטראָלירט. אין אונדזער הויז אריין פלעגן זיך שטענדיק מיטכאפּן מיט דער ארבעטער־גרופּע מענטשן, וואָס האָבן געהאט עפּעס צו דערליידיקן אין דער „ארישער זייט". די מענטשן פלעגן זיצן ביי די האנטווערקער אוןווארטן אויף זייערע פּוילישע באקאנטע, וועלכע זענען דאָ אהערגעקומען. (דאָס האנטווערקער־הויז איז געווען דאָס איינציקע יידישע הויז, אין וועלכן עס האָבן געמעגט אריינקומען „אריער".) ביי אלע האנטווערקער פלעגן תמיד זיין פארנומען אלע שטובן און אויך די קאָרידאָרן מיט ווארטנדיקע מענטשן. די האנטווערקער האָבן גערן ארויסגעהאָלפן, מיט וואָס זיי האָבן געקאָנט.

דאָסמאָל אָבער איז קיינער פון די דאָזיקע מענטשן נישט געקומען, ווייל זיי זענען נישט אדורכגעלאָזט געוואָרן דורכן טויער פון „ארבעטסלאגער".

ארום האלבן טאָג האָבן מיר דערזען דורך די פענסטער פון האנטווערקער־הויז קוילן־פורן און מיסט־וועגענער אָנגעפּאקט מיט יידישע קינדער. זיי זענען געפאָרן אין דער ריכטונג פון פּוילישן פּאָליציי־קאָמיסאריאט אויף דער פּילסודסקי גאס. באלד דערנאָך האָבן מיר געזען גרויסע גרופּעס יידן האלב אָנגעטוענע, אָן מאנטלען, געפירט דורך זשאנדארמען מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן מיט באגנעטן. די יידן זענען געגאנגען מיט אויפגעהויבענע הענט אינדערהייך.

די האנטווערקער זענען געוואָרן אומרואיק, די קינדער דערשראָקן, קיינער האָט נישט געוווסט, וואָס עס איז געשען. מיר האָבן געווארט אויף די יידישע פּאָליציאנטן, וואָס פלעגן קומען אהער יעדן טאָג מיטאָגצייט,

אָבער זיי זענען דעם טאָג נישט געקומען און דאָס האָט נאָך פאַרגרעסערט אונדזער אומרואיקייט.

עס איז קלאָר געווען, אז אין „ארבעטסלאגער" קומט פאָר עפּעס אן „אקציע".

ערשט פארנאכט זענען די פּאָליציאנטן אהיים געקומען און מיר האָבן זיך דערוווּסט, וואָס דעם טאָג איז פאָרגעקומען:

באלד אינדערפרי איז געקומען אין „ארבעטסלאגער" דעם הויפּט־מאנס פארטרעטער, דער זשאנדארמעריע־לייטנאנט ראָהן און באפוילן, אז ביים ארויסגאנג זאָל דורכגעפירט ווערן א שטרענגע קאָנטראָלע, אזוי אז קיין איין ייד זאָל נישט ארויסגעלאָזט ווערן פון לאגער צוזאמען מיט די ארבעטער. נאָכן ארויסמארשירן פון די ארבעטער איז אין „ארבעטס־לאגער" שטיל געוואָרן ביז אזייגער צען. דעמאָלט האָט דער לייטנאנט באַ־פוילן, אז אלע איבערגעבליבענע אין „ארבעטסלאגער" זאָלן ארויסגיין אויפן קליינעם מארק. די יידישע פּאָליציי ווידער האָט באקומען דעם באפעל צוזאמענצונעמען אלע קינדער און זיי אויך אהין ברענגען. ווען די פּאָלי־ציאנטן האָבן נישט אזוי שנעל אויסגעפירט דעם באפעל, האָט זיי דער לייטנאנט צונויפגערופן און דערקלערט, אז יעדער איינער פון זיי וועט זיין פאראנטוואָרטלעך מיט זיין לעבן, אויב ער וועט נישט צושטעלן מינדסטנס צוויי קינדער. די פּאָליציאנטן האָבן מיט שווערע הערצער זיך געלאָזט אין „ארבעטסלאגער" זוכן קינדער.

דערווייל האָבן אלע מענער און פרויען זיך פארזאמלט אויפן מארק. די זשאנדארמען האָבן דורכגענישטערט אלע הייזער, אויב עס איז נישט עמעצער באהאלטן. די געפונענע זענען געוואָרן מערדערלעך געשלאָגן און געשלעפּט צום קליינעם מארק.

אויפן מארק האָט דער לייטנאנט ראָהן ארומגעשטעלט די יידן מיט זשאנדארמען און גענומען אויסקליבן מענער און פרויען, וועלכע זענען געשטעלט געוואָרן אין א זייט. ער האָט באפוילן, די זשאנדארמען זאָלן צונעמען, וואָס זיי וועלן נאָר געפינען ביי עמעצן אין די טאשן אָדער באַ־האלטן אין די קליידער.

דער לייטנאנט האָט ווייטער געקליבן צווישן די מענטשן, ביז ער האָט אָנגעטראָפן אויף א יונגנמאן פון אכצן יאָר מיטן נאָמען פיינער.

דער יונגערמאַן האָט זיינע עלטערן געהאַט פארלוירן ביי אן „אקציע”. דער לייטנאנט האָט באפוילן פיינערן ארויסצוגיין פון דערריי און זיך צושטעלן צו די אויסגעקליבענע. דער יונגערמאַן איז ארויס און א געשריי געטון צו אלע פארזאמלטע יידן:

— גענוג געליטן פון די מערדער! מיר ווילן זיך מער נישט לאָזן שעכטן!

אין דעם מאָמענט האָט ער ארויסגעכאַפּט א רעוואָלווער פון טאַש און גענומען צילן צום לייטנאנט. דער רעוואָלווער האָט זיך אָבער פאַר־האַקט און נישט אויסגעשאָסן.

באַלד איז ארויס פון דער ריי אן אנדער יינגל אין זיינע יאָרן און זעענדיק, אז דער רעוואָלווער האָט נישט אויסגעשאָסן, איז ער צוגעלאָפן צום לייטנאנט און אים אָנגעהויבן באַליינן מיט קלעפּ און פּעטש.

דאָס האָט געדויערט זייער קורץ. די זשאנדארמען האָבן זיך אביסל צוריקגעצויגן און אָנגעשטעלט זייערע ביקסן צו די פארזאמלטע. איינער האָט מיטן פוס ארויסגעשלאָגן פיינערן דעם רעוואָלווער פון האַנט און אים אריינגעשאָסן א קויל. מיט דער קויל אין לייב איז נאָך פיינער צוגע־לאָפן און געהאָלפן זיין פריינט אין זיין געראַנגל מיט דעם לייטנאנט. אָבער באַלד האָבן אים די כוחות פארלאָזט און ער איז אנידערגעפאלן אויף דער ערד. דאַן האָט ער זיך אויפן בויך צוגעשאַרט צום לייטנאנט, אים אָנגעכאַפּט ביים מאנטל און געשלעפּט צו זיך, שרייענדיק: „דו מערדער!” אין דעם מאָמענט האָבן זשאנדארמען אריינגעשאָסן אין פיינערן אכט קוילן און ער האָט אויסגעהויכט די נשמה.

די פארזאמלטע, ארום דריי הונדערט מענטשן, זענען געשטאַנען ווי פארגליווערט. באַלד האָט מען זיי א געשריי געטון: „הענדע האָך”!” און אלע האָבן אויפגעהויבן די הענט אינדערהויך. די זשאנדארמען זענען צו זיי צוגעלאָפן און געזוכט געווער, אָבער מער האָט קיינער פון זיי נישט געהאַט קיין געווער.

דערווייל איז אויך דער צווייטער יונגערמאַן דערשאָסן געוואָרן און אנידערגעפאלן אויפן שנעי נעבן זיין חבר.

דער לייטנאנט האָט זיך גיך אויפגעזעצט אויף זיין וועלאָסיפּעד און

אוועקגעפֿאָרן. אין עטלעכע מינוט ארום איז ער צוריקגעקומען מיט א גרעסערער אָפּטיילונג זשאנדארמען.

די יידישע פּאָליציאַנטן האָבן דערווייל געזוכט אין אלע באהעלטעניש. זיי האָבן אויסגעהאקט טירן און פענסטער פון די וווינונגען דאָרט, וווּ זיי האָבן באמערקט קינדער, באהאלטענע דורך די עלטערן, וואָס האָבן זיך געפונען ביי דער ארבעט. די קינדער האָבן זיך דערשראָקענע אויסבאהאלטן טיפער אונטער די בעטן, אויף ביידעמער און שטאלן, זיי זענען פארקראָכן אין לעכער, אָבער יעדער פּאָליציאַנט האָט געמוזט ברענגען צוויי קינדער און ער האָט זיי געמוזט געפינען. האָט יעדער פּאָליציאַנט געשלעפּט איבער די געסלעך צוויי קינדער, וועלכע האָבן געוויינט און געבעטן: „צוּווארטן ביז די מאמעשי וועט קומען, זי וועט באצאָלן פאר מיר".

די קינדערישע רייד האָבן געשניטן אין די הערצער, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן און אויפן „קליינעם מארק" זענען געשטאנען הונדערט און פופציק קינדער ביי א גרויסער פּראָסט, האלב אָנגעטון, אָן מאנטעלעך, מיט אָפּגעפרוירענע פינגערלעך; זיי האָבן געוויינט און געשריגן: „מאמעשי!", אז עס האָט געקאָנט א שטיין רירן, אָבער נישט דעם לייטנאנט ראָהן. ער האָט באפוילן זיינע העלפער אריינצוּווארפן די קינדער אין די מיסט־פורן און זיי אוועקפירן אין פּוילישן קאָמיסאריאט.

נאָכדעם איז דער האלב ווילדער ראָהן אהין צו די מענטשן, וואָס זענען געשטאנען מיט די הענט אינדערהייך און פון דאָרט אויסגעקליבן פינף און צוואנציק יונגעליית, פון די שענסטע און צום בעסטן פיזישאנטוויקלטע. זיי זענען אויסגעשטעלט געוואָרן צו פיר אין א רייע און צוגעטריבן געוואָרן צו א וואנט ביי דער דראָט־פארצוימונג. דאָרטן זענען געשטאנען זשאנדארמען מיט ביקסן און געשאָסן אין זיי. אין די לעצטע מינוטן האָט יעדער פון די יונגעלייט געשריגן צו די באנדיטן: „פארברעכער!", „מערדער", „איר וועט די מלחמה דאָך פארשפּילן" און ענלעכע אויסגעשרייען.

ווען די פינף און צוואנציק יונגעלייט זענען שוין געלעגן אויף דער ערד, זענען צוויי זשאנדארמען מיט רעוואָלווערן אין די הענט ארומגעגאנגען צווישן די טויטע און נאָך ווייטער אין זיי אריינגעשאָסן. נאָכדעם

זענען די אנדערע מענטשן מיט די הענט אינדערהייך אָפּגעפירט געוואָרן אין פּוילישן קאָמיסאריאט אריין.

אין דער צייט, ווען די זשאנדארמען האָבן געפּלינדערט אין די הייזער, זענען צוויי פרויען, א מאמע מיט א טאָכטער, ארויס פון זייער וווינונג, מיט דער כוונה זיך אריבערצוקריגן אויף דער „ארישער זייט". זיי האָבן מיטגענומען געלט און ווערט־זאכן. זיי זענען אָבער באמערקט געוואָרן דורך א זשאנדארם, וועלכער איז זיי נאָכגעלאָפן און באפוילן שטיין צו בלייבן. ער האָט נאָכגעשאָסן און נישט געטראָפן. די פרויען זענען שטיין געבליבן און דער גזלן האָט זיי באפוילן אוועקצוגעבן אלדינג, וואָס זיי האָבן ביי זיך געהאט. נאָכן צונעמען ביי זיי אלדינג, האָט ער זיי געהייסן גיין ווייטער, אָבער ווי נאָר זיי האָבן געשטעלט די ערשטע טריט, האָט ער צו יעדער פון זיי צוויי מאָל אויסגעשאָסן און זיי זענען געפאלן טויט אויפן אָרט.

דערוויל זענען צוריקגעקומען די עטלעכע טויזנט מענער און פרויען פון זייערע ארבעט־שטעלן. די מענער האָבן נישט געטראָפן זייערע פרויען און פרויען זייערע מענער, די מאמעס — זייערע קינדער. אויב די מענער זענען נישט געווען צווישן די דערשאָסענע, האָבן זיי זיך געפונען אין פּאָליציי־קאָמיסאריאט אויף דער „ארישער זייט", וווּ עס האָט זיי דער־וואַרט דערשאָסן אָדער ארויסגעשיקט צו ווערן.

עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט הארצרייסנדיקע סצענעס אין די דריי געסלעך פון „ארבעטסלאגער". פרויען, וועלכע האָבן נישט געטראָפן זייערע מענער אינדערהיים, זענען געקומען אויפן אָרט פון דער עקזעקוציע און געזוכט צווישן די טויטע. עטלעכע פרויען האָבן זייערע מענער דער־קענט און זענען אראָפּ פון זינען. דער גאנצער „ארבעטסלאגער" הינטער דער דראָט־פארצוימונג איז געווען פול מיט געוויין און געשריי.

אין אָוונט האָט מען געבראכט צו קבורה די ניין און צוואנציק טרא־גיש אומגעקומענע.

ביים שיין פון ליכט זענען אין דעם פינסטערן און שטארק פראָסטיקן אָוונט אריינגעלייגט געוואָרן די זיבן און צוואנציק קדושים אין איין גרויס קבר און דערנעבן אין א צווייטן קבר די מוטער מיט דער טאָכטער.

לאנג האָט געדויערט די קבורה און לאנג זענען די נאָענטע פון די

אומגעקומענע און אנדערע מענטשן געשטאַנען ביי די פרישע קברים און זיך נישט געקאָנט אָפּרייסן, ביז זיי זענען אויפגעפאָדערט געוואָרן זיך פונאַנ־דערצוגיין.

אין דער צייט, ווען אין „ארבעטסלאגער" איז פאָרגעקומען די קבורה פון די אומגעבראַכטע, זענען אין פּוילישן פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט געפּיי־ניקט געוואָרן די מענער, פרויען און קינדער, וועלכע זענען געהאַט אהין אָפּגעפירט געוואָרן. די פּוילישע פּאָליציאַנטן האָבן די קרבנות אריינגעפירט איינציקווייז אין ביוראָ און באַפוילן זיך אויסצוטון נאַקעט אַזוי מענער ווי פרויען. מען האָט ביי יעדן צוגענומען, וואָס מען האָט נאָר געפונען און דערביי מערדערלעך געשלאָגן.

צומאָרגנס אינדערפרי איז דער לייטנאַנט ראָהן געקומען אין „אר־בעטסלאַגער" און באַפוילן צו ברענגען נאָך קינדער.

דער פּרעזעס פון „יודן־ראַט" האָט זיך געווענדט צום לייטנאַנט מיט א בקשה צו באַפרייען עטלעכע פון די יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין פּוילישן פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט, אָנגעבנדיק אלס מאָטיוו, אז די דאָ־זיקע מענטשן זענען נייטיק צו דער ארבעט, וואָס דער „יודן־ראַט" האָט אויסצופירן.

דער לייטנאַנט האָט מסכים געווען מיטן תנאי, עס זאָלן צוגעשטעלט ווערן אנדערע יידן אויף זייער אָרט. די יידישע פּאָליציאַנטן האָבן דעריבער געכאַפּט אנדערע, „ווייניקער וויכטיקע" יידן און אביסל קינדער און אָפּ־געפירט אין קאָמיסאַריאַט.

אויפן הויף פון פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט זענען געשטאַנען די מענטשן, וואָס האָבן אלס „נייטיקע" געזאָלט אוועקגעפירט ווערן צוריק אין „אר־בעטסלאַגער", ווארטנדיק אויף די אנדערע „נישט וויכטיקע" יידן און קינ־דער, וואָס האָבן זיי באַדאַרפט אויסקויפן. צווישן די, וואָס האָבן געזאָלט באַפרייט ווערן, האָט זיך געפונען א פרוי, וואָס האָט מיט א טאָג פריער, פאַר דעם ארויסגיין אויפן קליינעם מארק, געהאַט באַהאַלטן אירע צוויי יינגלעך, איינס פון זיבן און דאָס אנדערע פון ניין יאָר. ווען מען האָט געבראַכט די מענטשן, וואָס האָבן באַדאַרפט אויסקויפן די מער „נייטיקע", האָבן זיך צווישן זיי געפונען אויך אירע צוויי קינדער. דערזעענדיק זי

שטיין אויפן הויף, האָבן זיי פון וואָגן ארויס, אין וועלכן מען האָט זיי געפירט, אָנגעהויבן שרייען: „מאמע! מאמעשי!"

די מוטער איז געוואָרן פארצווייפלט: זי איז פריי — זענען ווידער אירע קינדער פארמשפּט. די מוטער איז צוגעפאלן צו די קינדער און זיי צו דער מוטער און אלע זענען שוין פארבליבן צוזאמען צום אוועקשיקן.

אן ענלעכער פאל איז געשען מיט א ייד, פאר וועלכן עס איז אויס־געפועלט געוואָרן די באפרייאונג. בעת ער איז געשטאנען אויפן הויף און געווארט, האָט ער צווישן די פריש אָנגעקומענע מענטשן דערזען זיין פרוי: זי האָט זיך פרייוויליק געמאָלדן צו גיין אהין, וווּ דער מאן האָט זיך געפונען, נישט וויסנדיק אז מען וועט אים פריילאָזן. דאָ האָט מען זיי שוין נישט צונעלאָזט צוואנאנדער. דער מאן איז צוריק אין „ארבעטס־לאגער" און די פרוי איז פארבליבן אין קאָמיסאריאט.

ווען מען איז פארטיק געוואָרן מיט דעם „אויסטויש", האָט מען די עטלעכע הונדערט מענער, פרויען און צוויי הונדערט קינדער אוועקגעשיקט קיין ראדאָמסקאָ, דאָרטן ווּ מען האָט מיט עטלעכע וואָכן צוריק אוועק־געשיקט די יידישע דאָקטוירים.

אין עטלעכע טעג ארום זענען אָנגעקומען אין האנטווערקער־הויז פיר יונגעלייט און צוויי פרויען אין זייער א טרויעריקן צושטאנד. די מענטשן זענען געווען אנטלאָפענע פון ראדאָמסקער געטאָ. איין יונגערמאן איז געווען א ראדאָמסקער און די אנדערע טשענסטאָכאָווער, וועלכע זענען מיט עטלעכע טעג צוריק געהאט געשיקט געוואָרן קיין ראדאָמסקאָ.

פון דעם ראדאָמסקער יונגנמאן האָבן מיר זיך דערוווּסט פאָלגנדיקס:

מיט א צייט צוריק האָט דער גענעראל גובערנאטאָר אין קראָקע ארויס־געגעבן א מעלדונג, אז עס וועלן געשאפן ווערן געטאָס אין דריי שטעט, ווּ יידן וועלן קענען וווינען, ווייל אין א סך שטעט זענען די געטאָס שוין געהאט ליקווידירט געוואָרן און יידן האָבן זיך דאָרט נישט געטאָרט געפינען. איינע פון די דריי שטעט איז געווען ראדאָמסקאָ.

אזוי ווי אין דער אומגעגנט פון ראדאָמסקאָ האָבן זיך געפונען א סך יידן, אויסבאהאלטענע ביי פּויערן אין די דערפער און לעבנדיק כסדר אין שרעק ארויסגעגעבן צו ווערן — האָבן זיי, הערנדיק וועגן דעם גובער־

נאטאָרס מעלדונג, אָנגעהויבן ציען קיין ראדאָמסקאָ. אזוי זענען אין משך פון צוויי וואָכן אָנגעקומען אין ראדאָמסקער געטאָ פינף טויזנט יידישע נפשות.

עס איז געשאפן געוואָרן א „יודן־ראט”, מען האָט צוגעטיילט וווינונ־גען און די יידן האָבן זיך ווי עס איז איינגעאָרדנט. האנטווערקער האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו ארבעטן, דער פוילישער באפעלקערונג איז געווען דערלויבט ארייצוקומען אין געטאָ און עס זענען אזוי ארום אריינגעבראכט געוואָרן שפייז־פּראָדוקטן. אזוי האָט אָנגעהאלטן צוויי חדשים.

מיטאמאָל אָבער איז דאָס געטאָ אָפּגעשלאָסן געוואָרן. די פּוילישע באפעלקערונג האָט נישט געטאָרט מער אריין און קיין ייד האָט נישט גע־טאָרט ארויסגיין.

מען האָט זיך אָפּגעגעבן רעכענונג, אז דעם גענעראל גובערנאטאָרס פאראָרדענונג איינצואָרדענען דאָס געטאָ איז מער נישט געווען ווי א נעץ ארויסצונארן די יידן פון זייערע באהעלטענישן. עס איז געוואָרן קלאָר, אז עס דערווארט אלעמען אוועקגעשיקט צו ווערן קיין טרעבלינקע.

טייל האָבן אפילו אָנגעהויבן צו מאכן בונקערס, אָבער עס איז געווען קלאָר, אז מען וועט זיך שוין פון דער נעץ נישט ארויסבאקומען.

נאָכן אָפּשליסן דאָס געטאָ זענען אָנגעקומען אוקראאינער, וועלכע האָבן איבערגענומען די אויפזיכט איבערן געטאָ.

אין איינעם א פאַרטאָג איז פאָרגעקומען די „אקציע”. מען האָט אלע יידן, איבער פינף טויזנט נפשות, ארויסגעיאָגט פון די וווינונגען און גע־טריבן ביי א ברענענדיקער פראָסט אויף א גרויסן פּלאַץ. צו אָט דער דאָ־זיקער „אקציע” זענען אָנגעקומען די עטלעכע הונדערט יידן, דערוואקסענע און קינדער, פון טשענסטאָכאָוו. לאנגע שעהען זענען זיי צוזאמען מיט די ראדאָמסקער יידן געשטאנען אונטערן פרייען הימל, ווייל דער צוג מיט די זעכציק וואגאָנען, וואָס האָט זיי באדארפט אוועקפירן, האָט זיך פארשפּעט־טיקט. דערווייל זענען די געשטאפּאָ־לייט און די אוקראאינער ארומגעלאָפן צווישן די אומגליקלעכע און צוגערויבט וואָס איינער האָט נאָר פארמאָגט. ערשט שפּעט נאָכמיטאָג האָט מען ארייגעיאָגט אין די וואגאָנען.

ווען דער צוג איז געווען אין פולן גאנג, זענען עטלעכע יונגע מענטשן צוגעטרעטן ארויסצושניידן די קראטן פון א פענסטערל. אין וואגאָן אָבער

האָט געהערשט א שטימונג פון גלייכגילטיקייט און רעזיגנאציע. מען האָט די יונגע מענטשן געפּרוּווט אָפּווענדן פון דער דאָזיקער אונטערנעמונג. אָבער די יונגעלייט האָבן זייער אָנגעשטרענגט און פּארעקשנט געפּיילט שעהען לאנג, ביז די קראטן פון א פענסטערל זענען דורכגעזעגט געוואָרן, און די זעקס מענטשן זענען אין דער פינסטערניש פון דער נאכט ארויס־געשפּרונגען פון וואגאָן. טייל פון זיי זענען געפאלן אויפן ווייכן שניי, אנדערע ווידער אויף האָלץ און זיך שטארק צעקלאפּט. זיי האָבן באַ־באשלאָסן נישט צו גיין צוזאמען, נאָר איינציקווייז זיך צוריק אהער באַ־קומען קיין טשענסטאָכאָוו און זיי האָבן זיך אָפּגעשמועסט צו טרעפן אין; האנטווערקער־הויז.

אזוי זענען די זעקס יונגע מענטשן (ארויסגעשפּרונגען זענען אכט, אָבער צוויי האָבן נאָך געפעלט) דורך א סך אָנשטרענגונג און נאָך א ריי באגעגענישן אויפן וועג אָנגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו. זיי זענען געווען קראנק און צעבראָכן, צעווונדיקט די קערפּערס און געשוואָלן די פיס. זיי זענען פארבליבן אין האנטווערקער־הויז דריי טעג און דערנאָך אוועק אין „ארבעטסלאגער”, ווו זיי האָבן באקומען מעדיצינישע הילף. די ערשטע טעג האָבן זיי געמוזט דאָרט לעבן אין געהיים, ביז זיי זענען צוגעטיילט געוואָרן צו געוויסע ארבעט־שטעלן און ווידער געוואָרן שקלאפן.

אין עטלעכע טעג ארום אין א פארנאכט איז אין האנטווערקער־הויז אָנגעקומען א פרוי מיט א פארבונדענעם קאָפּ. תחילת האָבן מיר זי נישט דערקענט, אָבער נאָך א נענטער צוקוקן זיך האָבן מיר דערזען, אז דאָס איז די פרוי ברוין, די זעלבע וואָס איז אויפן הויף פון פוילישן פּאָליציי־קאָמי־סאריאט צוגעפאלן צו אירע צוויי יינגלעך און הגם זי האָט געקאָנט זיין פריי, האָט זי די קינדער נישט פארלאָזט, נאָר מיטגעפאָרן מיט זיי קיין ראדאָמסקאָ און פון דאָרט צוזאמען מיט אלע יידן אין די וואגאָנען קיין טרעבלינקע. זי האָט דערציילט :

אין דעם וואגאָן, אין וועלכן זי מיט אירע קינדער זענען געפאָרן, האָבן זיך געפונען עטלעכע יונגעלייט, וואָס האָבן נאָך לאנגע שעהען אר־בעטן ארויסגעריסן דאָס פארקראטעוועטע פענסטערל און ארויסגעשפּרונגען. אלע אין וואגאָן האָבן געוווּסט, אז זיי פאָרן קיין טרעבלינקע צום טויט, דעריבער האָבן אלע געהאלטן, אז ווער עס האָט מוט, זאָל זיך ראטעווען

דורך ארויסשפרינגען. אויך זי האָט זיך געוואָלט ראַטעווען, אָבער ווי אַזוי קאָן זי שפרינגען מיט צוויי קינדער? ווידער איבערלאָזן די קינדער האָט זי נישט געוואָלט. מענטשן אָבער אין וואַגאָן האָבן איר גענומען דערקלערן, אַז אין טרעבלינקע וועט זי אַלצאיינס אומקומען צוזאַמען מיט די קינדער, דעריבער איז גלייכער, זי זאָל זיך כאָטש ראַטעווען. די צוויי קינדער האָבן עפּעס דערפילט און זיך צוגעטוליעט צו דער מוטער. זי האָט זיי געקושט און באַרואיקט, ביז זיי זענען איינגעשלאָפן פאַר מידקייט.

דערפילנדיק זיך באַפרייט פון די קינדער, איז די מוטער ווידער צוגע־גאַנגען צום פענסטער, וואָס האָט זי געצויגן ווי אַ מאַגנעט שטאָל. זי האָט ארויסגעקוקט אין דער פינסטער און עס איז זי באַפאַלן אַ שרעק. דער צוג איז געלאָפן שנעל און קיינער האָט נישט געוווּסט, וווּ מען געפינט זיך. זי איז ווידער צוריקגעלאָפן צו אירע קינדער, זיי אויסגעקושט שלאָפנדיקע און נאָכאַמאָל צו צום פענסטער. עטלעכע מענטשן, וואָס האָבן געזען איר פאַר־צווייפלונג, האָבן אין איר אַריינגערעדט, אַז סיי ווי סיי וועט זי די קינדער גאָרנישט קענען העלפן אין טרעבלינקע און זי צוגעשטופּט צום פענסטער. עס האָט איר אַ שווינדל געטון אין קאָפּ און זי האָט מיטאַמאָל אַ שפּרונג געטון אין ווייסן שניי אַריין.

זי ווייסט נישט ווי לאַנג זי איז אַזוי געלעגן אָן באַוווּסטזיין. ווען זי איז צו זיך געקומען, האָט זי געזען, אַז זי ליגט אינמיטן דער נאַכט אויף אַ פּוסט אָרט. זי האָט זיך אויפגעזעצט און דערפילט אַ פייכטקייט אויפן שטערן. זי האָט אַ וויש געטון און ביים ליכט פון ווייסן שניי דערזען בלוט. זי האָט צוגעלייגט שניי צו די ווּנדן אויפן קאָפּ און געוואָלט זיך אויפהייבן פון אָרט, אָבער זי האָט באַלד געשפּירט אַ שטאַרקן ווייטיק אין די פיס. אויך די פיס זענען געווען אין ווּנדן. האָט זי אויך צו די פיס צוגעלייגט שניי און נאָכן אָפּליגן אַ ווײַלע האָט זי פּאַמעלעך זיך אויפגעהויבן און גע־נומען שטעלן טריט נאָך טריט. פונדערווייטנס האָט זי געזען קליינע ליכט־פּלעמלעך און זי איז פּאַמעלעך געגאַנגען אין יענער ריכטונג. נאָך אַ לענ־גערער ווײַלע איז זי אַהין דערגאַנגען און זיך דערוווּסט, אַז זי געפינט זיך אויף דער באַן־סטאַציע ראַגאָוו הינטער וואַרשע. ווען זי איז אַריין אין וואַקזאַל, האָט זי געטראָפן אַ פּוילישן באַן־באַאַמטן, ער האָט דערקענט אַז זי איז אַ יידישע און ער האָט זי אויסבאַהאַלטן אין זיין וווינונג, ווּ זי

האָט זיך נעקאָנט ארומוואשן די וווּנדן און פארבאנדאזשירן. ער האָט איר אויסגעקויפט א באַן־קארטע און אריינגעזעצט אין צוג קיין טשענסטאָכאָוו. זי האָט אים געוואָלט באצאָלן מיט עפּעס א זאך פון איר קליידונג, אָבער ער האָט גאָרנישט געוואָלט נעמען. אזוי איז זי אהערגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו.

זי האָט זיך ביי אונדז אין האנטוועקער־הויז א ביסל אָפּגערוט, אָבער זי האָט נישט אויפגעהערט צו וויינען. זי האָט זיך נעפילט שולדיק קעגן אירע קינדער.

צומאָרגנס איז זי אוועק אין „ארבעטסלאגער". דאָרט איז באלד באקאנט געוואָרן, אז זי איז ארויסגעשפּרונגען פון וואגאָן און איבערגע־לאָזט אירע קינדער. א סך האָבן זי פאראורטיילט פאר דער דאָזיקער טאט, אנדערע ווידער האָבן איר מיטגעפילט.

אין צוויי וואָכן ארום האָב איך זי געטראָפן אין „ארבעטסלאגער". זי האָט שרעקלעך געוויינט און מיר דערציילט, אז זי קאָן זיך קיין רו נישט געפינען. זי זעט שטענדיק פאר די אויגן אירע צוויי שיינע קינדער מיט אויסגעשטרעקטע הענטלעך צו איר און זיי רופן כסדר: „מאמע, מאמעשי!"

די פרוי איז פארצווייפלט, זי ווייסט נישט, וואָס צו טון מיט זיך. זי האָט נישט קיינעם. איר מאן איז שוין לאנג דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשן.

מיר זענען אזוי געגאנגען דורך איינעם פון די דריי „ארבעטסלאגער"־געסלעך. פּלוצלינג איז זי שטיין געבליבן פאר א פארבייגייענדיקן יידישן פּאָליציאנט. זי האָט אים אָפּגעשטעלט און געפרעגט:

— איז אייער נאָמען שלאָדאָווסקי?

— יאָ. — האָט דער פּאָליציאנט געענטפערט.

— איר האָט מיינע קינדער פון אונטער דעם בעט אין דער פאר־שלאָסענער וווינונג ארויסגעשלעפּט און אוועקגעפירט אויפן מארק צו דער „אקציע"?

— יאָ — האָט דער פּאָליציאנט געענטפערט. — און איר זענט די מוטער פון די צוויי שיינע יינגלעך, וועלכע איר האָט איבערגעלאָזט אין וואגאָן, כדי אליין זיך צו ראטעווען? איך אלס פּאָליציאנט בין נעצוווּנגען געוואָרן צו דער טאט, וועלכע דריקט מיך נאָך ביז היינט, אָבער ווי אזוי

האָט איר, א מאמע, געקאָנט פארלאָזן קינדער און אליין זיך ראטעווען?
די פרוי האָט אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ צו דער ערד. פון אירע אויגן האָט א פלייץ געטון א קוואל פון טרערן, וועלכע האָבן גענומען האסטיק פאלן אויף די שטיינער פון גאס און זי איז אנידערגעפאלן אין חלשות.
איך מיטן פּאָליציאנט האָבן זי אָפּגעמינטערט און אוועקגעפירט אהיים.

## XXXVIII

# „אריער" און „מאכמעדאנער"

די יידן וואָס זענען איבערגעבליבן נאָך אלע ביז איצטיקע „אקציעס", האָבן זיך אָפּגעגעבן א רעכענונג וועגן דער שטענדיקער געפאר, וואָס הענגט איבער זיי. זיי האָבן איינגעזען, אז דער בייזער גורל וועט זיי נישט מיידן און אז די דייטשן וועלן זיי לאָזן לעבן אזוי לאנג, ווי זיי וועלן פון זיי קענען ארויסציען עפּעס א נוץ. עס איז דעריבער ביי א סך אנטשטאנען דער געדאנק, אז ראטעווען וועלן זיך נאָר די, וואָס וועלן זיך קענען איינאָרדענען אלס „אריער". דערצו אָבער מוז מען האָבן אן „אריש" אויסזען און „ארישע פּאפּירן".
כדי אויסצוזען ווי „אריער", האָבן שווארצהאָריקע פרויען אָנגעהויבן זיך פארבן די האָר אויף בלאָנד און מענער האָבן זיך געלאָזט וואַקסן דיקע וואָנסעס און זיי אויך אָנגעפארבט אויף בלאָנד צוזאמען מיט די האָר.
וואָס שייך „ארישע" פּאפּירן, האָט מען זיי געקאָנט באקומען דורך דער רעקאָמענדאציע פון באקאנטע מענטשן ביי ספּעציעלע מאכערס, וואָס האָבן גענומען דערפאר הויכע סומעס.
אין האנטווערקער־הויז פלעגן קומען פּאָליאקן, וואָס האָבן גענומען ביי יידן פאָטאָגראפיעס און געלט און נאָך עטלעכע טעג האָבן זיי געבראכט פארטיקע „ארישע פּאפּירן" מיט געבורטשיינען, פון וועלכע עס איז געווען צו זען, אז דער בעל דבר איז אן „אריער" זינט אייביקע דורות.
אָבער צו דעם „ארישן אויסזען" און „ארישע פּאפּירן" האָט מען



א באר; אש, וואָס איז געבליבן פון טשענסטאָכאָווער געטאָ



דער געשענדעטער בית־המדרש אויפן נאָמען פון טשענסטאָכאָווער
רב׳ נחום אש

נאָך באדארפט פארמאָגן א סך געלט, כדי זיך צו קענען אויפהאלטן אין א פרעמדער שטאָט, ווייל אין דער אייגענער שטאָט איז געווען א מורא, אז באקאנטע און פרעמדע וועלן דעם מענטש דערקענען און אים אויסגעבן.

דאָס רוב זענען די יידן מיט „ארישע פאפירן" געפאָרן אין די גרעסערע שטעט אָדער אין קור־ערטער. ווו עס איז גרינגער געווען זיך איינצוראָרדענען. זענען אָבער דאָרט אנטשטאנען מחנות שאנטאזשיסטן — פּאָליאקן וואָס האָבן זיך ספּעציאליזירט אין אויסגעפינען „ארישע" יידן. אזעלכע פארשווינען פלעגן דרייסט און חוצפהדיק צוגיין צו איינעם אין גאס און אים א זאָג טון: „דו ביסט א ייד!" אויב דער ייד האָט זיך געענדערט אויפן פנים און זיך דערשראָקן, האָט דער שאנטאזשיסט געזען, אז ער האָט געטראָפן און געפאָדערט צען טויזנט זלאָטעס אָדער נאָך מער. אויב דער ייד האָט געהאט צו באצאָלן, איז די זאך דערליידיקט געוואָרן — דערווייל ביי דעם שאנטאזשיסט. אויב דער ייד האָט אָבער נישט געהאט קיין געלט, האָט אים דער שאנטאזשיסט איבערגעגעבן צו דער געשטאפּאָ אָדער פּאָליציי, און דער ייד איז שוין געווען א פארפאלענער.

די געכאפּטע „ארישע" יידן זענען דורך פּייניקונגען געצוווּנגען געוואָרן אויסצוגעבן זייער וווינאָרט און די געשטאפּאָ פלעגט אָפט ביי אזעלכע געלעגנהייטן קומען אויף די שפּורן פון אנדערע פאלשע „אריער" און פון די פאבריקאנטן פון „ארישע" פאפּירן. אין א סך פאלן זענען אויך די פּאָליאקן, וואָס האָבן פארדונגען די „ארישע" יידן וווינונגען, דערשאָסן געוואָרן צוזאמען מיט די יידן.

אויך פּוילישע פּאָליציאנטן האָבן שאנטאזשירט און אויסגעפּרעסט ביי יידן געלט. אויב א ייד האָט געפּרוּווט זיך האלטן פעסט, אז ער איז אן „אריער", איז ער אָפּגעפירט געוואָרן אין „געשטאפּאָ", ווו מען האָט קאָנטראָלירט, צי ער איז געמלט. פרויען ווידער זענען עקזאמינירט געוואָרן, צי זיי קענען קאטוילישע תפילות און וויסן פארשידענע רעליגיעזע מנהגים.

אָפט פלעגט מען פארהאלטן אמתע קאטאָליקן מיט א סעמיטישן אויסזען. זיי זענען אָבער בלויז אָפּגעקומען מיט א ביסל באלעסטיקונג מצד די שאנטאזשיסטן און זענען באפרייט געוואָרן.

נישט געקוקט וואָס די „ארישע פאפירן" זענען געווען א קנאפּע תרופה, האָט זיי כמעט יעדער ייד געוואָלט האָבן. מען האָט זיך אליין גע־

וואָלט אָפּנאַרן, ווארום ביי א נענטערער אונטערזוכונג האָט זיך באלד ארויסגעוויזן די פעלשונג. די מאכערס האָבן אָבער געמאכט גוטע געשעפטן און זיי האָבן אויך אויסגעפונען וואָס אמאָל נייעסן. אזוי האָבן זיי „דער־פונדן" צו מאכן פּאפּירן אלס מאכמעדאנער, וועלכע זענען דאָך אויך געמלט. אזעלכע פּאפּירן זענען געווען טייערער ווי די געוועגלעכע „ארישע", ווייל לויט זייער מיינונג זענען זיי געווען מער זיכער. אין דער ווירקלעכקייט אָבער האָבן די „מאכמעדאנישע" פּאפּירן נישט געהאט דעם מינדסטן ווערט, ווייל די דייטשע אָדער פּוילישע פּאָליציי האָט ביים אויסלעגיטימירן א „מאכמעדאנער" באלד זיך געכאפּט, מיט וועמען מען האָט צו טון.

די פארצווייפלונג ביי יידן איז אָבער געווען אזוי גרויס, אז מען האָט זיך אָנגעכאפּט אָן יעדער זאך ווי א זיך טרונקענדיקער אָן א שטרוי.

## XXXIX

## דריי געטאָס

דער הויפּטמאן האָט ארויסגעגעבן א נייע פאראָרדענונג, אַז אין „ארבעטסלאגער" זאָלן די מענער אָפּגעטיילט ווערן פון די פרויען. ער האָט באשטימט, אז די מענער זאָלן וווינען אין נאדזשעטשנע געסל, פרויען אין דער קאָזשע גאס און פארהייראטע מענער מיט פרויען אין גאנצארסקע געסל.

אזוי ארום איז דער „ארבעטסלאגער" אויפסניי געטיילט געוואָרן אין דריי געטאָס.

דער „יודן־ראט" ווידער האָט באקומען א נייע באשעפטיקונג: דורכפירן די ענדערונגען פון די וווינונגען ביי עטלעכע טויזנט מענטשן.

די דאָזיקע ענדערונג האָט געמוזט דורכגעפירט ווערן אין פארלויף פון איין וואָך און דאָס נאָר בלויז אין די פארנאכטן, ווען די ארבעטער קומען צוריק פון דער ארבעט.

עס זענען גראד געווען פרעסט און די מענטשן, וואָס זענען צוריק־געקומען פון דער ארבעט הונגעריקע און אויסגעפרוירענע, זענען געווען געצוווּנגען אין דער פינסטער, דורך גליטשיקע שמאָלע געסלעך צו שלעפּן

זייער אָרים ביסל „מעבל" — די בעטלעך און שענקלעך — פון איין נאסער, יאַלטער שטוב אין נאָך אן ערגערער דירה ערגעץ אויף דער דריטער גאס, אין א ווינקל פון א צימער צוזאמען מיט נאָך פינף זעקס מענטשן.

ביי דער דאָזיקער גאנצער שווידערלעכער סיטואציע האָבן זיך פונ־דעסטוועגן געפונען אייניקע „יודן־ראט"־מיטגלידער, וואָס האָבן אינזינען געהאט אויך ביי דער געלעגנהייט איינצואָרדענען אין בעסערע וווינונגען פרויען, מיט וועלכע זיי האָבן געפירט „לינקע ליבעס".

צוליב דער אלגעמיינער כאראקטעריסטיק פון געטאָ און פון די „יידישע אָנפירער" דאָרט איז אפשר כדאי צו ברענגען דעם פאקט, אז „יודן־ראט"־מיטגלידער — טייל אפילו עלטערע פאמיליענמענטשן מיט דערוואקסענע קינדער — האָבן אויסגענוצט די אלגעמיינע טרויעריקע באַ־דינגונגען און זייער „מאכט", כדי זיך צו פארשאפן געליבטע צווישן די איינזאמע, פאראומגליקטע פרויען, וואָס האָבן פארלוירן זייערע מענער אדער זייערע עלטערן. די דאָזיקע „ליבע" איז געווויינען געוואָרן פארן פרייז פון פארשאפן לייכטערע ארבעט אין „ארבעטסלאגער" און א בעסערע וווינונג.

נישט נאָר די „יידישע פירער", נאָר אויך דער הויפטמאן אליין האָט געהאט א יידישע געליבטע אין געטאָ. בעת אן „אקציע" איז איר פאמיליע אוועקגעשיקט געוואָרן און זי האָט דער הויפטמאן איבערגעלאָזט.

„די שיינע העלענקא" פלעגן זי די דייטשן רופן. דער הויפטמאן האָט פאר איר איינגעאָרדנט א שיינע וווינונג אין געטאָ. יעדן אינדערפרי איז זי געגאנגען צום הויפטמאן אין דער וווינונג, וווּ זי האָט געפירט די באלע־באטישקייט, און אין אָוונט איז זי צוריקגעגאנגען אין געטאָ. זי איינע אליין האָט געהאט די פריווילעגיע צו מעגן גיין אין דער גאנצער שטאָט. די זשאנדארמען און די פּאָליציאנטן האָבן זי געקענט.

ווען די „שיינע העלענקא" האָט געפייערט איר געבורטסטאָג, האָט דער הויפטמאן איר אין יענעם פרימאָרגן געשיקט דורך זיין דינער־זשאנ־דארם בלומען. די זשאנדארמען האָבן טאקע געברומט און געזאָגט: צו וואָס די ליבע האָט דעם הויפטמאן דערפירט — שיקן בלומען א יידיש מיידל!

XL

# דער סוף פון האנטווערקער־הויז

אין איינעם פון די לעצטע טעג פון חודש פעברואר 1943 זענען אין א נאָכמיטאָג פּלוצלינג ארייננעפאלן אין האנטווערקער־הויז געשטאפּאָ־לייט. זיי זענען ארויף צום קירזשנער זיגעלמאן. נאָכן פארווייל דאָרט א האלבע שעה האָבן זיי ארעסטירט דעם קירזשנער מיט זיין פרוי און א שוועגערין, וועלכע האָט בעת אן „אקציע" געהאט פארלוירן איר מאן און זינט דאן געוווינט ביי די זיגעלמאנס.

דעם קירזשנערס וווינונג איז פארחתמעט געוואָרן און זייער ניין יעריק יינגל איז געבליבן אליין אויפן הויף אָן זיינע עלטערן און אָן א היים.

אין עטלעכע טעג ארום איז באקאנט געוואָרן, אז די דריי מענטשן זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן בית עולם.

עטלעכע פארנאכטן זענען אין דער וווינונג געקומען געשטאפּאָ־לייט און פון דאָרט ארויסגעטראָגן זאכן, ביז אלץ איז אויסגערויבט געוואָרן. קיינער האָט נישט געוווּסט, פארוואָס מען האָט די זיגעלמאנס אומגעבראכט.

די געשעעניש האָט אויף די האנטווערקער געמאכט א שווערן איינדרוק. און בעת מיר האָבן זיך אין עטלעכע טעג ארום דערוווּסט, אז עס גרייטן זיך הויז־זוכונגען ביי אלע האנטווערקער, איז די פּאניק געוואָרן נאָך גרעסער.

דער הויפּטמאן דעגענהארדט האָט זיך דערוווּסט וועגן דער פּאניק־שטימונג צווישן די האנטווערקער און ער האָט באפוילן, דער שניידער גרין און דער שניידער קאץ זאָלן צו אים קומען. מיט זיי צוזאמען האָט ער באזוכט א הויז אויפן אלטן מארק, וואָס האָט געהערט צו דער „ארישער זייט" און ער האָט זיי דערקלערט, אז ער האָט באשלאָסן די האנטווערקער אריבערצופירן פון הויז אויף אלטע נומער 14 אין אָט דעם הויז אריין. ווייטער האָט ער זיי פארזיכערט, אז פּונקט ווי ביי די פאָרגעקומענע „אקציעס" וועט דאָס נייע האנטווערקער־הויז געשוינט ווערן און דאָס הויז וועט נישט געהערן צום „ארבעטסלאגער", כדי די דייטשע קליענטן זאָלן עס קענען באזוכן.

דער הויפּטמאַן מיט די צוויי שניידערס האָבן באַלד אָנגעצייכנט פאַר יעדן האַנטווערקער א וווינונג מיט א ווערקשטאַט.

ווען די שניידערס זענען צוריקגעקומען, האָבן זיי איבערגעגעבן די האַנטווערקער, אז וואָס אַן אמת זענען די וווינונגען אין דעם נייעם הויז נישט אזוי באַקוועם ווי דאָס איצטיקע, אָבער אין אַלעם איבעריקן וועט זיך די לאַגע נישט ענדערן.

פון די דאָזיקע ידיעות האָבן זיך די געמיטער אין האַנטווערקער־הויז צוריק א ביסל באַרואיקט און יעדער האָט זיך ווידער אָפּגעגעבן מיט זיין אַרבעט ווי פריער.

* * *

דעם 9טן מערץ 6 אזייגער אינדערפרי האָבן זיך דערהערט אויפן הויף פון האַנטווערקער־הויז שווערע מיליטערישע טריט. אין עטלעכע מי־נוט אַרום האָט מען אָנגעקלאַפּט אין די טירן פון אַלע יידישע איינוווינער און אין יעדער וווינונג זענען אַריין צו צוויי זשאַנדאַרמען, וועלכע האָבן באַפוילן, אז דער אייגנטימער פון ווערקשטאַט זאָל זיך שוין אָנטון און אַראָפּגיין אויפן הויף.

די זשאַנדאַרמען זענען שוין נישט אַרויס פון די וווינונגען, נאָר האָבן גענומען דורכפירן רעוויזיעס.

ווען די מייסטערס זענען אַרויס פון זייערע וווינונגען, כדי אַראָפּצו־גיין אויפן הויף, האָבן זיי אויף די טרעפּן, קאָרידאָרן און פאַר דעם הויז אָנגעטראָפן זשאַנדאַרמען און אוקראַינער מיט געווער אין די הענט.

אינמיטן הויף איז געשטאַנען דער הויפּטמאַן דעגענהאַרדט מיט וואַכמייסטערס און זשאַנדאַרמען. ווען אַלע יידישע מייסטערס זענען שוין געשטאַנען פאַר אים, האָט ער זיך געווענדט צו זיי מיט אָט די רייד:

— פון היינטיקן טאָג אָן, דעם 9טן מערץ 1943, זענען די גאָלדענע צייטן פאַר אייך, יידישע האַנטווערקער פון הויז אַלע נומער 14, געענדיקט. איר אַלע וועט באַלד אַריבערגיין אין „אַרבעטסלאַגער", ווו איר וועט וווינען צוזאַמען מיט אַלע יידן. איך גיב אייך צייט צוואַנציק מינוט, איר זאָלט צוזאַמענעמען אייער פּריוואַטע קליידונג און אַראָפּקומען אויפן הויף

מיט אייערע פאמיליעס. סחורות, רווישטאָפן, האלב און גאנצע פארטיקע אויסארבעטונגען, זאָלן איבערגעלאָזט ווערן אין די וווינונגען. די שליסלען זאָלן בלייבן שטעקן אין די שלעסער פון די טירן און שענק.

דער הויפּטמאן האָט מער נישט דערקענט דעם שניידער גרין, וועלכן ער האָט געהאט געמאכט פאר פּאָליציאנט, נישט דעם אנדערן שניידער, וואָס האָט אים באזוכט צוזאמען מיט דעם שניידער גרין, נישט אלע אנדערע האנטווערקער, פאר וועלכע ער האָט כלומרשט באשטימט דאָס נייע הויז אויפן אלטן מארק. „אלע יודען זינד גלייך!"

ער האָט גלייך פארלאָזט דאָס הויז, געבנדיק זיינע מענטשן די געהעריקע אָנווייזונגען ווי אזוי דורכצופירן די „אקציע".

די זשאנדארמען האָבן געוואַרט צוואנציק מינוט. זיי האָבן אכטונג געגעבן, אז קיינער פון די האנטווערקער זאָל נישט מיטנעמען קיין סחורות, נאָר בלויז פּריוואטע זאכן. די האנטווערקער און זייערע פאמיליע־מענטשן האָבן זיך אָנגעלאָדן מיט פּעק איבער די אקסלען און וואליזעס אין די הענט און זענען אראָפּ אויפן הויף. אן ערך צוויי הונדערט מענטשן מיט זייער ביסל זאכן האָבן זיך אויסגעשטעלט אויפן הויף און דערנאָך זיך געלאָזט מארשירן דורך די גאסן צום „ארבעטסלאגער". באוואכט פון אלע זייטן דורך זשאנדארמען און אוקראאינער, זענען מיר געטריבן געוואָרן דורך דער גאריבאלדי גאס, ווו עס האָבן זיך געפונען די גרויסע מאגאזינען מיט די צוגערויבטע יידישע זאכן.

די גרעסטע טייל פון די ארויסגעטריבענע האָבן נישט געקאָנט לאנג טראָגן די פּעק, מחמת די זשאנדארמען און די אוקראאינער האָבן געיאָגט שנעל און וואָס אמאָל שנעלער, דעריבער האָבן די וואָס אמאָל מער מיד געוואָרענע געהאלטן אין איין אוועקוואַרפן אין גאס די שווער געוואָרענע משאות און די זשאנדארמען האָבן זיי אויפגעהויבן און אריינגעטראָגן אין די מאגאזינען.

פון גאריבאלדי גאס זענען מיר געטריבן געוואָרן דורך דער וואר־שעווער גאס, ווו מען האָט נישט געזען קיין איין ציווילן. דאָרט האָט מען נאָך אויסגערוימט די געשעפטן נאָך די אוועקגעשיקטע יידן. בלויז פּוילישע פּאָליציאנטן זענען געשטאנען אויף דער וואך און געלאכט אונדז אין פּנים אריין, ווי מיר זענען געוועזן דערהיצט פון געיעג און פון טראָגן די משאות.

אין האנטווערקער־הויז האָט געוווינט א יונגערמאַן, א טובערקולאָז־קראנקער. ער האָט קיין פּעק נישט געטראָגן און דאָך נישט געקענט מיט־האלטן דעם שנעלן טריט. ער איז געבליבן הינטערשטעליק; זיין פרוי האָט געשלעפּט די פּעק אויף אירע שוואכע אקסלען און פון צייט צו צייט זיך אומגעקוקט אויף איר שווער־קראנקן מאַן. ער האָט געהאַט א געלע מראה און מיט א האנט כסדר זיך געהאלטן ביים הארץ. די מערדער האָבן אים געטרעטן אויף די פיס און ארויפגעפּאָרן אויף; אים מיט די וועלאָסיפּעדן. ער האָט אָבער נישט געקאָנט גיין שנעלער, ער האָט אפילו נישט געקאָנט ארויסרעדן קיין וואָרט. איינער פון די זשאנדארמען האָט ארויסגענומען זיין רעוואָלווער און געוואָלט דעם יונגנמאַן דערשיסן. זיין פרוי האָט אים אָבער פארשטעלט און גענומען בעטן פאר אים, אז ער איז קראנק און קאָן נישט גיין. דער זשאנדארם האָט זיך עפּעס מישב געווען און אָפּגעלאָזט.

פון דער ווארשעווער גאס זענען מיר אריין אויפן קליינעם מארק און פון דאָרט אין „ארבעטסלאגער". דאָרט האָבן מיר געטראָפן די געסלעך אינגאנצן פּוסט אָן מענטשן. מיר זענען ארייננעטריבן געוואָרן אין א גרויסן זאַל אויפן ערשטן שטאָק פון א ליקווידירטן יידישן ווערקשטאט. יעדער האָט פון זיך אראָפּגענומען די פּעק און א מידער זיך אראָפּגעלאָזט אויף דעם באָדן.

די האנטווערקער האָבן זיך אָנגעקוקט איינער דעם אנדערן ווי פאר־חידושט און צעטומלט. עס איז שווער געווען צו באנעמען, אז אָט ערשט נישט לאנג האָט מען פארלוירן די איינגעזעסענע היים. מען האָט זיך ערשט אָפּגעגעבן רעכענונג, אז די אלע הבטחות פון די דייטשע קליענטן און פון דער פרוי מאָשעוויטש זענען געווען אָפּנארעריי, כדי די אויגן צו פאר־בלענדן, פּונקט ווי די וויזיט פון הויפּטמאַן מיט די צוויי שניידערס אין כלומרשט נייעם האנטווערקער־הויז זענען געווען אויסגערעכנט, אז קיינער זאָל זיך נישט ריכטן און עפּעס ארויסטראָגן פון די וווינונגען באצייטנס.

דערווייל זענען פארביי עטלעכע שעהען און מיר זענען געזעסן אין א באוואכט הויז, נישט ווויסנדיק וואָס מיט אונדז וועט ווייטער געשען.

ענדלעך איז דער הויפּטמאַן אָנגעקומען אין באגלייטונג פון א גע־שטאַפּאָ־פארשוין און אויסגערופן, אז דער שניידער קאַץ און דער שוסטער שידלאָווסקי זאָלן מיט זייערע פאמיליעס אראָפּגיין אין פאַרטער און מיט־

נעמען זייערע זאכן. דער באפעל איז פארשטייט זיך באלד געוואָרן אויס־געפירט.

אין עטלעכע מינוט ארום איז צוריק ארויפגעקומען קאצם א קליין מיידעלע און דערציילט, אז אונטן ווערן קאָנטראָלירט די זאכן און יעדער מוז זיך אויסטון נאקעט צו א רעוויזיע.

אלע אין זאל האָבן באלד ארויסגענומען זייערע ווערט־זאכן און גע־זוכט אן עצה ווי אזוי דערפון פטור צו ווערן, מחמת א ייד האָט נישט גע־טאָרט האָבן קיין גרעסערע געלט־סומען אָדער ווערט־זאכן.

זוכנדיק אן אויסוועג זיך צו העלפן, האָבן מיר באמערקט אין זאל א קליין פענסטערל, וואָס איז ארויסגעגאנגען אויף א שמאָלן הויף. דער הויף האָט זיך געגרענעצט מיט א צווייטן הויף, ווו מיר האָבן געזען שטיין יידישע פּאָליציאנטן און נאכט־ארבעטער, וועלכע האָבן דאָ ארויפגעקוקט צו אונדז. מיר האָבן צו זיי געמאכט צייכנס מיט די הענט און זיך מיט זיי פארשטענדיקט, אין וואָס פאר א לאגע מיר געפינען זיך, א סך האָבן איינ־געוויקלט זייער געלט און ווערט־זאכן אין א טיכל, אויף א צעטל אויפגע־שריבן דעם נאָמען און אריבערגעוואָרפן דורכן פענסטערל. יענע האָבן די פּעקלעך אויפגעהויבן און באלד אוועק.

אָבער נישט אלע האָבן זיך דעצידירט אזוי צו טון מיט זייער געלט און ווערט־זאכן.

דערווייל האָבן מיר דורך א צווייט פענסטערל באמערקט, אז די פא־מיליעס קאַץ און שידלאָווסקי זענען אוועקגעשטעלט געוואָרן מיט די פנימער צו א וואנט און נאָך א געוויסער צייט האָט מען זיי אוועקגעפירט אונטער א שטארקער וואך פון אוקראינער און זשאנדארמען.

דערנאָך האָט מען אלע פון ערשטן שטאָק גערופן צו א רעוויזיע. מען האָט איינציקווייז אריינגעפירט אין צימער, ווו עס האָט זיך געפו־נען דער הויפּטמאַן און פינף זשאנדארמען. דער הויפּטמאַן האָט אויפגע־פאָדערט יעדן אוועקצוגעבן אלץ וואָס ער פארמאָגט און נאָכדעם ווי מען האָט אזוי געטון, איז מען ערשט אויפסניי רעווידירט געוואָרן דורך די זשאנדארמען, צי מען האָט נישט חלילה עפּעס באהאלטן.

נאָך דער רעוויזיע האָט מען אונדז מיט די זאכן ארויסגעלאָזט אויף

דער גאַס און יעדער פון אונדז האָט זיך געמוזט ערגעץ איינבעטן ביי באַ־קאַנטע, מען זאָל דערלויבן אוועקצולייגן די זאַכן.

דער הויפּטמאַן האָט אַזוי אַרום באַקומען אין „אַרבעטסלאַגער" אַריין צוויי הונדערט נייע מענטשן אַן געלט און אַן אַ דאַך איבערן קאָפּ. ער דאַרפֿן איז אַוועק מיט אַ וואַליזע געלט און ווערט־זאַכן; ווי עס איז שפּע־טער באַקאַנט געוואָרן, האָט ער צוגענומען הונדערט טויזנט זלאָטעס, חוץ פאַרשידענע ווערט־זאַכן.

ווען דער קראַנקער יונגערמאַן איז רעוווידירט געוואָרן און מען האָט ביי אים צוגענומען דאָס געלט, האָט ער באַקומען אַ באַפעל פון הויפּטמאַן, ער זאָל זיך באַלד מעלדן אין שפּיטאָל צום דאָקטאָר.

דער יונגערמאַן איז אויפגענומען געוואָרן אין שפּיטאָל ווי אַ שווער־קראַנקער.

אויפן אַנדערן טאָג איז דער הויפּטמאַן געקומען אין שפּיטאָל אַריין און געטראָפן דעם יונגנמאַן ליגן אין בעט און דערנעבן אין אַ צווייט בעטל, נאָך אַ שווער־קראַנקן. דער הויפּטמאַן האָט באַפוילן דעם דאָקטאָר ביידע קראַנקע אָפּצוסמען.

מיט אַ טאָג שפּעטער, ווען דער הויפּטמאַן האָט טעלעפאָניש זיך דורכגערעדט מיט זיין פאַרטרעטער וועגן פאַרשידענע ענינים, האָט ער נישט פאַרגעסן צו פרעגן, צי די צוויי קראַנקע זענען שוין טויט. ווען ער האָט באַקומען אַן ענטפער אַז זיי לעבן נאָך, האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַ־פעל, אַז די יידישע פּאָליציי זאָל די צוויי קראַנקע ברענגען צו דער וואַך.

ווען צוויי יידישע פּאָליציאַנטן זענען געקומען אין שפּיטאָל אַריין נאָך די קראַנקע, האָבן אַלע פאַרשטאַנען, נאָך וואָס מען רופט זיי אויף דער וואַך.

אין שפּיטאָל איז געוואָרן זייער אומהיימלעך און קיינער האָט נישט געוואָלט די בשורה אָנזאָגן די קראַנקע און זייערע פרויען. די פּאָליציאַנטן האָבן אויפגעפאָדערט די צוויי אומגליקלעכע זיך אָנצוטון און מיטגיין מיט זיי. מען האָט די פרויען נישט געקאָנט אָפּרייסן פון זייערע קראַנקע מענער און אויך די קראַנקע אַליין האָבן פאַרשטאַנען, אין וואָס עס האַנדלט זיך און זיי האָבן זיך נישט געוואָלט אָנטון. מיט גרויס מי האָבן די קראַנקען־שוועסטער זיי געשטעלט אויף די פיס. איין פרוי האָט איר קראַנקען מאַן

מיטגעגעבן שלאָף־פּאַסטילן. דאָס געזעגענען זיך פון די צוויי פּאַרפעלקער איז געווען הארצרייסנדיק, די פּאַליציאַנטן האָבן מיט כוח געמוזט די מענטשן פונאנדעררייסן און די צוויי שווער־קראַנקע האָבן זיך געלאָזט אויף זייער מארש צום מלאך המות.

ווען זיי זענען ארויס פון שפּיטאָל־הויף אויף דער גאַס, איז געווען א שיין פרילינג־וועטער; די זון האָט געוואַרעמט און די צוויי קראַנקע מענטשן האָבן זיך דערפילט בעסער אויף דער פרייער לופט און זיי האָבן נישט געוואָלט גיין דעם טויט אנטקעגן. זיי האָבן זיך אראָפּגעזעצט אויף דער ערד נעבן די רינשטאָקן און געמורמלט: „מיר ווילן אהין נישט גיין דערשאָסן צו ווערן".

די פּאַליציאַנטן מיט דעם שפּיטאָל־פּערסאָנאַל האָבן זיי געפּרוּווט איינרעדן, אז דאָס פירט מען זיי זיך איינשרייבן אויף א זומער־קאָלאָניע פאר קראַנקע, אָבער די צוויי קראַנקע האָבן זיך נישט געלאָזט נארן, זיי האָבן זיך אוועקגעלייגט נעבן א טויער און זיך נישט געלאָזט רירן פון אָרט. מען האָט נישט געקאָנט באגרייפן, פונוואַנען עס האָבן זיך צו זיי פּלוצלינג גענומען אזעלכע כוחות.

יידישע פּאַליציאַנטן, מענטשן פון דער נאַכט־ארבעט און פון האנט־ווערקער־הויז זענען געשטאַנען פונוויטנס און מיט טרערן אין די אויגן זיך צוגעקוקט צו דער שוידערלעכער סצענע. די פּאַליציאַנטן האָבן זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט די צוויי קראַנקע, איינער פון זיי האָט פּלוצלינג גענומען שרייען אויפן קול; דער דאָזיקער קראַנקער האָט שוין זינט חדשים נישט געקאָנט ארויסברענגען קיין וואָרט:

— איך קאָן נאָך לעבן! — האָט ער געשריגן מיט אן אומהיימלעך קול — זאָגט דעם הויפּטמאַן, אז איך קאָן ארבעטן!

דאָס שרעקלעכע געשריי האָט אָפּגעהילכט איבער די געסלעך פון „ארבעטסלאַגער" און אלעמען האָט ארומגענומען א שוידער. אין זעלבן מאָמענט האָט זיך דערהערט אן אנדער געשריי פונוויטנס:

— ווי לאַנג וועל איך וואַרטן אויף די צוויי פאַרקריפּלטע דרעק־מענער?

אלע האָבן זיך אומגעקוקט און דערזען ביי דער וואַך פאַר דער טיר

שטיין דעם זשאַנדאַרם־וואַכמייסטער מיט צוויי אוקראַינער, וועלכע האָבן זיך צוגעקוקט צום ספּעקטאַקל און געלאַכט אויפן קול.

די קראַנקע איז באַפאַלן אַן אימה. איינער האָט שנעל אַרויסגענומען פון טאַש די שלאָף־פּילן און זיי אַראָפּגעשלונגען איינע נאָך דער אַנדערער. ער האָט געברומט: „איינשלאָפן, איינשלאָפן גיכער!"

די צוויי פּאָליציאַנטן האָבן זיי אויפגעהויבן פון דער ערד און זיי זענען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ געגאַנגען שטיל און פּאַמעלעך צו דער וואַך.

זיי זענען אַריינגעפירט געוואָרן אין הויף און מיר האָבן מיט האַרצ־קלאַפּן געוואַרט אויף די שאָסן, וועלכע האָבן זיך אין עטלעכע מינוט אַרום געלאָזט הערן.

אין אַ ווײַלע אַרום זענען די יידישע פּאָליציאַנטן צוריק אַרויס אַליין. זיי האָבן דערציילט, אַז די קראַנקע האָבן זיך געמוזט אויסטון נאַקעט, אוקראַינער האָבן זיי געיאָגט מיט געפלאָכטענע רימענס. זיי האָבן באַקומען יעדער אַ שאָס אין קאָפּ אַריין פון הינטן און זיך איבערגעוואַקלט אויף אַ זייט, פאַלנדיק ווי אונטערגעזעגטע ביימער.

אין עטלעכע שעה אַרום זענען די טויטע קערפּערס אָפּגעפירט געוואָרן אויפן יידישן בית עולם.

## XLI

## „די רייזע קיין פאַלעסטינע"

שבת דעם 20סטן מערץ 1943, פיר אַזייגער נאָכמיטאָג איז דער הויפּט־מאַן געקומען אין „יודן־ראַט" און באַפוילן דעם „יודן־ראַט"־באַאַמטן קורלאַנד, ער זאָל אים געבן די רשימות פון די רעגיסטרירטע צו פאָרן קיין פאַלעסטינע.

דער הויפּטמאַן האָט דורכגעקוקט די רשימות און געזאָגט, אַז ער וויל אצינד צוזאַמענשטעלן אַ נייע רשימה פון דער ערשטער גרופּע יידן, וואָס זאָל אוועקפאָרן קיין פאַלעסטינע. דאָס זאָלן זיין די, וועלכע האָבן זיך מיט זייער אויפפירונג דאָס פאַרדינט: די דאָקטוירים, „יודן־ראַט"־

מענטשן, אדוואָקאטן, אינזשיניערן און אנדערע, וואָס האָבן העכערע בילדונג.

דער הויפּטמאַן האָט באפוילן, אז די אלע מענטשן מיט זייערע פרויען און קינדער זאָלן אַרויסגיין אויפן קליינעם מארק צו דער נייער רעגיסטראַציע, וועלכע ער אליין וויל דורכפירן.

די יידישע פּאָליציי איז געגאנגען אויפזוכן די אלע מענטשן, כדי זיי אָנצוזאָגן די גוטע בשורה. די דאָזיקע פאמיליעס האָבן זיך קענגזייטיק אויפגעזוכט און געאיילט צו דער גליקלעכער פארזאמלונג.

**דער פּרעזעס פון „יודן־ראַט" מיט זיין פרוי און זין האָבן זיך גע־איילט צו קומען וואָס פריער צו דער רעגיסטראַציע. זיין שוועסטער צוזא־מען מיט איר קינד האָט קוים אויסגעפּועלט ביי אים, זי זאָל אויך קענען געניסן פון זיין זכות און ער האָט זי מיטגענומען צו דער רעגיסטראַציע. דער אדוואָקאַט פּאָהאָרילע מיט זיין פרוי און צוויי קינדער זענען ארויס אויפן מארק, נאָך זיי זענען געקומען אלע אנדערע „יודן־ראַט"־מיטגלידער,** אדוואָקאַט גיטלער מיט זיין פרוי און צוויי קינדער, קאפּינסקי, דעם פּרע־זעס ברודער מיט זיין פרוי און קינדער, באָזשיקאָווסקי מיט זיין פרוי, גאָלסטער מיט זיין פרוי און מיט זיין חתונה געהאטן זון און פרוי, ראָט־באַרד מיט דער פרוי און א טאָכטער, קורלאַנד מיט דער פרוי און טאָכטער, בערלינער מיט זיין פרוי, זשערקע מיט זיין פאמיליע.

אויך די דאָקטוירים האָבן זיך געאיילט מיט זייערע פאמיליעס צו דער נייער רעגיסטראַציע: דער זייער שיינער דאָקטאָר עפּשטיין מיט זיין פרוי און צוויי יינגלעך; דאָקטאָר לעווין מיט זיין פרוי, דאָקטאָר ווינער מיט זיין פרוי און צוויי קינדער, דער אַלטער דאָקטאָר ליפּינסקי מיט זיין פרוי, זיין זון, דער יונגער דאָקטאָר ליפּינסקי, מיט זיין פרוי און קינד אויף דער האַנט. דאָקטאָר קאגאַן האָט געאיילט מיט זיין פרוי און זון, פרוי דאָקטאָר גרונוואלד, דאָקטאָר פּאַלק מיט זיין פרוי און קינד, דאָקטאָר פּראַפּאָרט מיט זיין פרוי און זין, דאָקטאָר קיאַן מיט זיין פרוי און זין, דאָקטאָר וואַרמונד מיט זיין פרוי און זין, דאָקטאָר דאָבראַזשיצקי מיט זיין פרוי און קינד, דאָקטאָר ראָזען מיט זיין פרוי און קינד, דאָקטאָר בראַניצקי מיט פרוי און קינד. אדוואָקאַט בראַטמאַן מיט זיין פרוי, אד־וואָקאַט ווילטשינסקי, אדוואָקאַט לאַמפּעל מיט זיין פרוי, אדוואָקאַט וויינ־

בערג מיט זיין פרוי; אינזשיניער פירשטענפעל מיט זיין פרוי און טאָכטער און נאָך אנדערע, וועלכע האָבן געקאָנט „אויספּועלן", מען זאָל זיי צולאָזן צו דער „רעגיסטראַציע אויף צו פאָרן קיין פּאַלעסטינע", האָבן אויפגע־זוכט זייערע פרויען און קינדער און געלאָפן ארויס אויפן קליינעם מארק, כדי זיי זאָלן נישט פארשפּעטיקן.

ביי דעם ארויסגאנג און נעבן די דראָט־פאַרצוימונגען פון „אר־בעטסלאגער" זענען געשטאנען מאסן מענטשן און געקוקט מיט קנאה, ווי די אינטעליגענץ פון שטאָט שטעלט זיך אויס צו דער רעגיסטראַציע.

אויפן מארק האָבן זיך אלע אויסגעשטעלט לויט די פאמיליעס; יעדער מאן מיט זיין פאמיליע, דער הויפּטמאן איז ארומגעגאנגען איבערן מארק און גערעדט דאָ מיט איינעם, דאָ מיט א צווייטן זייער פריינטלעך און גע־מיטלעך. דער פּרעזעס איז פון דעם הויפּטמאנס פריינטלעכקייט געוואָרן דרייסט און געפרעגט, צי ער זאָל באפעלן זיין באאמטן צונויפצושטעלן א רשימה פון די אַנוועזנדיקע. דער הויפּטמאן האָט ליבנסווירדיק געענטפערט, אז עס איז נישט נויטיק — ער האָט א גוטן זכרון און באדארף נישט קיין רשימות.

דערווייל זענען געקומען צולויפן פארשפּעטיקטע, אָבער דער אוקראַי־נער, וואָס איז געשטאנען אויף דער וואך, האָט זיי נישט געוואָלט צולאָזן. די פרוי דענטיסטין ברעסלער האָט געמאכט א רעש: זי וויל ארויס צו אירע פריינט. דער הויפּטמאן הערנדיק דעם טומל, איז צוגעגאנגען צום אריינ־גאנג; די פרוי ברעסלער האָט זיך אנטשולדיקט פאר דער פארשפּעטיקונג: זי האָט געזוכט איר מאן און אים נישט געקאָנט געפינען. ער איז אויך א דאָקטאָר. דער הויפּטמאן האָט געענטפערט, אז עס איז א גרויסער שאָד, אָבער לענגער קאָן ער נישט ווארטן. ער איז זייער ליבנסווירדיק און בא־פעלט דעם אוקראַינער ארויסצולאָזן די פרוי ברעסלער אויפן מארק. באלד איז זי געשטאנען א גליקלעכע צווישן די אויסדערוויילטע. דערנאָך איז אָנגעקומען די פרוי דאָקטאָר ווייסבערג, די לאנגיעריקע לייטערין פון יידישן שפּיטאָל. דער הויפּטמאן האָט זי געפרעגט, צי זי האָט קינדער. ניין, זי האָט נישט; באפעלט דער הויפּטמאן, זי זאָל בלייבן. שוין צו שפּעט, זאָגט ער. זי וועט פאָרן מיט דער צווייטער גרופּע, צוזאמען מיטן איצטיקן שפּיטאָל־לייטער, דאָקטאָר שפּערלינג און וואָלבערג, וועלכע מוזן נאָך דאָ פארבלייבן.

אָט קומט אָנצולויפן דער געשמדטער דאָקטאָר קאָן, וועלכער הייסט אצינד וואצלאוו קאָנאר, זיין פרוי האָט אים נאָר וואָס אויפגעזוכט. דער הויפּטמאַן דערלויבט זיי אָבער נישט ארויסצוגיין אויפן מארק. „איר בלייבט דערווייל נאָך דאָ” — זאָגט ער — „איר קאָנט דאָך נישט איבערלאָזן אייערע איבער־ריקע יידן אָן דאָקטוירים. איר וועט פאָרן מיט דער צווייטער גרופּע”.

די פארזאמלטע אויפן מארק הערן זיך צו צום הויפּטמאַנס רייד און שמייכלען איינער צום אנדערן, זיי זאָגן „מיר וועלן פאָרן די ערשטע”. אויף זייערע פּנימער צעגיסט זיך א צופרידנקייט, ווי ביי געראטעוועטע פון אן אונטערגייענדיקער שיף.

דער הויפּטמאַן דערנענטערט זיך צו די פארזאמלטע און באמערקט, אז עס איז זיי קאלט. זיי זענען לייכט אָנגעטון — זיי זענען דאָך נאָר גע־קומען זיך רעגיסטרירן, בלויז עטלעכע מינוט, האָט מען זיי געזאָגט. דער הויפּטמאַן גייט פארביי פאר אלע, קוקט יעדן שארף אין פּנים אריין; מיטאמאָל איז זיין שמייכל פארשוואונדן, ער רעדט שוין מער צו קיינעם נישט קיין וואָרט. ווען ער איז שוין געווען ביים סוף פון דער ריי, אין וועלכער ער האָט אָפּגעציילט הונדערט זיבן און פערציק מענטשן, האָט ער ביי דער אלגעמיינער שטילקייט א געשריי געטון צו זיין וואכמייסטער אויבערשעער:

— אלע אאוף די וואכע!

אלע פארזאמלטע, די אינטעליגענטע און געלערנטע מענטשן, האָבן מיט־אמאָל א ציטער געטון. זיי האָבן באקומען אן אויסדרוק, ווי די ערד וואָלט זיך פּלוצלינג געעפנט אונטער זייערע פיס און זיי גליטשן זיך אראָפּ אין א תהום.

אויך די, וועלכע זענען געשטאנען ביי די דראָט־פארצוימונגען פון „ארבעטסלאגער” און פריער מיט קנאה געקוקט אויף די „גליקלעכע”, וואָס וועלן זיך ארויסרייסן פון די דייטשע מערדערישע הענט און פאָרן קיין פּאַ־לעסטינע — אויך די זענען פארציטערט געוואָרן פון דעם הויפּטמאַנס פיר ווערטער:

— אלע אאוף די וואכע!

אלע ווייסן דאָך שוין, אז די וואָס גייען „אויף די וואכע”, קומען שוין נישט צוריק.

באלד זענען זשאנדארמען און אוקראינער צוגעגאנגען צו די פאר־

זאמלטע און זיי באפוילן צו גיין. מיט פארצוויפלטע בליקן האָבן די נאָר וואָס גליקלעכע מענטשן אריבערגעקוקט צום „ארבעטסלאגער" און מקנא געווען די מאסע ביי די דראָט־פארצוימונגען.

דער הויפטמאן איז געשטאנען אין א טריאומפירנדיקער פּאָזע און קענטיק געשעפּט נחת פון דעם גיהנומדיקן ספעקטאקל. ער איז אזוי געבליבן אויפן אָרט, ביז די זשאנדארמען האָבן אריינגעפירט די הונדערט זיבן און פערציק קרבנות אויף דער וואָך.

אין א האלבער שעה ארום זענען אָנגעפאָרן גרויסע ליידיקע לאסט־אויטאָס און געבליבן שטיין א הונדערט מעטער פון דער וואך. באלד זענען די מענטשן ארויסגעיאָגט געוואָרן פון דער וואך דורך שטארקע אָפּטיילונגען זשאנדארמעריע און אוקראינער. די אויטאָס האָבן אויפגענומען די פּאסאזשירן און גיך מיט זיי אוועקגעפאָרן.

אין „ארבעטסלאגער" זענען אלע געווען נייגיריק צו זען די ריכטונג, אין וועלכער די אויטאָס וועלן זיך פארנעמען. באלד האָט מען זיי געזען פאָרן אין דער ריכטונג פון אָלשטין. אויפן דאָזיקן וועג איז אויך געלעגן דאָס יידישע בית עולם.

די „ארבעטסלאגער"־מענטשן האָבן זיך שטום אָנגעקוקט. איינער דעם אנדערן האָט פארשטאנען אָן ווערטער. נישט געקוקט אויף דער פרי־ערדיקער קנאה צו די „בעסערע מענטשן", וועלכע עס האָט דערוואַרט „א דייזע קיין פּאלעסטינע", האָט איצט אלעמען דורכגענומען א שוידער. דער „ארבעטסלאגער", פארשפּארט אין די דריי שמוציקע געסלעך, האָט זיך מיטאמאָל דערפילט ווי פאריתומט: נישטאָ מער די געבילדעטע, אינטע־ליגענטע מענטשן, צווישן וועלכע עס זענען געווען א סך, וואָס פלעגן אין שווערע מינוטן טרייסטן און בארואיקן די געמיטער.

דער „ארבעטסלאגער" האָט דערפילט, ווי דער מערדער דעגענהארדט האָט ביי אים איצט אָפּגעהאקט דעם קאָפּ.

א זייגער האלב אכט פארנאכט האָט צום „ארבעטסלאגער"־אריינגאנג זיך דערנענטערט א גרופּע אוקראינער, דאָס איז געווען די זעלבע, וואָס האָט באגלייט די אויטאָס.

באלד איז באקאנט געוואָרן, אז די הונדערט זיבן און פערציק מענטשן לעבן שוין נישט.

די דריי געסלעך פון „ארבעטסלאגער" זענען געוואָרן פול מיט מענטשן. אלץ איז ארויס אויף דער גאס. א טרויער האָט אלעמען ארומגע־נומען. נישט נאָר די נאָענטע פון די קרבנות, נאָר אלע האָבן געוויינט מיט הייסע טרערן. יעדער האָט געפילט דעם ווייטיק און יעדער האָט זיך געפילט טיף געקרענקט און אפשר אויף א געוויסן אופן באליידיקט פון דער ני־דערטרעכטיקער קאָמעדיע, וואָס דער סאדיסטישער הויפטמאן האָט אָפּ־געשפּילט.

קיין פּרטים האָט מען דערווייל נישט געקאָנט ארויסבאקומען, ווייל די אוקראאינער האָבן גאָרנישט געוואָלט דערציילן. מיר האָבן זיך בלויז דערוווּסט, אז דער הויפּטמאן האָט טעלעפאָניש באפוילן, די וווינונגען פון די דערמאָרדעטע זאָלן באלד באוואכט ווערן.

דער הויפּטמאן איז באלד אליין געקומען מיט זיין אויטאָ אין „אר־בעטסלאגער". ער האָט אליין אכטונג געגעבן, די וווינונגען פון די אומגע־בראכטע זאָלן פארזיגלט ווערן. ער האָט זיך ארומגעדרייט אין די געסלעך און מיט א ציניש שמייכעלע אָנגעקוקט די יידישע פּאָליציאנטן.

אין די נאָענטסטע טעג האָט מען ארויסגענומען אלץ פון די וווינונ־גען און אוועקגעפירט אין די מאגאזינען אויף דער גאריבאלדי גאס, אָבער פריער האָט דער הויפּטמאן אליין רעווידירט די וווינונגען און ווי די יידישע פּאָליציאנטן האָבן דערציילט, האָט ער אין פּרעזעס וווינונג און ביי טייל אנדערע „יודן־ראט"־מיטגלידער געפונען בריליאנטן און גאָלד־מטבעות און אויך גרעסערע געלט־סומען, וועלכע ער האָט צוגענומען.

יידישע פּאָליציאנטן, וועלכע האָבן זיך באקענט מיט עטלעכע אוק־ראינער, האָבן פון זיי ארויסבאקומען פּרטים, ווי אזוי מען האָט די הונדערט זיבן און פערציק מענטשן אומגעבראכט:

מען האָט זיי אין די אויטאָס אוועקגעפירט אויפן בית עולם. די קרבנות זענען באהערשט געוואָרן פון א טויט־פּחד און נישט געוואָלט ארויסגיין פון די אויטאָס, האָט מען זיי מיט ביקסן־קאָלבעס געשלאָגן און אראָפּגעשליידערט אויף דער ערד. די קינדער האָט מען אויסגעשטעלט אין איין זייט און די עלטערע אויף דער צווייטער. הארצרייסנדיקע סצענעס זענען פּאָרגעקומען ביים צעשיידן די קינדער פון די עלטערן און אויך דאָ איז עס נישט דורכגעגאנגען אָן שלאָגן מיט די ביקסן־קאָלבעס. די קינדער



דער געשענדעטער טשענסטאָכאָווער בית־עלמין



זענען אוועקגעשטעלט געוואָרן נעבן גרויסע גריבער, עטלעכע מעטער ווײַ־טער איז געשטאַנען אַ מאַשין־געווער און געשאָסן אויף די קינדער, וועלכע זענען גלײַך אַרײַנגעפאַלן אין די גריבער. די עלטערן האָבן געקוקט אויף דעם שוידערלעכן בילד און זיך געריסן די האָר פון קאָפּ, אַראָפּגעריסן אין פאַרצווייפלונג די מלבושים פון זיך. באַלד אָבער האָט מען זיי אויך אַהינ־געיאָגט צו די גריבער. בײַם ראַנד שטייענדיק האָבן זיך טייל אַרומגענומען צו צוויי־דריי מענטשן און ווען די מאַשין־געווערן האָבן גענומען שיסן, זענען זיי אַזוי אַרומגענומענע אַרײַנגעפאַלן אין די גריבער.

אַן אוקראַינער האָט פאַרענדיקט די שילדערונג אַזוי:

„אין גרוב האָט זיך געפונען אַ מענטשן־מאַסע פון טויטע און לע־בעדיקע. מען האָט געהערט קרעכצן, טייל האָבן אויסגעשטרעקט די הענט, אַנדערע האָבן עפּעס געברומט. דער זשאַנדאַרם האָט אָנגעשטעלט זײַן מאַשין־געווער בײַם גרוב און דאָרט אַרײַנגעשאָסן, ביז עס איז געוואָרן גאַנץ שטיל. נאָכדעם האָבן מיר זיך אַרײַנגעזעצט אין די אויטאָס און גע־פאָרן צוריק".

צומאָרגנס, זונטיק דעם 21סטן מערץ 1943, זענען צוויי ייִדן אַרויס־געפאָרן אויפן בית עולם, כּדי צו קבורה ברענגען אַ טויטן, וועלכער איז געשטאָרבן אין „אַרבעטסלאַגער", האָבן זיי געזען פרישע גרויסע גריבער, פאַרשיט מיט פרישער ערד, אָן אַ בערגל, נאָר גלאַט, גלײַך מיט דער ערד־פלאַך.

אַלץ האָט אויסגעזען רואיק, ווי עס וואָלט דאָ מיט אַ טאָג פריער גאָרנישט געווען פאָרגעקומען.

# דאָס פּוילישע יידנטום

ביכער־סעריע פון דעם צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן
אין ארגענטינע

רעדאקטאָר: מאַרק טורקאָוו

## ביז איצט דערשינען:

1) מארק טורקאָוו: מלכה אָוושיאַני דערציילט... (אויספארקויפט)
2) ה. ד. נאָמבערג: י. ל. פּרץ (אויספארקויפט)
3) וו. גראָסמאַן־י. וויערניק: טרעבלינקע (אויספארקויפט)
4) פּרץ גראַנאַטשטיין: מיין חרוב שטעטל סאָקאָלאָוו (אויספארקויפט)
5) ישראל טאַבאַקסבלאַט: חורבן לאָדזש (אויספארקויפט)
6) זרובבל: בארג חורבן (קאַפּיטלען פּוילן) (אויספארקויפט)
7) אלחנן צייטלין: אין א ליטעראַרישער שטוב (אויספארקויפט)
8) ד״ר ח. שאָשקעס: פּוילן — 1946 (אויספארקויפט)
9) ז. סעגאַלאָוויטש: טלאָמאַצקע 13 (אויספארקויפט)
10) מ. נודעלמאַן: געלעכטער דורך טרערן (אויספארקויפט)
11) ד״ר מאיר באַלאַבאַן: די יידן־שטאָט לובלין (אויספארקויפט)
12) ישראל אפרת: היימלאָזע יידן (אויספארקויפט)
13) ד״ר יעקב שאַצקי: אין שאָטן פון עבר (אויספארקויפט)
14) דוד פלינקער: א הויז אויף גזשיבאָוו (אויספארקויפט)
15) ד״ר הלל זיידמאַן: טאָגבוך פון ווארשעווער געטאָ
16) קינדער־מאַרטיראָלאָגיע (זאַמלונג פון דאָקומענטן)
17) חיים גראַזע: פליטים
18) ש. קאַטשערגינסקי: פּאַרטיזאַנער גייען!... (ווילנער געטאָ)
19) פרידע זרובבל: נע ונד (פאַרצייכנונגען פון א פליטה)
20) מרדכי שטריגלער: מאַידאַנעק
21) יעקב לעשצינסקי: אויפן ראַנד פון אָפּגרונט
22) ז. סעגאַלאָוויטש: געברענטע טריט
23) אברהם טייטלבוים: ווארשעווער הייף
24) טאַניאַ פוקס: א וואַנדערונג איבער אָקופּירטע געביטן
25) ש. ל. שניידערמאַן: צווישן שרעק און האָפענונג
26) לעאָ פינקלשטיין: מגילת פּוילן
27) יאָנאַס טורקאָוו: אזוי איז עס געווען... (חורבן ווארשע)
28) ש. איזבאַן: „אומלעגאַלע" יידן שפּאַלטן ימען
29) יעקב פּאַט: הענעך
30) ד״ר י. קערמיש: דער אויפשטאַנד אין ווארשעווער געטאָ

31) שמחה פּאָליאַקעוויטש: א טאָג אין טרעבלינקע
32) מרדכי שטריגלער: אין די פאבריקן פון טויט
33) אברהם נחתומי: אין שאָטן פון דורות
34) יחיאל לערער: מיין היים
35) יוסף וואָלף: לייענענדיק פרצן...
36) צפורה קאצענעלסאָן־נאַכומאָוו: יצחק קאצענעלסאָן
37) י. הירשהויט: פינצטערע נעכט אין פּאוויאַק
38) נחום סאָקאָלאָוו: פערזענלעכקייטן
39) רחל ה. קאָרן: היים און היימלאָזיקייט
40) א. אלמי: מאָמענטן פון א לעבן
41) מנשה אונגער: פּשיסכע און קאָצק
42) מ. בורשטין: איבער די חורבות פון פּלוינע
43) מ. קיפּניס: הונדערט פאָלקס־לידער
44) ז. סעגאלאָוויטש: מיינע זיבן יאָר אין תל־אביב
45) ד״ר חיים שאָשקעס: א וועלט וואָס איז פאַרביי...
46) שלמה וואגא: חורבן טשענסטאָכאָוו

## עס דרוקט זיך און דערשיינט בקרוב:

י. י. טרונק: די יידישע פּראָזע אין פּוילן
שלום אש: פּעטערבורג; ווארשע; מאָסקווע.
ר. שושנה־קאַהאַן: אין פייער און פלאַמען (טאָגבוך)
ש. איזבאַן: פאַמיליע קאַרפּ (ראָמאַן)
ד״ר א. מוקדוני: מיינע באַגעגענישן
ד״ר פיליפּ פרידמאַן: אָשוויענטשים
ד״ר פיליפּ פרידמאַן: אָשוויענטשים
דוד פלינקער: אין שטורעם (ראָמאַן)
בעלכאטאָוו (זאַמל־בוך)

## עס גרייט זיך צום דרוק:

אברהם זאַק: יאָרן אין וואנדער
יאָנאס טורקאָוו: אין קאמף פאַרן לעבן
פנחס ביזבערג: שבת־יום־טובדיקע יידן
רבקה קוויאטקאָווסקי: פון לאגער אין לאגער
יוסף אקרוטני: אין קלעם
קאַדיע מאלאדאָווסקי: אמאָל איז געווען...
עוזר ווארשאווסקי: שמוגלארס
אברהם לעוו: א ליד נאָך אייך
בער י. ראָזען: טלאָמאַצקע 13
ד״ר עמנואל רינגעלבלום: צו דער געשיכטע פון יידן אין פּוילן
ד״ר יצחק שיפּער: קאַפּיטלען געשיכטע
הערשעלע: שבת אויפן טראַקט
יהושע פּערלע: יידן פון א גאַנץ יאָר

פרעסע־שטימען וועגן דער ביכער־סעריע

# דאָס פוילישע יידנטום

•

**משה גראָסמאן** שרייבט וועגן דעם בוך פון יאָנאס טורקאָוו „אזוי איז עס געווען" — חורבן ווארשע צוו. אנד. („קיום", פאריז, יוני 1948):

יאָנאס טורקאָוו איז געווען א טעטיקער אָנטיילנעמער אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון ווארשעווער געטאָ. ער קען אויסגעבונדן אלע קהלשע טוער, שרייבער, אקטיאָרן, פלאסטיקער, וויסנשאפטלער און מעדיקער. ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער אונטערערדישער ארבעט, ביים איינשאפן געווער און בכלל געווען אקטיוו אין א סך אקציעס. ער ווייסט וואָס און ווי אזוי צו דערציילן, דאָס הייסט פשוט פארצייכענען דאָס סאמע וויכטיקסטע און נייטיקסטע. ער דערציילט אלץ אָפן, סיי לשבח, סיי לגנאי. האָבן חשובע מענטשן זיך איינגעבראָכן און פארקויפט זייער געוויסן, מעג דאָס וויסן די יידישע געזעלשאפט.

אין דעם בוך ווערן דערמאָנט נעמען פון העכער עלף הונדערט פערזאָן. עס קאָן דינען ווי א האנטבוך, ווי אן אינפאָרמאטאָר וועגן אלע פאסירונגען אינעם ווארשעווער געטאָ־לעבן ביזן אפריל־אויפשטאנד. ער האָט דאָס אלץ פארשריבן נישט פון זכרון, נאָר לויטן טאָג־בוך וואָס ער האָט געפירט. פארן אריבערגיין אויף דער ארישער זייט האָט ער דאָס טאָג־בוך מיט נאָך אנדערע דאָקומענטן באגראָבן אין א גערטנדל אויף מילנע גאס. נאָך דער באפרייאונג האָט ער עס צוריק אויסגעגראָבן.

ווען מיר לייענען אזעלכע כראָניקעס, ווערן מיר, געוויינלעך, פארכאפט פון די צענטראלע געשעענישן, מען מוז אָבער שענקען אויפמערקזאמקייט אויך די צווייט־און ווייטער־ראנגיקע געשעענישן און ענינים.

אין געטאָ האָבן זיך געפונען א גרעסערע צאָל משומדים און אויך אזעלכע יידן, וועלכע האָבן אמאָל געלעבט און געשאפן אין דער פוילישער סביבה, שפראך און ווייניק וואָס געהאט בשותפות מיט יידן. אָבער דער יידישער גורל האָט זיי נישט געמיטן. דער וויסנשאפטלעכער און טאלאנטפולער שרייבער ברונאָ ווינאווער; דער פּאָפּולערער ראָמאניסט לעאָ בעלמאָנט (זיין ריכטיקער נאָמען איז בלומענטאל); דער מיטרעדאקטאָר פון „ראָבאָטניק" מ. בארסקי (זיין ריכטיקער נאָמען איז, דוכט זיך, שאפּיראָ), וועלכער איז באקאנט געווען פון זיינע אָפטע אנטיסעמיטישע ארטיקלען; דער אקטיאָר פון „טעאטער פּאָלסקי" מיכאל זניטש; דער רעווי־שרייבער אנדזשעי וולאסט; די דיכטערין הענריקא לאזאָווערט; דער בארימ־גלח טאדעאוש פודער און נאָך הונדערטער באקאנטע און בארימטע אינטעלעקטועלע און קינסטלער.

צוליב זיי טאקע האָבן די יידישיסטן אין געטאָ געמוזט קעמפן קעגן דעם שטארקן אסימילאציע־שטראָם פון פּאָלאָניזם, וואָס האָט א צייט באהערשט די געטאָ־גאס, דער עיקר אין די אינסטיטוציעס.

וועגן דער באציונג פון די פּאָליאקן צום געטאָ — שרייבן אלע מעמואריסטן מיט דער צאָרנדיקסטער פארביטערונג. אויך די בונדיסטן בערנארד גאָלדשטיין און וולאדקע רעדן וועגן דער דערשיינונג מיט וויטיק און צאָרן. דעם פּראָלעטארישן דיכטער קלמן לים איז געלונגען זיך צו ראטעווען פון די דייטשע מערדער בעתן פּאָגראָם אין דער אָט־

וואַצקער קינדער־סאַנאַטאָריע. ער האָט זיך גערעטעוועטפון די דייטשן און עס האָבן אים אומגעברענגט די פּאָליאַקן. טורקאָוו שרייבט וועגן דעם (זייט 351):

„קלמן ליס, וואָס האָט מיט א פּאָר קינדער פון זיין אנשטאלט באַוויזן צו אנטלויפן פון די דייטשע הענט און אויסבאהאלטן זיך אין דאָרף טעקלין, נישט ווייט פון אָטוואַצק, איז דערהרגט געוואָרן דורך א פּויער, וואָס האָט אים דערלאנגט מיט א שפּאדעל איבערן קאָפּ. צוויי טעג איז ער געלעגן און געגוססט. בעת דער אקציע זענען ביי א דריי טויזנט יידן זיך צעלאָפן אין די וועלדער און אין אנדערע שטעטלעך און דערפער, פונוואנען מען האָט זיי שפּעטער „אויסגעגעבן" און זיי זענען „ליקווידירט" געוואָרן פּונקט ווי די רעשט יידן פון אָטוואָצק".

דאָס לייענענדיק דערמאָנט זיך די באשרייבונג פון נחמן בליץ, ווי אזוי די אוקראַינער האָבן מיט שפּאַדעלס און שטעקנס דערהרגט דעם שרייבער אלטער קאציזנע.

בעתן פּאָגראָם וואָס די פּאָליאַקן האָבן געמאכט אין ווארשע, ערב פּסח יאָר 1940, שרייבט טורקאָוו:
„די הויפּט־העלדן פון די עקסצעסן זענען געווען די זינדלעך פון די ווארשעווער הויזוועכטער".

אצינד לאָמיר אויפמישן די שאנדבלעטער פון דעם חרפּה־קאַפּיטל: יידישער פאראט. דאָ מוז מען אראָפּלאָזן די אוגן צו דער ערד. יידישע פּארעטער, מוסרים, פּאָליציי, שאנטאזשיסטן, געשטאַפּאָוועצעם! — דאָס איז אונדזער נאציאָנאלער ראַק (קאנסער). דער ייִדיש־העברעאישער שרייבער יהודה ווארשאוויאַק איז געווען פּרעסע־שעף פון דעם באַרימטן „דרייצענטל" אין געטאָ, וואָס איז געווען א שטיק געשטאַפּאָ־אגענטור. יהודה ווארשאוויאַק! איך האָב אים געקענט. ווילט זיך זאָגן, אז שוין אין די גוטע, נאָרמאלע צייטן האָט מען געקאָנט פּאָראויסזען, אז אזעלכער איז אויף אלץ פעאיק. פאַראן פארברעכער, וועלכע באגייען נישט קיין פארברעכנס נאָר דערפאר, ווייל זיי האָבן נישט דערצו די פּאַסיקע געלעגנהייט, אנטשפּרעכנדיקע באדינגונגען. אָבער דאָס אלץ איז דאָך א קנאַפּע טרייסט, ווען דו לייענסט די באשריבענע פאקטן וועגן יידישן פאראט און געפאלנקייט. מעג דאָן די זון ווי ליכטיק שיינען, ווערט טונקל פאר די אויגן. די מסירת־נפש האָט באקומען א פלעק פון מסירה. די קדושה האָט באקומען א פּגם.

דער אמאָליקער העברעאישער לערער אברהם גאנצווייך, געהאט סמיכה אויף רבנות, געווען א מיטארבעטער פון דער פּראָווינצער יידישער פּרעסע אין פּוילן, איז לאנגע יאָרן געווען א פארבאָרגענער מיטארבעטער פון דער געשטאַפּאָ. אין געטאָ איז ער דאָס געווען דער אָנפירער פון דעם „דרייצענטל". ער איז אויך געווען א טאָפּל־געשטאלט, אין געהיים געראטעוועט יידישע קולטור־טוער, ווי גענס, דער פירער פון ווילנער יודנראט און רומקאָווסקי, דער משונהדיקער פירער פון לאָדזשער יודנראט. דער דייטש האָט זיי ווי געהעריק באלוינט — ער האָט זיי אלע ביז איינעם דערשאָסן.

עס איז כדאי אויך צו לייענען אויפמערקזאם אזעלכע שורות:

„די ארבעטס־מענטשן, וואָס האָבן נישט געהאט קיין געלט אויסצוקויפן זיך, אויך די אָרעמעלייט, זענען די ערשטע אריינגעפאלן" (בעת די אקציעס).

„צווישן א גרופּע אלטע לייט, געכאפּט אין מושב זקנים, וואָס איז געוואָרן אוועקגעפירט אויפן אומשלאגס־פּלאַץ, האָט זיך אויך געפונען א ברודער פון שלום אש..."

א טראגיש פּראָבלעם דרינגט ארויס דורך אָט די פּאָר שורות:

„אין דער ערשטער רייע באמיען מיר זיך צוראטעווען די קינדער פון די פּארדיוסטפולע עלטערן (מיין קורסיוו), הגם אין פּלאן איז צו ראטעווען אלע און אלץ — וויפל עס וועט זיך נאָר לאָזן".

עס איז א הארבע קשיא: צי מעג מען זיך רעכענען ביים ראטעווען קינדער לויט דעם זכות פון די עלטערן? דאָס הייסט, אז דער געבורט

דעציִדירט? אנשטאָט ראסע ווערט עליטע?

אָט אזוי וואקסט און געשווילט אָן א קנויל פּראָבלעמען, וועלכע זעגן אין מוח און זוכן באשייד.

לאָמיר נישט אנטלויפן פון די פארבלוטיקטע געטאָ־בלעטער, לאָמיר לייענען אָט די מצבה־ביכער, זיי דערציילן און לערנען אונדז א סך, א סך.

**נ. ב. לינדער** שרייבט וועגן ש. איזבאנס בוך „אומלעגאלע יידן שפּאלטן ימען" („דער טאָג", ניו־יאָרק, 3טער אָקטאָבער 1948):

אז עס וועט קומען צום שרייבן די געשיכטע פון דער אזוי־גערופענער „אומלעגאלער" יידישער וואנדערונג קיין ארץ ישראל, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן באלד נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה און גייט־אָן נאָך היינט, וועלן די היסטאָריקער נישט קאָנען זיך באקלאָגן אויף קיין מאנגל אין מאטעריאל. זיי וועלן געפינען די והותר אינפאָרמאציע פּראָטאָקאָלירט, פאָטאָגראפירט און רעקאָרדירט אויף כמה לשונות אין שריפט, אין בילד און אין קלאנג.

א מענטש מיט א געניט אויג און א שארף אויער קאָן נאָך אויפדעקן פאר אונדז גענוג פּרטים פון אָט דער בלוטיקער דראמע און דערמיט נאָך מער באררייכערן די אוצרות אינפאָרמאציע, וואָס וועלן זיין אומשעצבארער מאטעריאל פאר די קינפטיקע היסטאָריקער. אזא איינער איז דער באקאנטער בעלעטריסט ש. איזבאן, וועלכער האָט, אין דער ראָל פון א זשורנאליסט, מיטגעמאכט א נסיעה אויף א שיף מיט „אומלעגאלע" יידישע וואנדערער קיין ארץ ישראל.

עס זאָגט זיך גרינג „א נסיעה". אין אמתן איז דאָס געווען איין לאנגע קייט פון אנגסטן און מאטערנישן, מיט לעבן־איינשטעלעניש פאר א צוגאָב. עס איז א נסיעה פון לויטער נסים פון אָנהויב ביזן סוף. דאָס ווערט אייך רעכט קלאָר ערשט נאָכדעם ווען איר האָט געענדיקט לייענען זיין פיבערדיקע און צאפּלדיקע באשרייבונג פון אָט דער נסיעה, וואָס איז איצט ארויס אין א בוך מיטן נאָמען „אומלעגאלע יידן שפּאלטן ימען"

איר לייענט דאָס בוך און איר באוווּנדערט דעם מוט און קוראזש פון אָט דעם יונגן יידישן שריפטשטעלער, וואָס, כדי אליין צו זען און אליין איבערצולעבן די אלע פּיינען און פּלאָגן פון די אומגליקלעכע וואָגלער, האָט ער איבערגעלאָזט דאָ זיין באקוועמע היים און זיין פאמיליע — און זיך אוועקגעלאָזט אויף אזא סכנותדיקער נסיעה איבער ווייטע ימען אויף א שיף מיט „אומלעגאלע יידן", ווי ער רופט זיי.

דאָס איז איינס פון יענע געציילטע יידישע ביכער, וואָס, אז איר הויבט עס אָן לייענען, קאָנט איר דאָס בוך נישט ארויסלאָזן פון האנט ביז איר ענדיקט עס. וואָרים, חוץ דעם סיפּור־המעשה, וואָס האלט אייך אזוי געשפּאנט, אז אָפטמאָל הויבט עס אייך ממש פונעם בענקל, איז עס געשריבן פון אן אויסגעצייכנטן דערציילער. איזבאן קאָן די קונסט פון זאָגן א סך אין ווייניק ווערטער, און ער קאָן אויך מיט עטלעכע קורצע, אָנגעוואָרפענע שטריכן אָפּפּאָרטרעטלען פאר אייך א פארשוין אזוי לעבעדיק, אז איר שפּירט כמעט דעם פארשוינס אָטעם.

צי ער מאָלט איינעם פון די פּאסאזשירן, צי איינעם פון די שיף־אָנגעשטעלטע, אָדער דעם קאפּיטאן אליין — זעט איר פאר זיך דעם מענטשן אזוי ווי ער וואָלט געשטאנען א לעבעדיקער פאר אייערע אויגן. אָט זענען א פּאָר מוסטערן בלויז, ארויסגענומען פון קאפּיטל 9, וואָס הייסט: „פּאָרטרעטן פון אומלעגאלע מאטראָזן" זאָגט איזבאן:

„אָט איז אדריאן־אברהם פּיליפּס 28 יאָר אלט, א האָריקער, טונקלהויטיקער בחור. אין זיינע פארפעטסטע „אָוועראלס", מיט דעם רויטן, פארשלייפטן טיִכל אויפן קאָפּ, קוקט ער אויס ווי אן אָפּיום־שמוגלער אין מארסעי. ער איז געבוירן

אין ניו־יאָרק, קען נישט קיין יידיש.
פון פאך איז ער א מעכאניקער־אינ־
זשיניער, האָט געארבעט ביי פּילקאָ-
ראדיאָ און טעלעוויזיע. זיין באָבע
איז געווען זייער פרום, און דער זיי־
דע — א רעוורענד״.

א צווייטער פּאָרטרעט:

„דער שיף-פיערמאן יוסף גיל־
דען. ער רוקט זיך מיט שווערע
טריט. א געבוירענער פון באלטי־
מאָר. זיינע עלטערן קומען פון רוס־
לאנד. ער איז געווען א האי־סקול־
בחור. הויך, א ביסל אָנגעשוואָלן,
באוואקסן ווי א פארצייטיקער וואלד
מענטש. זיינע באוועגונגען זענען
לעפּישע, שווערע. ער האָט געדינט
פיר יאָר אין דער ארמיי. שפּעטער
געגאנגען אויף הכשרה. ביז דע־
מאָלט נישט געקענט קיין יידיש לע־
בן. האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער
מאנשאפט (פון דער „אומלעגאלער״
שיף) מיטן פּראקטישן צוועק זיך צו
באזעצן אין ארץ־ישראל און לעבן
אין א קיבוץ״.

האָט איר דאָ בלויז צוויי מוסטע־
רן פון א גאנצער גאלעריע טיפּן,
געצייכנט פלינק און צאַפּלדיק, אזוי
ווי נאָר די געניטע האנט פון א
מייסטער קאָן דאָס טון. דער עיקר
ווערט אָבער פון איזבאנס בוך, ווע-
גן וועלכן עס רעדט זיך דאָ, ליגט
נישט אין דער פאָרם, נישט אין ווי
אזוי דאָס בוך איז געשריבן, נאָר
אין דעם אינהאלט, אין וואָס דער
שרייבער האָט דאָרט צו דערציילן.
און אין אָט דעם פּרט איז דאָס בוך
„אומלעגאלע יידן שפּאלטן ימען״
אין זיך אליין א גאנצער אוצר פון
אינטערעסאנטער, אָטעם־פארכאפּנ־
דיקער אינפאָרמאציע וועגן דער
„אומלעגאלער״ יידישער וואנדערונג,
וואָס וועט בלייבן אן אייביקער
שאנד־פלעק אויף דער וועלטס היינ־
טיקער „ציוויליזאציע״.

אין אָט דעם בוך גיט אונדז דער
שרייבער א פול און קלאָר בילד פון
די אלע צרות און אָנשיקענישן, פון
די אלע אנגסטן, מאטערנישן און
שרעק, וואָס עס לעבן דורך די דאָ־
זיקע אומגליקלעכע, אויסגעוואָרצל־
טע יידישע וואָגלערס, וועמען דער
ביטערער גורל האָט געמאכט פאר
געיאָגטע און געפּלאָגטע „אומלעגא־
לע״ וואנדערער. אָבער איר זעט דאָ,
און איר פילט אויך, זייער עקשנות־
דיקע אנטשלאָסנקייט זיך נישט אונ־
טערצוגעבן; אויך זייער טיפן דראנג
צו לעבן און — להכעיס דער בייזער,
שלעכטער וועלט — לעבן ווי פרייע
מענטשן אין אן אייגן, באפרייט
היימלאנד.

און נישט דאָס אליין זעט איר
און פילט לייענענדיק דאָס דאָזיקע
בוך. איר באגעגנט דאָ אויך מענטשן
— יידן און א צאָל נישט-יידן, קינ־
דער פון פארשידענע נאציאָנאליטע־
טן, — וואָס זענען פעאיק אויף הע־
ראָאישע טאטן און שטעלן־איין די
אייגענע לעבנס צו העלפן די „אומ־
לעגאלע״ וואנדערער זיך דערשלאָגן
צו די ברעגעס פון ארץ־ישראל און
רעאליזירן זייער חלום צו לעבן ווי
פרייע מענטשן אין דעם לאנד פון
זייערע אבות.

אויך האָט איר דאָ א רעקאָרד פון
די רשעותדיקע אקטן, די מעשים־
תעתועים פון די בריטישע מאכט־
האָבערס און זייערע ים־„העלדן״,
וואָס יאָגן זיך נאָך די שיפן מיט
„אומלעגאלע״ וואָגלערס — מיט די
שוואכע, אויסגעמאטערטע מענער,
פרויען און קינדער — אזוי ווי די
דאָזיקע אומגליקלעכע פּליטים וואָל־
טן געווען מי יודע וואָסערע פאר-
ברעכער. איר פילט דערביי דעם שקר
און דעם חוזק פונעם ענגלענדערס
בארימען זיך מיט זיין ספּאָרט־גע־
פיל, וואָס האָט געמאכט אָט דאָס
געיעג נאָך „אומלעגאלע״ שיפן פאר
א מין יאגד אויף ווילדע חיות.

דאָס אלצדינג געפינט איר שארף
געצייכנט און קלאָר געמאָלן אין ש.
איזבאנס בוך, „אומלעגאלע יידן
שפּאלטן ימען״. ארויסגעגעבן דאָס
בוך האָט דער צענטראל־פארבאנד
פון פּוילישע יידן אין ארגענטינע.
דאָס בוך איז שיין געדרוקט און פיין
געבונדן און איז געצייכנט מיטן נו־
מער 28 אין דער ביכער־סעריע פו־
נעם דערמאָנטן פארבאנד. יעדער
יידיש־לייענער דארף זיך איינשאפן
דאָס דאָזיקע בוך. ער וועט אי עפּעס
לערנען דערפון און אי האָבן א
ווערק, וואָס איז כדאי צו האלטן
לזכרון פון דער איצטיקער בהלה־
צייט.

